לעאָן עלבע (ל. באַסיין)

# אין רויטען שיין

ניו־יאָרק

1919 — תרע״ט

שוועבן זאָל דורך די שורות;
ווי אַ ליכטיגער שטערן,
די נשמה
פון מיין פרוי און חבר:
לאה׳קע
וועלכע איז געשטאָרבען, נים מיט
איהר טויט, כ״ד אָב תרע״ז
(דעם 12טען אויגוסט 1917)

## עטליכע ווערטער

די זאַכען וואָס געהען דאַ אריין זיינען אַ טייל פון דעם וואָס איך האָב אָנגעשריבען אין די יאָהרען פון 1905 ביז 1917. דאָס יאָהר, איז וועלכען מיין ווייב און חבר, לאה'קע, איז פאַר דער צייט אַוועק פון דער וועלט.

די זאַכען זיינען צום ערשטען געדרוקט געוועזען אין פאַרשיידענע צייטונגען און זשורנאַלען אונטער פאַרשיידענע פסעוודאָנימען וועלכע איך האָב אָנגענומען, מעהרסטענס אונטער'ן נאָמען ליבע דער רויטער.

דאָס „רויטע העמדעל" איז געוועזען מיין ערשטע זאַך, און דערפאַר געהט דאָס דאַ אין בוך צום ערשטען. אָבער ווייטער געהען ניט די זאַכען אין אַ כראָנאָלאָגישען סדר. איך האָב בכלל דאַ ניט אָפּגעהיט קיין סדר, אויסער די איינטיילונג אין סקיצען און בילדער, הומאָרעסקעס און פעליעטאָנען.

די „מלחמה מיט'ן בעל" איז צום ערשטען ערשיענען אונטער'ן נאָמען „אליהו הנביא", און איז געוועזען געווידמעט מיין ערשטען רעדאַקטאָר און וועגווייזער דוד פּינסקי.

# דאָס רויטע העמדעל.

— מיסטער טעמקין ! — האָט זיך איינמאָל אָפּגערופען מי־סעס אייבעלסאָן צו איהר באָרדער, — איך האָב היינט אייער רויט העמדעל ארויסגעוואָרפען.

— וואָס ? ! — האָט אויף איהר טעמקין אויסגעשטעלט א פּאָר אויגען. — וואָס זאָגט איהר ? די רויטע רובאשקע ? !

— יעס סער ! — האָט מיסעס אייבעלסאָן געענטפערט מיט אַ שמייכעל, — די רויטע רובאשקע... מען האָט זי שוין לאַנג געדאַרפט ארויסוואַרפען... אויף וואָס טויג זי ? זי איז דאָך פול מיט לעכער, מען קען זי דאָך שוין ניט וואַשען... וואָס האָט איהר זיך אין איהר אזוי איינגעליבט ? איהר זיינט שוין, דאַנקען גאָט, ניט קיין גרינער. שוין צוויי יאָהר אין לאַנד. מען דאַרף געהן אָנגעטאָן ווי א מענש : מיט אַ דזשאַמפּער, מיט אַ קאָלער,

— און דאָ האָט איהר זיך איינגעליעפּעט אין אַ רויט העמדעל, אָדער רובאשקע ווי איהר רופט עס... איך וויים, וואָס אַ מענשען קען געפעלען זיין ! אַנטאָן אַ העמד־דעל אַ רויטס, ארויסגעלאָזען איבער די הויזען... ס'איז דאָך מיאוס... ווער געהט דאָס דאָ אזוי ? דאָ איז ניט יוראָפּ. איהר וואָלט מיר פאָלגען און ארויסשלאָגען פון זינען יוראָפּ מיט די רוסישע לידעלעך מיט די אַלע איבעריגע נאַריש־קייטען... און דאָס — אַ מענש שוין צוויי יאָהר אין לאַנד און רק רוסלאַנד, רוסלאַנד... כ'לעבען, שוין צייט איך צו פערגעסען זיך אַן דאָס חזיר'שע לאַנד...

טעמקין איז די גאנצע צייט געשטאנען פערטראכט און האט געשציפעלט מיט דער לינקער האנט זיין ניט גרוים קיילעכדיג בערדעל.

— אך, מיסעס אייבעלסאן! — האט ער ענדליך ארויסגע־רעדט, — צו וואס האט איהר דאס געטאן? וואס איז אייך גע־ווען פאר א היזק, אז זי איז געהאנגען אין בערדום?... וואו האט איהר זי ארויסגעווארפען?

— אין יארד... זי מוז נאך אפשר ליגען דארט, אויב א רענסמאן האט זי ניט צוגענומען.. אויב זי איז אייך זעהר טייער, קען מען געהן א קוק טאן...

זי האט געמאכט מיט די פלייצעס, קוקענדיג שוין מיט מיטלייד אויף טעמקין'ס פערכמארעטען און פערצאגטען פנים...

טעמקין איז גלייך ארוים פון הויז.

„יעדער מענש האט זיך זיינע משוגעת", האט מיסעס אייי־בעלסאן געטראכט. „געזעהן? א גאנצע מציאה! א צוריסען העמדעל! און דאכט זיך, א קלוגער מענש, א געלערנטער..."

אין א ווײלע ארום איז טעמקין געקומען צוריק.

— נו, וואס? — האב איהם געפרעגט מיסעס אייבעלסאן.

— ניטא. — האט טעמקין טרויעריג געענטפערט. — אך, צו וואס האט איהר דאס געטאן? א דאגה אייערע א גרויסע... איז א צוריסענע... איהר ווייסט ניט, ווי טייער זי איז ביי מיר געווען... אך, א־א־א....

— מען קען אויפנעהען אן אנדער העמדעל, וואס זאל זיין פונקט ווי דאס אלטע... נאר ווער טראגט דאס דא אזוינע העמדלעך?...

— וואס רעדט איהר? — האט ער געטשמאקעט מיט די ליפען. — איך דארף דוקא דאס צוריסענע... יאהרען און יאה־רען האב איך עס געהיט...

— דאס איז אפשר געווען א פרעזענט, מיסטער טעמקין?

טעמקין האט ניט געענטפערט.

— ווער זאָל דאָס וויסן? — האָט מיסעס אייבעלסאָן אַרויסגערעדט מיט פערדרוס. — איך האָב געמיינט, אַ העמדעל ווי אַלע... עס איז דאָך נאָך געווען אַ צוריסענס... צוליב אַ העמדעל מאַכען אַזאַ ווען! אַ דזשאַמפּער קאָסט 20—25 סענט...

טעמקין האָט זי שוין ניט געהערט. ער איז אַריין צו זיך אין צימער, האָט פערמאַכט די טיר און אויסגעצויגען זיך אויפ'ן בעט. ער האָט געבענקט נאָך דאָס העמדעל, און אויפ'ן האַרצען איז איהם געווען אַזוי מאָדנע שווער.

יאָהרענלאַנג האָט ער עס נאָך געטראָגען אין רוסלאַנד, דורכגעמאַכט אין דעם זעהר אַ סך פון דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף. עפּעס די גאַנצע קדושה איז געווען אויסגעגאָסען אויף דעם, און ער האָט עס דאָ געטראָגען ווי אַ פּאַנצער געגען די הערשענדע קאָרופּציאָן. יעצט האָט אַ רעגסמאַן עס צוגענומען און אַריינגעלעגט אין זיין זאַק מיט אַלע שמאַטעס צוגלייך...

יאָ, עס איז שוין געווען אַלט, צוריסען, דער קאָליר אַביסעל אַראָפּ... איין רים האָט עס געהאַט נאָך פון רוסלאַנד... אויפ'ן רעכטען אַרבעל: אויף אַ דעמאָנסטראַציע האָט איהם דער גאָראָדאָוואָי געשלעפּט אין אוטשאַסטאָק... דער גאָראָדאָוואָי האָט איהם אַזוי שטייף אָנגענומען מיט זיינע אייזערנע לאַפּעס, דאָס ער האָט איהם דאָס העמדעל צוריסען... ער האָט איהם דאַמאָלסט אַ שטיק פלייש פון לייב שיער ניט אויסגעריסען... ער האָט דעם רים נאָכדעם פערנעהט... פאָרענט איז עס געווען פערפלעקט אין טינט: ער האָט איינמאָל, העקטאָגראַפירענדיג פּראָקלאַמאַציעס, ניט ווילענדיג אויסגעגאָסען די טינט... דאָ, אין אַמעריקע, איז פון דעם העמדעל גאָר געוואָרען אַ תּל... די גאַנצע צייט, וואָס ער איז דאָ, האָט ער עס אַלץ געטראָגען: אין שאָפּ, אין שטוב, אין גאָס, אויף פערזאַמלונגען... אין שאָפּ האָט ער עס גאָר גע'פּטר'ט: איינגעשמירט אין אויל, פערשטויבט, געמאַכט בלאָטיג און שמוציג, אַז מען האָט שוין די פאַרב ניט געקאָנט דערקענען... ער האָט עס געגעבען אויס־

וואשען... דער בעל הבית פון לאנדרי האט צוגעשמייכעלט נעה־מענדיג עס אין האנט.

„וואס, מיסטער, א גרינער נאך? פון וואנען איז א לאנדס־מאן?"

דאס העמדעל איז געווארען ריינער, אבער די פארב איז געוועזען אזוי גוט ווי אין גאנצען אראפ. דאן האט עס זיך אנ־געהויבען צו רייסען... ער האט עס אלץ פעררירכט, געלאטעט, געזוכט רויטע שטיקלעך סחורה אויף צו לאטען עס... איין לאטע איז געווען פון געוואנט: ער האט ניט געפונען קיין אנדער סחורה, און אין שאפ האט זיך געוואלגערט אן אלט שטיקעל רויט געוואנט... אין שאפ האבען אלע געלאכט פון איהם... אנט־קעגען איהם, א מאשין איבער א מאשין, זיצט זיינער א לאנדס־מאן און ארבייט... אין דערהיים איז ער מיט איהם געווען אין איין ארגאניזאציע... שימהאוויץ... דאכט זיך, אין דערהיים גאר נישקשה פון א בחור געווען... האט געארבייט אין דער בעוועגונג זעהר גוט...

— טעמקין! — האט שימחאוויץ צו איהם איינמאל גע־זאגט. — אייך איז שוין צייט אויסצוטאן דאס העמדעל... גע־נוג, דאכט זיך, דאס אנגעטראגען אין רוסלאנד... דא — איז אמעריקע, א פריי לאנד... און גלאט, ווען עס וואלט נאך געווען א גאנצעס, און דאס איז עס שוין צוריסען אויף שטיקלעך, פערלאטעט... ס'איז מיאוס... מען קען זיך זיין א סאציא־ליסט און געהן אנגעטאן ווי א מענש... איהר האט דאך געזעהן דא, אין אמעריקע, די סאציאליסטען? וואס ס'איז שייך צום סאציאליזם — איז א סאציאליסט, און וואס ס'איז שייך צו מענטשעשאפט — דארף מען זיין א מענש... דא איז א לאנד א פראקטישעס... איהר ווייסט דאך, ווי די פרומע אידען זא־גען: וואס צו גאט — איז צו גאט, און וואס צו לייטען — איז צו לייטען... איך האב אויך געהאט א רויט העמדעל, איהר ווייסט דאך, האב איך עס שוין לאנג ארויסגעווארפען... ווער

וועט דאס טראגען אזוינע העמדלעך? טאקע, א חוץ אייך, טראגט קיינער ניט, און אלע קוקען אויף אייך ווי אויף א...
שימחאוויץ האט זיך פערהאקט.
— וואס ענדיגט איהר ניט? — האט איהם טעמקין געפרעגט מיט פעראכטונג. — ענדיגט, ענדיגט, שעמט זיך ניט... זאגט ווי אויף א משוגענעם... אה, שימחאוויץ!... איהר געדענקט אין דערהיים...
אוי, האט ער פיינט אט א דעם שימחאוויץ! עס עקעלט איהם פון זיין גלאט־אפגעגאלטען, זארגלאזען פנים, פון זיינע בלישצעדיגע האר, וועלכע זיינען דא אין אמעריקע פערקאמט געווארען מיט א „טייל“, פון זיין „דזשאמפער“ מיט'ן „קאלער“, מיט'ן „נעקטיי“... ער קען איהם ניט אנזעהן, ווען ער שטעהט די הענט אין די „באקעס“ און קוקט אזוי צופרידען מיט זיינע שמאלציגע אויגען... יא, ער האט זיך דא גאנץ פיין ארויפגעארבייט, ווי ער דריקט זיך אליין אויס, ער פערדיענט גאנץ פיין, ער האט שוין „אפגעסייווט“ אביסעל געלט אין באנק, ער דענקט איינגיכען צו קויפען א סטארקע, ווערען א ביזנעסמאן, חתונה האבען...
יא, פיעלע פון זיינע בעקאנטע האבען זיך ארויפגעארבייט דא... אט זלאטקין... ער געהט שוין אין קאלעדזש... ער זיצט ביי א מיידעל אויף קעסט און דערפאר וועט ער זי קרוינען אין עטליכע יאהר ארום מיט'ן טיטעל „דאקטארקע“...
גרינמאן איז שוין אויך א גאנצער קנאקער... פערלמאן... מאלע ווער, יעדער איינער... שוין ווייניג פון זיינע בעקאנטע פלאגען זיך... נאר ער איינער אליין פלאגט זיך אזוי שווער... ער איז נאך אלץ אן אפרייטאר. ער ווייס גארניט, וואס מיט איהם וועט זיין... א גאנצען טאג יאגט ער די מאשינקע, אין אווענט קומט ער צוגעהן אהיים אן אפגעמאטערטער, די פיס טוען איהם זעהר וועה, אין קאפ רוישט, עס ווילט זיך אפרוהען, ער קאן זיך פאר קיין זאך ניט נעהמען... ער קען נאך ניט גוט

קיין ענגליש... און ער קאָן זיך דען לערנען?... ס'איז ניט נאָך זיינע כחות... און צו וואָס וועט ער זיך גלאַט לערנען? ער וועט דען ווערען אַ דאָקטאָר אָדער אַ לאָיער? ער קען זיך דען אַמע־ריקאַניז־רען? ער דענקט דען גאָר צו בלייבען אין אַמעריקאַ־נער?... ער פיהלט, אַז ער איז געקומען אַהער אויף אַ ווייל'ע... דאָ איז ניט זיין היים... איהם ציהט אַהין, צו דער אַלטער היים, וואו עס שמאַכטען און ליידען זיינע ברידער.

ער וועט דאָ פערפאַלען ווערען, ווי דאָס העמדעל דאָס רויטע זיינע, ווי פיעלע פון זיינע בעקאַנטע... דאָ איז פאַר קיי־נעם קיין אָרט ניט...

וואָס האָט ער דאָ אויפגעטאָן פאַר די גאַנצע צוויי יאָהר? גאָרנישט מיט גאָרנישט! איהם עקעלט דאָ פון אַלץ: פון די מיטינגען, פון די מאַסענפערזאַמלונגען, פון די בעלער, פון די קאָנצערטען, פון די טעאַטערס, פון די צייטונגען, פון די דזשאַמפּערס מיט די קאַלערס מיט די נעקטייס, פון די שיך מיט די שנירלעך... ניין, ס'איז ניט דאָס! דאָרטען, אין דערהיים, ליעגט עפּעס אויף אַלץ אַ שטעמפּעל פון קדושה — און דאָ איז עפּעס אַלעס אַזוי וואָכעדיג... אין דערהיים אַ פערזאַמ־לונג!... אַה, ס'אַראַ חיות! אין וואַלד, אונטער'ן פרייען הי־מעל, אַלע געהען אָנגעטאָן אין העמדלעך, מעהרסטענטיילס אין רויטע (אַזוי ווי זיינס, וואָס די מיסעס האָט ערשט אַרויס־געוואָרפען), די לאַנגע האָר, די ערנסטע פּנים'ער... אין מיטען שטעהט דער אָראַטאָר, מאַכט מיט די הענט און רעדט מיט אַזאַ התלהבות! אַלע שלינגען זיינע ווערטער... מען איז אָפּגעמאַ־טערט... ארבייטער, זיי האָרעווען נעבעך, אַ גאַנצע וואָך מיט'ן ביטערען שווייס... אָבער קיינער ווייזט ניט אַרויס, אַז ער איז מיד, מען גענעצט ניט, מען דרעמעלט ניט... אַלע שטעהען אַזוי מונטער און וואַרטען נאָר אויף דעם ערשטען סיגנאַל, וועל־כער וועט זיי רופען צוזושמעטערן דעם איצטיגען רויבערישען פערפוילטען בנין...

טעמקין האָט ניט געקענט מעהר איינליגען. ער איז אויפ־געשפּרונגען פון בעטעל און אַנגעהויבען ארומצושפּרייזען אי־בער׳ן צימער. ער האָט זיך גע׳חקרנ׳ט, געוואָלט עפּעס בע־גרייפען, און אויפ׳ן הארצען איז איהם געוואָרען אַלץ שווערער און שווערער. סטייטש, דאַכט זיך דיזעלבע מענשען, און ווי זיי קומען אהער, ווערט פערלאָרען זייער התלהבות, זייער גבורה. אַך, אין דער היים! דאָרט האָט די בעוועגונג אַ צוציהונגס־קראַפט, זי עלעקטריזירט אַלעמען, און דאָ — איז אַלץ אזוי קאַלט... דאָ איז ניט אַ רעוואָלוציאָנערע ארמיי, נאָר קאַנצעלאַ־ריעס מיט בעאַמטע מיט קאַלטע פּנימ׳ער, וועלכע לייענען טרו־קענע פּראָטאָקאָלען...

און וואָס האָט ער דאָ געקאָנט טאָן? ער האָט די ערשטע צייט אַנגעהויבען צו אַרבייטען אין זיין לאַנדס־פעראיין, נאָר דאָס איז ניט די אַרבייט, וועלכע ער זוכט, צו וועלכער ער שטרעבט, צו וועלכער ער זאָל זיך קענען אָפּגעבען מיט לייב און זעלע... ער קאָן ניט זיין קיין בעאַמטער און ארומגעהן מיט דער פען פערשטעקט הינטער׳ן אויער... דאָס איז פאַר איהם קיין אַרבייט ניט...

ניין! וואָס איז די פּעולה! ער קען זיך בשום אופן ניט צופּאַסען צו די היגע לעבענס־פאָרמען... שטענדיג דענקט ער, אַז ער איז אהער פערשיקט געוואָרען אויף אַ געוויסער צייט, און ער וואַרט מיט אומגעדולד אויף דער גליקליכער צייט, ווען עס וועט זיך ענדיגען זיין סראָק — און היידאַ אהיים!... אָבער ווען וועט זיך ענדיגען זיין סראָק?...

ער האָט זיך געשטעלט ביים פענסטער און ארויסגעקוקט אין הויף, גלייך ווי ער וואָלט דאָרטען וועלען דערזעהן דאָס רוי־טע העמדעל. זיין פאַנצער, זיין פאַנצער האָט מען דאָס ארויס־געוואָרפען!

דאָס האָט איהם דאָך שטענדיג דערמאָנט אָן די פיזיש־שוואַכע און גייסטיג־שטאַרקע יונגע מענשען, וועלכע קעמפען

דארט אין דערהיים מיט אזא איבערגעבענהייט, מיט אזא שרעק־ליכען מוט!... דאס האט דאך איהם דערמאנט אן די טייכען בלוט, וואס ווערען פערגאסען אין דערהיים, אן די יונגע לע־בענס, וועלכע וועלקען און שמאכטען אונטער דער נאגאיקע אין די טורמעס, אין דעם קאלטען סיביר... דאס האט דאך געהאל־טען פריש אין זיין זכרון די גרויסע אידעאלען און דאס קענען אויפאפפערען זיך פאר זיי...

מען האט אנגעקלאפט אין טיר.

— קאם אין! — האט טעמקין געענטפערט, ניט אפקעה־רענדיג זיך פון פענסטער.

דאס איז געוועזן מרס. אייבעלסאן, וועלכע האט איהם גע־רופען צום סאפער.

טעמקין האט זיך אפגעקעהרט פון פענסטער און גענומען קאמען מיט זיינע לאנגע דארע פינגער זיינע לאנגע צושויבערטע האר.

— איז וואס זאגט איהר, מיסעס אייבעלסאן? דאס רויטע העמדעל איז פערפאלען?

— א דאנה אייערע א גרויסע! פון וואס איהר קענט זיך אפעסען דאס הארץ... שלאגט דאס ארויס פון זינען...

— אזוי מיינט איהר, הא?

— יא!... איך מיין, אז איהר זאלט נעהמען א העיר־קאט און א שייוו, אנטאן א דזשאמפער, א קאלער מיט א נעקטיי און זיין א מענש ווי אלע... ניט ארומגעהן אזוי אפגעלאזען, מיט א וויסקע ווי א פרומער איד... שוין צייט אייך געל צו ווערען...

— אך, מיסעס אייבעלסאן! איך בין שוין דא געל און גרין געווארען...

— נעווער־מיינד... איך וויים דא א פולע, וואס זיינען געוועזן אפרייטארס און יעצט זיינען זיי דאקטוירים, לאיערס... איהר זייט נאך א יונגער מענש... די וועלט איז נאך פאר אייך... נאר שלאגט פריהער ארויס יוראפ פון זינען...

— און איך מיין, אז מען דארף פאהרען אהיים! אהיים! אהיים! — האט טעמקין געגומען שוין שרייען.

— מאכט זיך ניט נאריש און זייט א מענש... — האט איהם מיסעם אייבעלסאן געזאגט מיט עטוואס פעראכטונג, — מאכט זיך ניט נאריש ווי א קליינער באיטשיק... פע! איהר זייט דאך א דערוואקסענער מענש... קומט עסען סאפער.

ער האט זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן בעט און געגומען נער־וועז שציפלען זיין בערדעל. מיסעם אייבעלסאן האט געמאכט מיט די פלייצעס.

— קומט עסען סאפער, — האט זי איבערגע'חזר'ט, אנ־קוקענדיג איהם ווי מען קוקט אן א ווילדען, און איז ארויס.

אבער ער האט זיך אויסגעצויגען אויפ'ן בעטעל און האט זיך פערטראכט...

.1905

## טאַטע־מאַמע.

הירשעל צימבעלמאַן איז האַסטיג אַראָפּגעשפּרונגען פון דראָשקע און איז אַריינגעלאָפען אין שטוב.

אין שטוב זיינען געזעסען און געוואַרט אויף זיין קומען, אויסער זיין טאַטע און זיין מאַמע, אויך פיעלע פון זיינע חברים און בעקאַנטע, מיידלעך און בחורים.

ער האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט אַריבערצוטרעטען די שוועל, ווי מען האָט איהם שוין אַטאַקירט פון אַלע זייטען און איבער'ן שטוב האָבען זיך פונאַנדערגעטראָגען קלאַנגען פון קושען...

הירשעל איז געשטאַנען ווי אַ צוטומעלטער און האָט ניט געוואוסט אויף וואָסער וועלט ער איז. ווי אין אַתרוג איז ער איבערגעגאַנגען פון איינעם צום צווייטען... ער האָט לחלוטין קיינעם ניט געקאַנט דערקענען — ער האָט קיין פּנים'ער ניט געזעהן, ער האָט נאָר געפיהלט הענט נעהמען איהם אַרום, ליפּען טשמאַקען איהם און הערצער קלאַפּען...

זיין מאַמע האָט זיך געריסען צו איהם, האָט איהם געוואָלט אַרומנעהמען, זיך צוקושען מיט איהם, האָט אַלעמען געשטויסען... ענדליך האָט זי זיך דערשלאָגען און מיט אַ היסטערישען געוויין איז זי איהם אַרויפגעפאַלען אויפ'ן האַלז...

זיין טאַטע איז געשטאַנען אינמיטען שטוב פערטראַכט... זיין פּנים איז געווען ווי מיט אַ כמאַרע פערצויגען. און ער האָט

אפט צוגעטראגען זיין לאנגע שווארצע, עטוואס גראהליכע בארד צום מויל...

ער האט שוין עטליכע מאל געמאכט א בעוועגונג אויף צוצוגעהן צו הירשלען, אבער די מאמע האט גארניט בדעה געהאט אפצולאזען איהר קינד. אט לאזט זי איהם אפ, און גלייך קריגט זי חרטה און פאלט ווידער ארויף מיט א געוויין איהם אויפ'ן האלז און דריקט איהם נאך שטארקער צו זיך.

דער טאטע איז געשטאנען און האט געווארט...

ענדליך האט די מאמע כליפענדיג אפגעלאזט הירשלען, און דער טאטע איז צוגעגאנגען צו הירשלען צוצוקושען זיך...

די מאמע האט אווארף געטאן איהרע פערוויינטע אויגען אויף הירשעל'ס בעקאנטע. זי האט עפעס אויף זיי געקוקט מיט אייפערזוכט, מיט האס, מיט צארן... זי האט זיך פון דאס נייע היסטעריש פאנאנדערגעווייגט, אפגעשטויסען דעם מאן פון הירשלען און איז איהם ווידער ארויפגעפאלען אויפ'ן הארצען...

— מאמע! — האט זיך הירשעל גענומען בעטען ביי איהר און טרערען האבען איהם געשטיקט. — וואס איז מיט דיר? וואס וויינסטו? מאמע! הער אויף!... לאז מיך אפ א ווייל... איך וועל אויסטאן דעם שינעל...

— ניין, איך וועל דיך ניט אפלאזען!... — האט זי גע־כליפעט, — מיין קינד! פינף יאהר האב איך דיך ניט געזעהן... און שוין זיינען ז י י אנגעפלויגען ווי די היישעריקען... ז י י האבען ניט געלאזען מיך אפילו צום ערשטען צוקושען זיך מיט דיר... א מאמען...

— טו לאז מיך, מאמע! איך וועל זיך אויסטאן... — האט זיך הירשעל געבעטען, לייכט רייסענדיג זיך פון איהרע ארעמס.

זי האט איהם אפגעלאזט.

הירשעל האט אויסגעטאן דעם סאלדאטסקען שינעל, אראפגעווארפען דאס היטעל און אוועקגעזעצט זיך ביים טיש.

— או—ף! — האט הירשעל אויפגעאטעמט, ארויפקע־מענדיג מיט די פינגער זיינע האר.

די מאמע האט זיך גענומען דרעהען ארום איהם, ווישענ־דיג די טרערען פון די אויגען... א לייכטע רויטקייט האט בע־דעקט איהרע איינגעפאלענע באקען, איהרע אויגען האבען גענו־מען שטראלען פאר שמחה. דאס טיכעל האט זיך איהר אראפ־גערוקט פון קאפ און עס האבען זיך בעוויזען איהרע טונקעלע שוין אין פיעלע ערטער גראה געווארענע האר...

— וואס, הירשעלע? — האט זי איהם געקוקט אין די אויגען אריין, — וועסט טרינקען טיי, צי א קאטלעט מאכען דיר?

און ניט ווארטענדיג אויף אן ענטפער, איז זי גלייך אוועק־געפלויגען אין קיך...

דער טאטע האט זיך אוועקגעזעצט אנטקעגען הירשלען. גענומען גלעטען די בארד און בעטראכט הירשלען פון קאפ ביז די פיס.

הירשעל׳ס בעקאנטע האבען זיך אויך געזעצט. וואו ווער עס האט געפונען אן ארט. זיי האבען זיך אנגעהויבען שטיל שוש־קען צווישען זיך...

איינער פון די בעקאנטע איז צוגעגאנגען צו הירשלען, און א קלאפ געטאן איהם איבער׳ן פלייצע.

— הירשעל, איך דארף דיך אויף עפעס האבען...

הירשעל איז אויפגעשטאנען און אפגעגאנגען מיט איהם אן א זייט. דער בעקאנטער האט אנגעהויבען מיט איהם סוד׳ען זיך. האלטענדיג איהם פאר׳ן לאץ פון מונדיר. הירשעל האט דערביי צופרידען צוגעשאקעלט מיט׳ן קאפ. עס זיינען צו זיי צוגעגאנגען נאך אייניגע און דאס געשפרעך איז געווארען לעבע־דיגער... מען האט אנגעהויבען צו רעדען העכער, מאכען מיט די הענט, לאכען...

דער טאטע האט גענומען די בארד אין מויל און בייז און

פערדעכטיג געקוקט אין זייער זייט. זיין פנים איז געווארען נאך פינסטערער ווי פריהער און ער האט זיי אלעמען געשטא־כען מיט די אויגען...

„זיי הודזשען שוין ווי די בינען..." האט ער געמורמעלט פאר זיך.

די מאמע האט געבראכט צושלעפען דעם סאמאוואר.

— נו, שוין פארטיג טיי. — האט זי געזאגט, אפווישענדיג מיט'ן פארטוך דעם שוויים פון פנים. — וואו איז ער?... זעהט, קרוינעלאך, דאס איז דאך מיני גזלנים... קיין אידיש הארץ איז דאך ביי זיי ניטא... ערשט פון וועג... פערמאטערט... און מען לאזט איהם שוין נית צוחה... איהר וועט נאך האבען צייט!

— איך וואלט אויך אזוי זאגען, — האט דער טאטע ארויסגעמורמעלט.

— געה, הירשעלע, צום טיש... — האט זי זיך געבעטען.

— געה, נעהם עפעס אין מויל... און איהר, חברה־לייט, וואלט איך אייך בעטען, אריינקומען אן אנדערש מאל, אין א געראמע־רע צייט... לאזט איהם איצט צורוה... ס'איז א גרויסע עולה פון אייך. איהר דארפט פונדעסטוועגען האבען גאט אין הארצען און נית דולען איהם איצט א קאפ מיט אייערע מעשיות...

— בהמה איינע! — האט דער טאטע געמורמעלט. — צו וועמען רעדסטו? דאס זיינען דען מענשען?... עט!

און ער האט א מאך געטאן מיט דער האנט, א דרעה גע־בענדיג דערביי די אויגען אן א זייט.

הירשעל'ס בעקאנטע האבען זיך אנגעהויבען ביסלעכווייז פאנאנדערגעהן. זיי האבען איהם מיט ליבשאפט געדריקט די האנט.

הירשעל איז געשטאנען, די הענט אין די קעשענעס פון די הויזען, שאקלענדיג זיך מיט'ן גאנצען קערפער... די אויגען זיינע האבען געפינקעלט, די ליפען קאקעטיש צוזאמענגעפרעסט און צו יעדערן האט ער צופרידען געשאקעלט מיט'ן קאפ.

— ווּעסטו קומען, הירשעל? — האָט איהם איינער אַ פרעג געטאָן אוועקגעהענדיג.

דער טאַטע האָט אַ זיפץ געטאָן. די מאַמע האָט אויפגע־עפענט דאָס מויל... מיט שרעק האָט זי געוואָרפען איהרע אויגען דאָס אויף הירשלען, דאָס אויפ'ן פרעגער...

— וואוהין איז דאָס, הירשעלע? — האָט זי קוים ארויס־גערעדט, — ווייטער צו זיי?...

* * *

אין שטוב זיינען געבליבען דער טאַטע, די מאַמע, און הירשעל.

דער טאַטע איז געזעסען פערטראַכט און האָט אַלץ גע־טראָגען די באָרד צום מויל, און די מאַמע האָט זיך ארייננגעלאָזען אין אויספרעגען און אויסדערצעהלען. זי האָט גערעדט אַ סך און וואָרעם, דאָך גאַנצע פינף יאָהר, אז זי האָט איהם ניט גע־זעהן, ניט גערעדט מיט איהם. די בריף, וועלכע זיי פלעגען פון איהם קריגען, זיינען געווען אזוי זעלטען, אזוי קורץ און מאָגער, אקוראַט ווי ער וואָלט קיינמאָל גאָרנישט געהאַט צו זאָגען זיין טאַטע־מאַמע.

דער טאַטע האָט עטליכע מאָל אויפגעמאַכט זיין מויל צו זאָגען עפּעס און יעדעס מאָל אָפּגע'פּטר'ט מיט אַן אומבעשטימ־טען טאָן. ענדליך האָט ער דאָך גענומען דאָס וואָרט.

— איך וואָלט וועלען... נאָר... מאָלע וואָס איך וואָלט ווע־לען...

די מאַמע און הירשעל האָבען אויפגעהויבען אויף איהם פערוואונדערט די אויגען.

— איך האָב געמיינט, הירשעל, — האָט ער ענדליך ארויסגערעדט, — ביסט אויף סלוזשבע אַנדערש געוואָרען... איך האָב געמיינט, דו האָסט דיינע נאַרישע מעשיות ארויסגע־שלאָגען פון קאָפּ... ווּעסט שוין מיט חברה מעהר קיין געשעפּ־טען ניט האָבען... איך האָב געמיינט, ביסט געוואָרען אַ מענש...

די מאַמע האָט בעגריפען און אונטערגעכאַפּט דעם טאַ־טענ׳ס טעמע אויף איהר אופן.

— דו ווייסט גאָרניט, מיין זוהן! דאָס האַרץ האָט אונז וועה געטאָן וואָס דו דיענסט... איך האָב מיר ברוך השם מיינע אויגען אויסגעוויינט... נאָר פונדעסטוועגען פלעגען מיר צייטענווייז צופרידען זיין, וואָס דו ביסט אַ סאָלדאַט... דו וואָלסט דאָ געווען, וואָלסטו שוין לאַנג געווען איך ווייס וואו... וואו די אַלע חברה־לייט... ווי די הינט האָט מען זיי געשלעפּט... אַלע נאַכט פלעגט מען צונעהמען, ניט פאַר דיר געדאַכט, מי יודע וויפיעל. מען האָט אָנגעשפּאַרט פול מיט זיי די אוטשאַסטקעס, די אַסטראָגען, ס׳איז שוין קיין אָרט ניט געווען... מען האָט זיי דאָרט געשמיסען, געשלאָגען... אַ פולע האָט מען פערשיקט און מען ווייס גאָרניט, וואו זייערע ביינער זיינען אהינגעקומען... וואָס פאַר אַ יללות און חורבנות עס האָט זיך אָפּגעטאָן אַ־ין די הייזער! אַי, הירשעלע, מיר האָבען גאָט געדאַנקט, וואָס דו ביסט ניטאָ אין דערהיים... מיינסט, איז דיך איינמאָל ניט געווען עפּעס אַ „זאַנדאַר“ פרעגען? מיר האָבען איהם געזאָגט, דו דיענסט...

דער טאַטע איז ניט שטענדיג צופרידען, ווען די מאַמע פאַלט איהם אריין אין די רעד. דאָס מאָל האָט עס איהם דוקא ניט געאַרט. איהם איז שווער געווען צו רעדען מיט הירשלען. זי האָט איהם פערשפּאַרט אַ שטיק אַרבייט.

— הער אויף, הירשעלע, צו האָבען געשעפטען מיט די חברה! געננוג... — האָט דער מאַמע׳ס קול געציטערט. — וואו־הין האָט דאָס דיך דער בחור געדופען? זעה... הירשעלע, ווער אַ מענש! געננוג... ביסט שוין ניט קיין אינגעלע... איך האָב שוין מיט׳ן טאַטען גערעדט... מיר וועלען זעהן קריגען פאַר דיר אַ גוטע שטעלע... דער טאַטע האָט זיך שוין געזעהן מיט זלמן שטיין. ער דאַרף ביי זיך אין געשעפט האָבען אַ בוכהאַלטער. נו, און מיט דער צייט וועט זיך מאַכען אַ רעכטער שידוך... לאַ־

מיר האבען נחת פון דיר... מיר האבען דאך אין גאנצען דיך איינעם דא... יענע זיינען, ברוך השם, אין אמעריקע... ווער הערט פון זיי? ווער ווייסט פון זיי?... גאט ווייסט, צי מיר וועלען זיך נאך זעהען... זעה, הירשעלע, האב רחמנות אויף דיר און אויף אונז!...

זי האט זיך פאנאנדערגעוויינט. דער טאטע האט געקוקט הירשלען אין די אויגען...

הירשעל האט זיך נערוועז אויפגעהויבען פון שטול און גע־נומען ארומגעהן איבער'ן שטוב, קנייטשענדיג דעם שטערן.

— זעהט, איך בעט אייך, — האט ער געזאגט מיט פער־דרוס, — לאמיר דאס לאזען... דאס איז אן אלטע געשיכטע און מיר האבען שוין גענוג גערעדט וועגען דעם... איהר וועט מיך ניט איבערשטעלען...

טאטע־מאמע האבען זיך איבערגעקוקט.

הירשעל האט גענומען אנטאן דעם שינעל.

— וואוהין געהסטו שוין? — האט די מאמע געפרעגט האלב דערשראקען.

— וואס פערשטעהסטו ניט, בהמה איינע? — האט דער טאטע זיך אפגערופען, — צו זיינע חברה לייט... דו מיינסט אודאי, ער איז געקומען צו פאהרען צו אונז? א נעכטיגער טאג... ער איז געקומען צו זיי... צו זיי... צו זיינע „ציצעלים־טען"... וואס איז? ביי זיי איז פאראן דען טאטע־מאמע?...

הירשעל איז ארויס פון שטוב ניט רעדענדיג קייןווארט.

די מאמע האט פערבראכען די הענט.

— אז איך האב אלע מאל גע'טענה'ט, — האט דער טאטע געקלאפט איבערן טיש, נאכדעם ווי הירשעל איז ארויס, — ס'איז גארנישט מיט גארנישט... פלעגסט מיך רק יאדען, פאר־וואס זעה איך איהם ניט ארויסנעהמען פון פריזיוו, פארוואס האב איך איהם געלאזען געהן דיענען, פארוואס סטארע איך זיך ניט ווי לייטישע טאטעס... נאר איך האב געוואוסט... איך האב

איהם פאר חברה ניט געוואָלט אַרויסנעהמען... חברה דאַרף איהם האָבען — טו זאָלען זיי איהם אַרויסנעהמען... איך דאַרף איהם אויף כפּרות! איך האָב אַלע מאָל דאָס גע'טענה'ט... נאַר דו ביסט אַ נאַרישע אידענע, אַזוי ווי אַ בהמה מיט איהרע קעלבער... אַ קלייניגקייט! דעם נחת וואָס מיר האָבען פון איהם געהאַט... מילא, איז ניט צו גאָט, איז צו לייטען, און דאָס איז גאַרנישט...

ער האָט אויסגעשפּייט.

— פול די שטוב איז מיט זיי געווען, — האָט זיך די מאַמע פאַנאַנדערגע'טענה'ט, — שוין האָבען זיי איהם אָוועקגעשלעפּט, אפילו קיין וואָרט ניט געלאָזט אויסרעדען מיט איהם...

— גאַרנישט, — האָט דער טאַטע גערעדט ווי צו זיך,— איך האָב געמיינט... אדרבא, זאָל ער געהן דיענען, זאָל ער ווערן אַ מענש... איך האָב געמיינט, דער קיסר וועט איהם אַריינגנעהמען אין זיינע הענט, וועט ער איהם עפּעס אויסמענשלען, אַרויסשלאָגען איהם פון קאָפּ אַלע פּוסטע מעשיות... ערשט, ער איז ניט אַנדערש געוואָרען אויף אַ האָר... אַלץ דער זעלבער... ער וועט שוין, הפּנים, בעסער ניט ווערען... ווי עס ווייזט אויס, איז דאָס אַ מין קליפּה... עס ציהט, עס לאָזט ניט צורוה...

די מאַמע האָט פער'דאגה'ט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. דער טאַטע איז אויפגעשטאַנען און גענומען אַרומגעהן איבער'ן שטוב.

אין דרויסען איז געוואָרען אַ גרויסער ווינט. מיט כעס האָט ער גענומען רייסען די לאָדען פון די פענסטער, די שילדען פון די קראָמען, די היט פון די קעפּ פון די דורכגעהער... ער האָט אַלעמען געיאָגט און געטריבען, זיי זאָלען געהן וואָס שנעלער, שנעלער...

און דער הימעל האָט זיך פערצויגען מיט שוואַרצע געדיכטע וואָלקענס און אין שטוב איז געוואָרען פינסטער...

און עס האָט אַ בליץ געטאָן...

און דער בליץ האָט בעלויכטען די פינסטערע שטוב מיט די פערחושך'טע פנים'ער פון טאַטע־מאַמע... און אַ שווידער איז דורכגעגאַנגען זייערע לייבער...

און דער דונער האָט אַ קראַך געטאָן... און די שטוב האָט זיך אַ טרייסעל געטאָן... און טאַטע־מאַמע זיינען געוואָרען בלייך ווי קאַלך... און זיי האָבען אָנגעהויבען ציטערן...

„ברוך אתה ה' אלהינו, מלך העולם, שכחו וגבורתו מלא עולם!“ האָט דעם טאַטען'ס קול געציטערט.

די מאַמע האָט איהם נאָכגעשעפּצעט די ברכה איבער'ן דונער, און דאַן האָט זי געקלאָגט:

— אָה, אין אַזאַ וועטער!... וואו האָט ער דאָס געקענט אַוועקגעהן?...

דער טאַטע האָט אויף איהר אַ קוק געטאָן...

— אַך, בהמה איינע! זי ווייסט שוין גאָרניט, וואו ער איז אַוועק... יאָ, טאַקע שוין פינף יאָהר... האָסט געקענט פערגעסען... איך האָב זיך אָבער נאָך ניט פערגעסען... מיר ליגט דאָס אַלץ גוט אין מאָגען... דער תכשיט דיינער קאָסט מיר היבש געזונד... און זי מאַכט זיך נאָך תם'עוואַטע, און פרעגט, וואוהין ער איז אַוועק אין אַזאַ וועטער! ער איז אַוועק אהין, וואו ער איז געגאַנגען פאַר פינף יאָהרען, פאַר זעקס יאָהרען, פאַר זיבען יאָהרען... ער איז אַלץ דער זעלבער...

און עס האָט ווידער אַ בליץ געטאָן, און ווידער האָט דער דונער אַ קראַך געטאָן...

# דער אינוואַליד.

זעליג דער מוליער איז אינגאַנצען אַלט אַ יאָהר עטליכע און דרייסיג, און פערמאַגט אַ פינף קינדערלעך, פון וועלכע דעם עלטערן איז צוועלף יאָהר. מיט פינף יאָהר צוריק איז זעליג ביי דער אַרבייט אַראָפּגעפאַלען פון אַ „ריסטאַוואַניע" און האָט צובראָכען ביידע פיס, און פון דאַמאָלסט אָן געהט ער אום אויף קוליעס. אייגענטליך, געהט ער ניט אום, נאָר ער זיצט כמעט דעם גאַנצען טאָג אין שטוב, און די איינציגע שפּייזערין פון דעם געזינד איז יעצט זיין ווייב באַשע, וועלכע טראָגט ארום געקאָכטע באָב און אַרבעס צום פערקויפען. נאָר אַזוי ווי פון באַשע'ס פּרנסות קומט אויס פיעל מאָל צו הונגערן און אויך צו ליידען קעלט, קומט אויס זעליג'ען אַראָפּצוגעהן איין מאָל אין טאָג אין „חונן-דלים" אויסצובעטען דאָרט אַ לעבעל ברויט און ווינטער אויך אַ וועגעלע האָלץ.

אַ זייגער ניין אינדערפריה גיט זעליג אַ ריב אַ האַנט אָן האַנט און גיט שטרענג אַ זאָג צו דעם אַכטיאָהריגען בערעלען:

— רוזשיאַ! *)

און דער אַכטיאָהריגער בערעלע פערשטעהט וואָס דער טאַטע מיינט, און דערלאַנגט איהם גלייך די צוויי קוליעס. בערעלע ווייסט, אַז דער טאַטע איז אַמאָל געווען אַ סאָלדאַט. ער האָט עס מיט די אויגען ניט געזעהן; ער איז נאָך דאַמאָלסט

---

*) די ביקס אַהער!

ניט געבאָרען געוואָרען, און דער טאַטע איז נאָך דאַמאָלסט גע־ווען אַ בחור, נאָר ער פלעגט הערען, ווי דער טאַטע פלעגט רק דערצעהלען מעשיות פון „סלוזשבע“, און אויפ'ן וואַנט הענגט נאָך אַ קאַרטע פון טאַטען, בעת ער איז געווען אַ סאָלדאַט. בערעלע פלעגט אָפט אַראָפּנעהמען די קאַרטע פון וואַנט און קלייבען נחת פון איהר... אָט טאַפּט ער אָן מיט די פינגערלעך די קאָקאַרדע פון היטעל, גלעט דעם ווייסען „אַקאַלישעק“, די „פּאָ־לעטען“ און ער פרעגעלט זיך פאַר שמחה... דאָס הערצעל צאַ־פּעלט איהם, די אויגעלעך פינקלען... ס'אַרא שעהנער טאַטע! ניט אַזוי ווי איצטער, אַ קאַליקער מיט אַ שוואַרצען געשטופּעל־טען פּנים, מיט אַ גרויסער שוואַרצער באָרד... אויפ'ן קאַרטע האָט ער גאָר קיין באָרד ניט, נאָר אַ פּאָר שוואַרצע אויסגעדרעה־טע וואָנצעס! און בערעלע האָט אַ סאָלדאַט האָלט געהאַט ווי דאָס לעבען! ער פלעגט אויף אַ סאָלדאַט קוקען מיט אַזאַ יראת־הכבוד, מיט אַזאַ רעספּעקט... און פאַר אַלע קינדער פלעגט ער זיך שטענדיג בעריהמען, אַז זיין טאַטע איז אַמאָל אויך גע־ווען אַ סאָלדאַט, און ווען מען פלעגט איהם ניט וועלען גלויבען, פלעגט ער גלייך אַריינפליהען אין שטוב, אַראָפּנעמען די קאַרטע פון וואַנט און געטראָגען זי בעווייזען.

— מיינסט, מיין טאַטע איז געווען אַלע מאָל אַ קאַלי־קער? — פלעגט ער טענה'ן און טרערען פלעגען ביי איהם אָנ־הויבען בלישצען אין די אויגען, — מיין טאַטע איז געווען אַ מוליער... ער איז אַראָפּגעפאַלען...

און בערעלע האָט דעם טאַטען זעהר האָלט און האָט אויף איהם זעהר רחמנות, כאָטש דער טאַטע פלעגט שטענדיג אין שטוב שרייען אויף אַלעמען און בייזערען זיך... און בערעלע ווייס, אַז דער טאַטע האָט איהם אויך האָלט, נאָך מעהר פאַר חיים'קען, גישינקען, פּערעלען און רייזעלען... בערעלע דרעהט זיך אַרום דעם טאַטען שטענדיג, דערלאַנגט איהם אַלץ וואָס ער דאַרף, און די דאָזיגע אַרבייט טוט ער מיט אַזאַ שמחה! ווי

דער טאַטע לאָזט נאָר אַרויס אַ וואָרט פון מויל, גלייך פליהט בערעלע צו טאָן עס, פּונקט ווי ער וואָלט מורא האָבען, אַז חיים'קע, גישינקע אָדער פערעלע זאָלען ביי איהם ניט אַרויס־כאַפּען... דער טאַטע רופט איהם: „אַדיוטאַנט מיינער"... בערע־לע ווייסט ניט, וואָס דאָס וואָרט בעטייט, נאָר ער קלערט, אַז „אַדיוטאַנט" מוז זיין מסתמא אַזאַ מענש אָדער אַ סאָלדאַט... דער טאַטע זאָגט עפּעס נאָך אַ פּולע ווערטער, וואָס בערעלע ווייסט ניט די בעדייטונג פון זיי. נאָר „רוזשיאַ", ווייסט ער, איז אַ ביקס, „שאַגאַם מאַרש", דאַרף מען אָנהויבען גיהן, און אָנהייבען גיהן דאַרף מען מיט דעם לינקען פוס און מאַכען מיט די הענט אזוי, דאָס ווען מען שטעלט אַוועק דעם לינקען פוס, דאַרף מען אַ מאַך טאָן מיט דער רעכטער האַנט, און ווען שטעלט אַוועק דעם רעכטען פוס, דאַרף מען אַ מאַך טאָן מיט דער לינקער האַנט... דער טאַטע לערנט איהם זיך „מושטירען"... חיים'קע געהט אין „תלמוד־תורה"... ער, בערעלע, איז אויך גענאַנגען, נאָר ער איז געווען קראַנק, געהט ער איצט ניט. איז אַז דער טאַטע קומט פון „חונן־דלים" זעצט ער זיך אַוועק אויפ'ן סאַפקע און בערעלע נעהמט דעם שטעקען פון בעזים, וועלכער דיענט איהם אַלס ביקס, און דער טאַטע הייבט איהם אָן צו „מושטירען"... גישינקע און פערעלע שטעהען די פינגער אין די מיילכעלעך און קוקען אויף איהם, אויף בערעלען, מיט קנאה... די קליינינקע רייזעלע שאַרט זיך איבער דר'ערד, קלייבט פּאַפּירלעך, זאַמד און לעגט אין מויל... זיי זיינען מיידלעך און ער איז אַ אינגעל. ער וועט ווערען אַ גרויסער, וועט ער אויך זיין אַ סאָלדאַט... חיים'קע, זאָגט דער טאַטע, וועט ניט זיין קיין סאָלדאַט: ער איז אָן עלטערער, איז ער אַ „ליהאָטניק"... אַי, חלש'ט זיך איהם, בערעלען, זיין אַ סאָלדאַט!... ער „מושטירט" זיך מיט חשק, טוט אַלץ וואָס דער טאַטע הייסט איהם... נאָר די מאַמע קוקט עפּעס שטענדיג בייז... רק זי איז אין כעס... זי קומט פון גאַס, ניט בייז אַ קוק אויפ'ן טאַטען און אויף איהם,

אויף בערעלען, גיט א שאקעל מיט'ן קאפ און זיפצט... זי ווארפט אלץ, זי שליידערט, זי שלאגט גישינקען, פערעלען און רייזעלען אויך... זי רעדט עפעס, זי שילט זיך... בערעלע האט פאר איהר מורא, נאר דער טאטע הערט קיין זאך ניט און לערנט איהם זיך ווייטער „מושטירען". ווען ער קאנטשעט, לויפט ער, בערעלע, ארויס אויפ'ן גאס און ווייזט זיינע חברים זיין קונסט... ער ווערט ביי זיי אן אפיצער און ער לערנט שוין ז י י זיך „מושטירען"...

* * *

אז בערעלע דערלאנגט אינדערפריה דעם טאטען די קור־ליעס, שטעלט זיך זעליג אוועק אויף זיי, גלייכט זיך אויס „פאד־סאלדאטסקי", גיט א הוסט און רעדט ארויס מיט זיין גראבען קול:

— נו, קינדער, זעהט, ניט קעהרט די וועלט, ביז די מאמע וועט קומען! שאגאם מאריש! איך געה...

און ער גיט א טראט מיט דעם „לינקען פוס", זיך סטארענ־דיג צו האלטען דעם קאפ גלייך, און ער געהט ארויס פון שטוב.

פון שטוב ביז צום „חונן־דלים" איז א היבשער מהלך; און ביי איהם נעהמט דאס זעהר לאנג צו געהן, נאר ביז עלף וועט ער פערגעהן און דארטען זיצט מען ביז צוועלף.

ער געהט איבער'ן גאס שטאלץ און קלאפט מיט די קוליעס איבער'ן טראטואר.

ער שטעלט זיך אפ א ווײלע אפצורוהען, כאפט אפ דעם אטעם, גיט א זיפץ, און מורמעלט:

— אן אטסטאוונאי סאלדאט... פערציג וויארסט א טאג פלעגען מיר אמאל אפקלאפען אויף מאנעווערעס... גיטא איצטער די כחות... דער אטעם פערכאפט...

און ער פערטראכט זיך...

— נו, מען דארף געהן... איך וועל נאך פערשפעטיגען...— מונטערט ער זיך און נעהמט געהן ווייטער.

ער שטעלט זיך אָפּ נאָך אַ מאָל און פּערקוקט זיך אויף אַ דריישטאָקיג הויז... ער גיט אַ זיפץ...

— דאָס איז דאָך מיין ארבייט! פיינע ארבייט! גילדער־נע הענט זיינען ביי מיר געווען... אהאָ, זעליג דער מוליער! שוין איינמאָל אַ בעל מלאכה געווען!

צוועלף רובעל אַ וואָך פלעגט ער זומער פערדיענען... ווינ־טער איז אפילו שלעכט געווען, נאָר מען פלעגט ווי עס איז זיך דורכלעבען... פאַר פסח פלעגט ער אוועקגעהן אין אַ פאַדריאַד פון מצות פאַר אַ זעצער... צו זיין „זעצען" איז ניט געווען קיין גלייכען... פון פינף פאַרטאָג ביז איינס אָדער צוויי ביינאַכט פלעגט ער „אָפּזעצען" און אויב עס פלעגט איהם ארען! פסח אפילו פלעגט ער זיך פיהלען ניט אם בעסטען... די פיס פלעגען איהם חלש'ען, די ביינער פלעגען איהם ברעכען, דער קאָפּ פלעגט איהם וועה טאָן... נאָר ווער האָט דאָס צייט געהאַט צו טראַכטען אפילו וועגען דעם? אראָפּגעשטופּט דעם פסח און ווייטער צו דער ארבייט! עס איז דאָך שוין זומער און לייט מויערן זיך... און ער האָט דאָך עפּעס אַ ווייב מיט קינדער... חיים'קע דאַרף דאָך עפּעס געהן אין חדר... אבי צו אַ מלמד האָט ער איהם ניט געשיקט... 10 רובעל אַ זמן האָט ער פאַר איהם געצאָהלט: זאָל ער ניט בלייבען אַזאַ פּראָסטער ווי ער...

זעליג האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיינע געדאַנקען און גע־נומען געהן ווייטער.

ער האָט זיך ווייטער אָפּגעשטעלט ביי אַ פיערשטאָקיגען געמויערטען הויז... ער איז אַ ווײַלע געשטאַנען, געקוקט מיט כעס און מיט שרעק אויפ'ן מויער און האָט עפּעס געמורמעלט אונטער דער נאָז... פּלוצלונג האָט ער אַ ציטער געטאָן, געוואָ־רען בלייך ווי קאַלך, די ציינער צונויפגעשצירעט, די אויגען אויסגעגלאָצט...

אַלע מאָל ווען ער געהט, וויל ער אָט די גאַס אויסמיי־דען... ארויסגעהענדיג פון שטוב, קלערט ער צו געהן מיט אַ

אנדער גאַס, נאָר געהענדיג, פערטראַכט ער זיך און געהט פאָרט מיט דער גאַס...

ער האָט אַ הייב געטאָן מיט כעס די רעכטע קוליע אין דער הויך, גלייך ווי ער וואָלט וועלען דעם מויער צושמעטערען און פערצווייפעלט האָט ער זי צוריק מיט'ן גאַנצען כח אראָפּגעלאָזען און געגעבען אַ שטאַרקען קלאַפּ איבער'ן טראָטואַר...

— דאָ האָב איך מיינע פיס פערלאָרען — האָט ער געשצירעט מיט די ציינער — דעם דריטען עטאַזש נאָר וואָס געקאָנטשעט... דעם פערטען האָט מען שוין אָהן מיר אויסגעבויט... אוי, זעליג, ביסט אין דר'ערד! ביסט אַן אָטסטאַוונאָי סאָלדאַט... אַן אָטסטאַוונאָי מוליער... אויף וואָס טויגסטו?... נו, שלעפּ זיך, שלעפּ זיך, פּאַדלע, גיכער... שוין באַלד צוועלף אַ זייגער... וועסט נאָך פערשפּעטיגען די „פּאָרציע"... דעם „חונן־דלים" וועט מען פערשפּאַרען... געה אויף גיכער... נעהם דיין „פּענסיע"... אַזוי פיעל מויערן אויסגעמויערט!...

און זעליג האָט גענומען ווייטער געהן, קלאַפּענדיג מיט כעס מיט די קוליעס איבער'ן טראָטואַר...

# נאָך גאָר אַ גרינער.

(מאָנאָלאָג).

דער פאָרמאַן קוקט עפּעס אויף מיר בייז... איך ווייס, וואָס דאָס מיינט! אין דעם שאָפּ, וואו איך האָב פריהער געאַרבייט, האָט דאָרטען דער פאָרמאַן אויך אַזוי געקוקט אויף מיר, און צו דער דריטער פּיי האָט ער מיר אָנגעזאָגט, אַז איך קען דאָ מעהר ניט אַרבייטען... אויף ליספּענאַרד סטריט, וואו איך האָב מיט צוויי חדשים צוריק געאַרבייט, איז אויך אַזוי געווען... איך בין שוין געוועהנט מיט די זאַכען... איך האָב מיר שוין אויסגעלערנט די „חכמת הפּרצוף“...

הייסט דאָס, וועט מען מיך סעקען?... איך בין שוין דער־צו געוועהנט... זיי זאָגען, אַז איך בין אַ סלאָוער אַרבייטער... פאַרט ניט קיין אַרבייטער פון דער היים. אין דערהיים בין איך געווען אַ האַלבער אינטעליגענט, און דאָ בין איך אַ האַלבער אַרבייטער... אַ האַלבער... יאָ... מיר קלאַפּט עפּעס אין קאָפּ... אַ האַלבער.

יאָ... עפּעס איינמאָל האָב איך געהערט... דער באָס איז אַריין אין שאָפּ... ער איז געשטאַנען און גערעדט מיט'ן פאָר־מאַן... עפּעס מאָדנע האָבען זיי געקוקט אויף מיר...

— אַ האַלבער מענש איז ער! — האָב איך געהערט, ווי דער באָס האָט זיך אַזוי אָפּגערופען.

אַ האַלבער! די מאַמע אין דערהיים פלעגט מיך אַזוי צויי־

טענווייז רופען, און דער טאַטע פֿלעגט זאָגען, אַז איך בין גאָר קיין מענש ניט!

דאָס איז זעהר אַ לאַנגע געשיכטע צו דערצעהלען. איך וועל דאָס טאָן אַן אַנדערש מאָל, ווען עס וועט מיר נאָר אויסקומען. איך מוז דאָס טאָן; איהר זאָלט וויסען, וואָס פֿאַר אַ סאָרט מענש איך בין... נאָר אַזוי וועל איך אייך זאָגען, אַז זעהר אַ סך מענשען זענען עפּעס ניט געוועזען צופֿרידען מיט מיר. אַט, למשל, אין דערהיים: דער טאַטע, די מאַמע, דער עלטערער ברודער (אַ בוכהאַלטער אין אַ באַנק איז ער — נעמט פֿיינע געהאַלט!), דער פּריסטאַוו פֿון צווייטען אוטשאַסטאָק, די אויפֿזעהער פֿון דער טורמע, וואו איך בין געזעסען... מאַלע ווער נאָך! עפּעס זעהר אַ סך זענען זיי געוועזען... זייטיגע מענשען... איך האָב מיט זיי קיין געשעפֿטען ניט געהאַט... וועמען געהט דאָס אָן? ניט פֿון אונזערע חברה!

חברים האָב איך דאָרטען געהאַט... אין דער היים... חברים...

איהר ווילט וויסען, וואָס איז מיט מיר אין דער היים געווען? אַך, לאָזט מיך! ניט פֿרעגט מיך גאָר! איך קען גלייכגילטיג דערפֿון ניט רעדען! דאָס האַרץ וועט מיר צופּלאַצט!

איך וועל אייך בעסער דערצעהלען, וואָס דאָ איז געווען.

דאָ בין איך אַ גרינער. אַזוי זאָגען זיי אַלע. מיינע חברים— אויך... נאָר עפּעס — „גרינער!“ נאָר עפּעס — איך רעד ניט צו דער זאַך! אַמעריקע האָט מיך עפּעס אויס מענש געמאַכט... דאָס איז ריכטיג... איך געה דאָ עפּעס אַרום, ווי אין עולם־התהו... איך בלאָנזשע... ווי זאָגען זיי עפּעס? אַט זיי טאַקע, מיינע חברים! יאָ... מען דאַרף זיך קענען צופּאַסען, זאָגען זיי, און איך קען ניט... איהר הערט? מיין טאַטע אין דערהיים פֿלעגט מיר אויך זאָגען, אַז אַ מענש דאַרף זיך וויסען, ווי צו פֿיהרען, ניט שפּרינגען אַלעמען אין די אויגען!

אַלזאָ, הערט! זעהט, וואָס־זשע שאָקלען זיי מיט די קעפּ?

וואָס קוקען זיי מיך אַזוי מאָדנע אָן? דער טאַטע מיט דער מאַמען פלעגען אויך אויף מיר פונקט אַזוי קוקען... דאַכט זיך, אַלע בעקאַנטע פון דער היים... חברים... און איין בעוועגונג געוועזן... לעווין! גרינהויז! ראַבינאָוויטש! כאַ־כאַ־כאַ! חברים... האַ? וואָס זאָגט איהר? וויטער „גרינער"? „נאָך גאָר אַ גרינער"? „משוגענער", זאָגט איהר? ווער? איך בין ניט משוגע! איך זעה אייך אַלעמען ביז איינעם! מעהר נישט, וואָס עס טומעלט עפּעס... עס רוישט... 400 מאַשינען שטעהען אין שאַפּ! אַ קליינינגקייט! עס קלאַפּט, עס בריאַזגעט... פערהילכט ווערט מען... דאָס גאַנצע לעבען דאַ איז עפּעס מאָדנע... אַ מין הו־האַ... אַ קעסעל־גרוב... אַן עולם התהו... איינער ווייסט ניט פון דעם אַנדערן... מען ווערט פערלאָרען, פערפּראָרען... ברר!... וואָס וועט זיין דער סוף מיט אייך? מיט מיר? זאָגט, איהר טראַכט גאָר ניט?

איך טראַכט שוין גראָד אַ סך, אַז דער מוח שפּאַלט זיך מיר! אין שאַפּ ביי דער ארבייט טראַכט איך... דאָס טראַכטען געפעלט ניט אַפּנים די באָסעס...

דאָס איז געוועזן דאָרטען אין שאַפּ... איך האָב זיך אַזוי זיצענדיג ביי דער ארבייט פערטראַכט... אַ נייס ביי מיר צו פערטראַכטען זיך! כסדר אַזוי...

— וואָס האָט איהר זיך אַזוי פערטראַכט, יונגערמאַן?

— האָט מיך דער פאָרמאַן געפרעגט.

אַז איך שטעל דאָס אויף איהם אויס אַ פּאָר אויגען!

— וואָס הייסט? ביי מיר איז דאַ אַ מוח, טראַכט איך! וואָס איז? ס'איז דען ניטאָ, וועגען וואָס צו טראַכטען? באַשר דאַ איז אַמעריקע...

— רק איהר טראַכט!... איהר ארבייט דאַ מעהר ניט! טיים איז מאָני! — און ער נעמט ביי מיר צו די ארבייט פון האַנט...

איך הויב זיך דאַן אויף מיט שטאָלץ, מעשה מענש, ווי אַ

קלאסען־בעוואוסטער ארבייטער דארף זיין, גיב א מאך מיט דער רעכטער האנט:

— חברים, אהיים! א סטרייק!...

רעד צו זיי, רעד צו דער וואנט! שקלאפען! זיצען אלע אויף די ערטער, גלייך ווי ניט זיי מיינט מען דאס גאר! נאר־נישט! לאכען זיך, די מאשינען קלאפען, און איינס מישט זיך אריין אין דעם צווייטען...

און ווייטער — „גרינער!"

איהר הערט, וואס זיי זאגען? דא פיהרט מען ניט אזוינע שטיק, ווי אין רוסלאנד דא איז יוניאן... נו, זאגט אליין: זע־נען זיי ניט קיין פראים? און אז יוניאן, דארף שוין דער אר־בייטער זיין גאר הפקר? וואס מיר יוניאן? איך קען גלאט קיין טאלק ניט דערנעהן מיט אייערע יוניאנס? עפעס זיינען זיי מיר ווייט פון קלאסענבעוואוסטזיין... און וואס איז דא גלאט צו רעדען? איהר מיינט, דארטען האבען געארבייט אבי ווער? יאטען, זאג איך אייך, היימישע, פון אונזערע — און אויב ווער האט זיך גאר א ריהר געטאן פון ארט! מען סעקט אן ארביי־טער, דארפען אלע אוועקגעהן! ווי איז אין דערהיים געווען?

דערצעהלט איך דאך מסתמא מיינע חברים, מאכען זיי גאר א געלעכטער פון מיר און לערנען מיך, ווי מען דארף זיך פיה־רען אין אמעריקע... נו, און אז אמעריקע איז וואס? דארף שוין אלץ זיין קאפויר?

אנטקעגען דעם, וואס איהר זאגט יוניאנס... איך האב גע־ארבייט אין א יוניאן־שאפ. דאס איז געווען פאר'ן ערשטען מאי. עס געהט צום הייליגען ארבייטער־יום־טוב! איהר ווייסט דאך, וואס פאר א הכנות מען מאכט אין דערהיים... דא — טויט! אויסגעפראַרען! קיין זכר! ס'טייטש! — מאך איך דאס א ליארם אין יוניאן אויף א מיטינג — ברידער ארבייטער! דער ערשטער מאי! א קלייניגקייט! איבער אכט־טאג מיטוואך איז שוין דער ערשטער מאי, און מען האט נאך גארנישט געטאן!

און ווייטער — „גרינער!“

וואס האבען זיי געזאגט? זונטאג וועט מען פייערן אין א האל דעם ערשטען מאי! וואס זאגט איהר? א „נדחה“ גאר! קען מען ניט משוגע ווערען? ווי געפעלט אייך אזא מין זאך?

איך האב אבער ניט געשוויגען! אין שאפ האב איך צו־קעהרט די וועלט! איך האב אגיטירט... דער פארמאן האט־אויף מיר געשריען...

— איהר וואלט זיך בעסער אריינגעלעגט אין דער אר־בייט, — האט ער געזאגט צו מיר — א מענש זאל טאן רק און רעדן וועגען סאציאליזם! אין דערהיים וועט איהר רעדען!

איהר הערט דבורים פון א מענשען? אין דערהיים! פאר וועמען? פאר די פיער ווענט? וואס א מענש קען זאגען! וואו־זשע דען זאל איך מיט די ארבייטער רעדען, ווען ניט אין שאפ? ווער זעהט זיי דערנאך? וואס איז? דאס זענען דען אונזערע אר־בייטער? ווער ווייסט זיי, וואו זיי קומען אהין נאך דער אר־בייט! נאר גערעדט מיט איהם! ער ווייסט נאר איין זאך: דערלאנגען און צונעמען די באנדלעך...

יא.. די ארבייטער! דאס זיינען ניט די יאטען, וואס אין דערהיים! ביי אונז, אז מען דערמאנט אן ארבייטער דעם ערש־טען מאי — די אויגען צינדען זיך ביי איהם דאן אן! און דא... איך רעד צו זיי, און זיי שווייגען, שמייכלען, פערטיפען זיך אין דער ארבייט... אז ארבייטער זיצט לעבען מיר... איך רעד צו איהם — און ער: „דער באס, דער פארמאן דרעהען זיך ארום... הערט אויף צו רעדען! פאר אאז מעשה קען מען נאך סעקען!“

סעקען! נו, איז וואס?...

דינסטאג זאג איך אן דעם גאנצען שאפ, מען זאל מארגען ניט קומען צו דער ארבייט: ערשטער מאי! דערהערט דאס דער באס. געהט ער צו מיר צו, גיט מיר איידעל א קלאפ איבער’ן פלייצע... אה, לומפ איינער! א מחותן בין איך מיט איהם! איבער’ן פלייצע קלאפט ער מיר!...

— איהר הערט? — זאגט ער צו מיר ווייך — קומט טאקע ניט מארגען צו דער ארבייט!

איהר הערט? ער ערלויבט מיר! אז אפילו דו וועסט מיר הייסען, וועל איך אויך ניט קומען! איך ארבייט ניט דעם ערש־טען מאי! ביי מיר איז יום־טוב! ניטא ביי מיר קיין „נדחה“!

און איך האב דעם ערשטען מאי טאקי ניט געארבייט.

איך האב זיך אנגעטאן יום־טוב'דיג און בין ארוים אין גאס זעהן, וואס, ווערען... אין גאס — ווי אלע טאג! גאר קיין סימן פון יום־טוב איז ניטא! ביי אונז... אה, אין דער היים! דעמאנסטראציעס, קאזאקען, סאלדאטען, פאליציי, זשאנדא־רען... עס איז קענטיג, אז ס'איז יום־טוב!

איך האב זיך געדרעהט אין גאס... דאס הארץ האט מיר פערקוועטשט! ערשט איך זעה: קאהאנאוו, אויך אין יום־טוב־דיגען! מיינער א לאנדסמאן, א וואוילער יאט! פון דער בע־וועגונג...

— אוי, ברודערקע! — פאל איך איהם אויפ'ן האלז — פארט א סאציאליסט! עס ברענט נאך! ניטא קיין „נדחה'ס“! אזוי דארף זיין! דער גאנצער שאפ אייערער האט געווארפען די ארבייט?

— ניין! — ענטפערט ער מיר — מען ארבייט. איך האב אויך געארבייט ביז 10 דעם זייגער... ניט געקענט אבער איינ־זיצען! ווייסט דאך, זינט איך בין אן ארבייטער. ווי געהט מען אבער אוועק פון שאפ? מען קען נאך אודאי סעקען? גיה איך צו צום פארמאן און זאג איהם, אז איך פיהל מיך עפעס ניט גוט, איך קען דערפאר ניט ארבייטען היינט מעהר... און איך בין אוועק...

א סצענע! אלע מיט איין זאך: סעקען! איהר הערט א מענש? און נאך א סאציאליסט! תירוצים דארף ער נאך זו־כען! „איך פיהל מיך ניט גוט!“ אזוי האט ער דען געדארפט

זאגען? ניין! „מיסטער באס, מיסטער פארמאן, מיסטער שווארץ־יאהר, איך פיהל מיך היינט זעהר גוט! ביי מיר איז יום־טוב, און איך ארבייט ניט!" אזוי האט ער געדארפט זאגען! זאלען זיי וויסען טאקע! אניט, איז וואס איז דער פועל־יוצא? דערהויפט דארף מען דאך, אז דער באס זאל וויסען! וואס זאגט איהר? איז דאס ניט אזוי? נאר אז איך בין דאך א „גריינער", אזוי זאגט איהר דאך אלע...

וואס? איך וועל פון הונגער שטארבען? דאס איז קיין שכל ניט? איך קען זיך ניט איינהאלטען ביי אן ארבייט? לייט ארבייטען פונדעסטוועגען? אזוי זאגט איהר? וואס וועט זיין דער תכלית, פרעגט איהר?

תכלית! ווער טראכט דאס גאר וועגען דעם! אין דערהיים האב איך געגעבען א פאר אוראקען, אבי נאר צו דערהאלטען די נשמה. דער טאטע מיינער פלעגט האלטען אין איין זאגען, אז איך מיט מיין קאפ וואלט געקענט ווערען א דאקטאר, נאר ווי אזוי וועל איך דאס לאזען די חברה? אהן מיר וועט דאך קיין טאלק ניט זיין... דער טאטע פלעגט אזוי טענה'ן...

עפעס איינמאל האב איך יא געקראגען חשק צו ווערען א דאקטאר, איז אבער קיין צייט ניט געווען! איך האב זיך געלערנט... א חודש האט די מעשה געדויערט... ניט מעהר... אין גאס האט געקעהרט די וועלט, זאג איך אייך. איך האב אין שטוב ניט געקענט איינזיצען! א שליידער געטאן די ביכער מיט האק און פאק, אנגעטאן דאס היטעל — און אוועק אין גאס, אין מיין טייערע גאס! די גאנצע צייט זיך געדרעהט אין גאס... די גאס איז מיין לעבען געווען!

יא... די גאס... וואס זאגט איהר? מיר פעהלט עפעס?... אודאי פעהלט מיר עפעס! הא?... די גאס פעהלט מיר! דא איז קיין גאס ניטא, און דאס הרג'עט מיך אוועק!

דאַ איז אמעריקע און איך בין אַ „גרינער“.. אַזוי זאָגט איהר, האַ ?... אַזוי ? כאַ ! כאַ ! כאַ !... וואָס ? איך לאַכט זיך אויך ? כאַ ! כאַ ! כאַ !... אַמעריקע... איך לאַכט זיך אויך ? אודאי איז דאָ וואָס צו לאַכען ! פון וואָס לאַכט איהר ? אויך פון דעם ? אַמעריקע...

# זיין „וואוילטאָג".

אברהם דער שניידער איז געזעסען ביים טיש און האָט געקייעט טרוקען ברויט. פאר איהם איז געשטאנען א טעלער מיט א היבש שטיקעל געבראָטען פלייש. ער האָט זיך אבער צו דעם ניט צוגעריהרט.

שוין עטליכע מאָל האָט ער גענומען די גאָפּעל אין האַנט, א קאָלופּע געטאָן דאָס פלייש, א קעהר געטאָן דאָס פון אַלע זייטען, נאָר עפּעס אזוי ווי דאָס הארץ וואָלט איהם ניט געלאָזען צו עסען דאָס, און ער האָט ווייטער געקייעט טרוקען ברויט.

ער האָט געוואָרפען די אויגען אויף אַלע זייטען, גלייך ווי ער וואָלט וועמען געזוכט. אין שטוב איז קיינער ניט געווען. ער האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס; ער האָט ניט געקענט בעגרייפען, וואָס איז דאָס היינט אזוינס פארגעקומען: אַלע מאָל עסט מען אַלע אינאיינעם וועטשערע, און היינט איז פּוסט אין שטוב... ער איז געקומען צו געהן פון דער ארבייט, האָט איהם זיין ווייבע פּעשע דערלאַנגט דאָס פלייש און אַליין האָט זי זיך אוועקגערוקט. די קינדער האָט ער נישט דערוויסט... ער זיצט אַליין און וואַרט... גאָרנישט! וואָס איז דאָס? וואָס איז דאָס פאר א בראָטענס? ווייטער האָט זי אָנגעהויבען?

— פּעשע! — האָט ער א געשריי געטאָן.

פון עפּעס א לאָך האָט זיך ארויסגערוקט א דאַר ווייבעל. אַלט ניט נאָך איהרע יאָהרען, און אויסגעשטעלט אויף איהם די אויגען.

— פעשע! אלע האבען שוין געגעסען וועטשערע? דאס איז פאר מיר אליין?

— אלע!... אלע!... עס! עס! דאס איז פאר דיר אליין!

ער האט א פארקע געטאן דאס פלייש מיט'ן גאפעל און אליץ ניט געקענט בעשליסען זיך צו עסען דאס.

— עפעס צופיעל פלייש!

— רק דיר איז צופיעל! א חסרון: די כלה איז צו שעהן!

— די קינדער האבען שוין געגעסען?...

— געגעסען!... געגעסען!...

— און דו האסט געגעסען?

— וואס פאר א שאלות פרעגסטו דאס? מען זאגט דאך דיר געגעסען...

— נ־נו!...

ער האט אליץ געקייעט דאס ברויט.

— האט איהר אלע געגעסען טאקע?

— ווי דען? מיט דיר וועלען מיר זאט זיין?

זי האט א ביטערן שמייכעל געטאן.

אברהם האט א שטעק געטאן די גאפעל אין דאס פלייש, ער האט זי אבער באלד צוריק ארויסגענומען און מיט כעס א קלאפ געטאן מיט איהר אן טיש.

— וואס שליידערסטו? וואס ביסטו אין כעס? — האט זי געפרעגט.

— האסט אפשר א שטיקעל הערינג?

— צו וואס דארפסטו נאך הערינג? דיר איז דאך שווער אין הארצען... הוסט דאך... וואס איז? האסט מורא, ווערסט זיך ניט אנעסען?

— אודאי האב איך מורא, איך וועל זיך ניט אנעסען...— האט ער בימער ארויסגערעדט.

זי האט אויף איהם א בייזען קוק געטאן.

— זאג מיר, פעשע! — האט ער אין א ווייכע ארום גע־

זאָגט. — וואָס איז דאָס היינט פאַר אַ נייעס? וואָס איז דאָס פאַר אַ געבראָטענס היינט אינמיטען דערינען? פאַרוואָס עסט מען ניט אינאיינעם? וואו זיינען דאָס די קינדער?

— בענקסט זעהר נאָך זיי?... דאָס שוואַרץ־יאָהר נעהמט זיי ניט... עס! עס! מיר האָבען פריהער געגעסען...

— וואָס איז דאָס פאַר אַ נייעס?

— די קינדער האָבען מיר געריסען עסען... — האָט זי געזאָגט אַ ליגען.

אברהם האָט מיט כעס אַ שטעק געטאָן די גאָפּעל אין דאָס פלייש, די גאָפּעל איז געבליבען אַזוי שטעקען, און אברהם האָט גענומען רייבען דעם פּנים.

אין שטוב איז אַריינגעלאָפען דער זעקס־יאָהריגער מאיר׳ל מיט אַ טומעל: „מאַמע! מאַמע!!" און ער האָט געוואָלט עפּעס ווייטער זאָגען, נאָר פעשע האָט איהם איבערגעהאַקט. זי איז צו איהם צוגעלאָפען מיט כעס און גענומען שלאָגען.

— אַרויס פון שטוב, בייסטרוק! וואָס לאָזטו דעם טאַטען ניט עסען? איך האָב דאָך דיר געזאָגט...

— אָפּדאַרען זאָלען דיר די הענט, מרשעת! — האָט אברהם זי געשאָלטען. — דאָס קינד מוז זיין אודאי הונגעריג און זי שלאָגט איהם!... מאיר׳ל קום צו מיר!

פעשע האָט אַ זיפץ געטאָן און אָפּגעטשמאַקעט מיט די ליפּען.

מאיר׳ל האָט זיך אוועקגעשטעלט ביים טאַטען צווישען די קניע, אַריינגעלעגט אַ פינגער אין מויל און עזות׳דיג געקוקט אויף דער מאַמען.

פעשע האָט געפּרואווט צוגעהן אָפּשלעפּען מאיר׳לען, נאָר אברהם האָט ניט געלאָזען.

— פאַרוואָס עסטו ניט, אברהם? עס וועט דאָך פערקיהלט ווערען, וועט דאָך טויגען אין דר׳ערד... ס׳איז דאָך אַ געבראָטענס... — האָט זי געזאָגט מיט אַ צובראָכען האַרץ.

— בראטען זאל דיר אין הארצען ! — האט אברהם ניט אויפגעהערט זי צו שילטען.

אברהם האט גענומען שניידען דאס פלייש. פעשע איז עפעס אביסעל רוהיגער געווארען. מאיר׳ל האט געווארפען זיינע אויג־לעך דאס אויפ׳ן טאטען, דאס אויף דער מאמען, דאס אויף דאס פלייש, און האט די גאנצע צייט געשלונגען די שפייעכץ.

— אברהם ! — האט פעשע זיך אפגערופען, — דו ניט זיי קיין בעל רחמים... ער, דער בייסטרוק האט שוין געפרעסען.

— מאיר׳ל! — האט זי זיך געווענדט צום קינד מיט גור־טען. — גאה אוועק פון דאנען ! לאז דעם טאטען עסען !

מאיר׳ל האט א קוק געטאן דעם טאטען אין די אויגען.

— שטעה דא ! שטעה דא, מאיר׳ל ! ניש־קשה... — האט אברהם געזאגט.

פעשע האט א זיפץ געטאן, א מאך געטאן מיט דער האנט, און איז ארויס...

— נא, מאיר׳ל, עס ! — האט אברהם געזאגט, געבענדיג איהם אויפ׳ן גאפעל א שטיקעל פלייש.

מאיר׳ל האט א כאפ געטאן דאס פלייש פון גאפעל און געשווינד ארייגעלעגט אין מויל.

— ווילסט עסען, מאיר׳ל ?

מאיר׳ל האט א שאקעל געטאן מיט׳ן קעפעל אויף „יא“.

— האסט היינט געגעסען ? וואס׳טו געגעסען ?

מאיר׳ל האט געשוויגען.

— די מאמע האט געגעסען ? חיה׳לע האט געגעסען ?

— יא... — האט מאיר׳ל אנגעשטעלט די ליפען ווי צום וויינען.

— און פיינעלע ? און לייזער ? און דאבע ?

— אויכ׳עט...

— וואס האט איהר געגעסען ?

מאיר'ל האט זיך געשטעלט אויף די שפּיץ פינגער און אריינגעקוקט אין טעלער.

— נא דיר נאך פלייש, מאיר'ל! זאג מיר, וואס האט איהר היינט געגעסען?

— מיר... געגעסען... הערינג מיט ברויט!... — האט מאיר'ל מיט מאטערניש ארויסגערעדט. — די מאמע האט געזאגט... שבת איכ'ל עסען פלייש... היינט דער טאטע ט'עסען... איכ'ל זיין א טאטע — אויכ'עט עסען פלייש!...

אברהם האט א זיפץ געטאן... א נארישע אידענע... א מרשעת... אליין דארט זי און קווארט... די קינדער קארמעט זי מיט קלעפ... פאר צוויי יאהרען, דאכט זיך, האט ער איהר שוין אוועקגעגעבען א גאב פאר די בעזונדערע טעפלעך מיט די בראטענס... האט זי זיך אבער פערגעסען... זי וויל איהם איינשמועסען, אז ער איז קראנק און שוואך... „וואוילטאג" וויל זי איהם געבען... פון איהר אליין מיט איהרע טעפלעך קען מען קראנק ווערען...

— דער טאטע ניט געזונט... — האט מאיר'ל געפלאפּעלט, קייענדיג דאס פלייש. — די מאמע ט'געזאגט... דער טאטע גיט אונז אלעמען עסען... ער וועט טרינקען דערפאר מילך... עסען פלייש...

חיה'לע, אן אכטיאהריגע מיידעלע, האט זיך שטילערהייד בעוויזען אין טיר, דאס קעפעל אן א זייט, און געקוקט אויפ'ן טאטען און אויף מאיר'לען.

אברהם האט זי בעמערקט.

— חיה'לע, קום אהער!

— מאיר'ל! איכ'ל זאגען דער מאמען! — האט חיה'לע א מאך געטאן מיט'ן פינגער און איז ארויסגעלאפען.

מאיר'ל האט גענומען מיט שרעק קוקען אויפ'ן טאטען. אברהם האט איהם א גלעט געטאן פאר'ן בעקעל. מאיר'ל איז ביי זיך דרייסטער געווארען.

— די מאַמע האָט היינט געקויפט אַ נייאינקען, אַ קליי־
נינקען טעפּעלע, האָט מאיר׳ל ווידער געפּלאַפּעלט און געקוקט
אויף דאָס פּלייש. — פאַר׳ן טאַטען, זי געזאָגט, איז דאָס!
אָט איז די באַנדרע! האָט אברהם געטראַכט. אַ טעפּעל גע־
קויפט! ער האָט אָבער פיינט די שטיק!... ס׳אַרא פאַסקודסטווע
אַ אידענע!
פּעשע איז אריין אין שטוב.
— משוגע׳נער! — האָט זי געשאַקעלט מיט׳ן קאָפּ —
עסט נאָך אַלץ ניט?
— משוגע זאָלסט דו ווערען! — האָט אברהם מיט כעס
זיך אויפגעהויבען פון׳ם טיש. — ווערים זאָלען דיך עסען!
עסט אַליין ניט און גיט די קינדער ניט עסען!... מאיר׳ל! דאָס
טעפּעל, דאָס נייע, ברענג געשווינד!
מאיר׳ל איז ווי אַ שפּאַרבער אוועקגעפלויגען אין קיך.
— וויטער די נייעסען דיינע? — האָט אברהם געקלאַפּט
איבער׳ן טיש. — וואָס איז דאָס פאַר אַ בעזונדערע טעפּלעך?
אַ גראַף בין איך? אַה, מרשעת! ווילסט מיך אין דר׳ערד אריינ־
ברענגען!
— אז אַך און אַז וועה איז צו מיינע יאָהרען, אַז איך
בין אַ שלעכטס! — האָט פּעשע גע׳טענה׳ט און טרערען האָ־
בען ביי איהר אָנגעהויבען בלישצען אין די אויגען. — איך
וויל איהם אין דר׳ערד אריינברענגען! אַה, משוגענער!
אברהם האָט זיך אוועקגעשטעלט ביים פענסטער און גע־
קוקט אין דרויסען.
פּעשע איז צוגעגאַנגען צום טיש און געקוקט אויף דאָס
פּלייש.
פערקיהלט געוואָרען! וואָס פאַר אַ טעם וועט דאָס איצ־
טער האָבען? אַה, אַ משוגענער! פרעג, וואָס טשעפּעט ער
זיך? אַן אַנדער מאַן וואָלט אַזאַ ווייב אויף די הענט געטראָ־
גען... איז זי דען דאָס ווי אַנדערע ווייבער די פרעסערקעס, וואָס

גיבען דעם מאן און די קינדער א קדחת און שפארען דאס אלץ אין זיך?

מאיר'ל האט זיך צוריקגעקעהרט מיט'ן טעפעל אין האנט.

— נא, טאטע... דאס טעפעל...

— מאיר'ל! געה רוף ארייץ די קינדער! אלעמען! זאג, אז דער טאטע האט גערופען, — האט אברהם געהייסען.

מאיר'ל האט אוועקגעשטעלט דאס טעפעל אויפ'ן טיש און איז געשווינד ארויסגעלאפען פון שטוב. פעשע האט גענומען דאס טעפעל און געוואלט אוועקגעהן מיט איהם. אברהם איז צוגעלאפען מיט כעס, ארויסגעכאפט ביי איהר דאס טעפעל פון האנט און א ווארף געטאן אן דר'ערד. דאס טעפעל איז צופלויגען אויף פיץ־פיצלעך.

פעשע איז נאך בלייכער געווארען.

— זיין „זוואניע" זאל דא מיר ניט זיין! — האט אברהם'ס קול געציטערט. — ניטא קיין בעזונדערע טעפלעך! א גרויסער טאפ מיט וועטשערע זאל מיר זיין ווי אלע מאל! אלע זאלען עסען אינאיינעם וועטשערע, ווי עס דארף זיך פיהרען אין א אידישער שטוב!...

פעשע'ן האט גענומען קאכען דאס הארץ... זי האט געוואלט אויסלאזען איהר כעס... איהר איז מאדנע שווער געווארען אויפ'ן הארצען... פאר איהר איז געשטאנען אברהם מיט איינגעפאלענע באקען, אהן איין טראפען בלוט אין געזיכט... ער האט שווער געסאפעט און געהאלטען זיך פאר'ן הארצען...

די קינדער זיינען אנגעלאפען אין שטוב.

— וואס האט איהר זיך אנגעקליבען, ממזרים? — איז זי אויף זיי ארויפגעפאלען. — וואס מיר אויפ'ן הארצען, וועל איך באלד אויסלאזען צו אייער קאפ, צו אייער לייב און לעבען!...

— קינדער, אהער קומט!... — האט אברהם געשריען, —

געהט עסען וועטשערע! די מאמע האט היינט געמאכט א גע־
בראטענס...

אברהם איז צוגעלאפען צו די קינדער און האט אפגעשטוי־
סען פעשע'ן פון זיי. די קינדער זיינען געשטאנען דערשרא־
קען און האבען ניט פערשטאנען, וואס איז דא אזוינס.

— רבונו של עולם! — האט פעשע געוויינט. — וואס
לעב איך אויף דער וועלט?... איך בין די מרשעת... די
שלעכטס... פון מיר קייט ער די ערד...

— ביי אברהם דעם שניידער, — האט אברהם געקלאפט
איבער'ן טיש, — דארף מען קאכען א גרויסען טאפ וועטשע־
רע... בעבלעך מיט א שטיקעל פלייש פאר אלעמען!...

— וואס איז? — האט פעשע גע'טענה'ט. — וואו טו איך
דאס אהין? לעג איך דאס אלץ אין מיין קישקע? מיט וואס
קום איך אפ א טאג?

אברהם האט געוואלט אויף איהר בייז א קוק טאן און דער־
שטעכען זי מיט די אויגען. פאר איהם איז אבער געשטאנען א
צובראכענע, דארע, קווארע, שוואכע אידענע מיט פערוויינטע
אויגען, — דאס הארץ האט איהם פערקוועטשט. ער האט אויף
איהר געקראגען מאדנע רחמנות: וואס האט ער טאקע צו
איהר? וואס איז ער אויף איהר אנגעפאלען? א נארישע אידע־
נע... ווייס ניט ווי צו פיהרען זיך... ניין! ער טאר דאס אבער
ניט דורכלאזען... רק זי דרעהט איהם א מח מיט מילך, מיט
אייער און איצטער — נא דיר, בעזונדערע טעפלעך! בראטענס
גאר!... די קינדער געהען אום נאקעט און בארוועס... זי אליין
קוים וואס זי לעבט...

— איך דארף קיין מילך ניט! — האט ער זיך צושריען.—
איך דארף קיין אייער ניט! איך דארף ניט קיין בראטענס... דו
הערסט? זאלסט פאר מיר ניט מאכען קיין פאטראוועס! דו
הערסט? מארגען זאלסטו קאכען א גרויסען טאפ מיט וועטשע־
רע פאר אלעמען! בעבלעך צי ארבעס...

# אַוועקגעהענדיג פון שלאַכטפעלד.

עני איז געקומען אהיים פון דער ארבייט, האט אראפגענו־מען פון לאפ דאס היטעלע און זיך געשטעלט ביים שפיגעל בע־טראכטען זיך. זי האט געפראוועט די האר, גערדעהט זיך פון אלע זייטען און האט זיך בשום אופן ניט געקאנט אפרייסען פונ'ם שפיגעל, כאטש זי איז געווען זעהר פערמאטערט פון דער ארבייט, און די פיס איהרע האבען זי אזוי ווי געצויגען צוצוזע־צען זיך אביסעל אפרוהען.

א טיפער לאנגער זיפץ האט זיך ביי איהר מיט אמאל פונ'ם הארצען ארויסגעריסען: זי האט בעמערקט די קניי־טשען ארום איהרע אויגען. זי איז אפגעטראטען פערדראסיג פון שפיגעל און האט גענומען קנאקען די פינגער. א וואלקען האט זיך פערצויגען איבער איהר פנים. איהרע אויגען האבען זיך אפגעשטעלט אויף דער וואנט, וואו עס הענגען די קארטעס פון איהרע בעקאנטע פון רוסלאנד. זי האט ווייטער א זיפץ געטאן. עפעס איינזאם, פערוואָרפען האט זי זיך דערפיהלט. זי האט זיך צוגעזעצט, אוועקגעלעגט דעם קאפ אויפ'ן טישעל און האט זיך פערטראכט... ווייט, ווייט האבען זי איהרע געדאנקען פערטראגען, ווייט פון דעם גאנצען לעבען, אין וועלכען זי טאפ־טשעט זיך איצט און ווייסט ניט, ווי אזוי ארויסצוקריכען פון איהם.

„טייערע יאהרען! זיס לעבען! אוועק בין איך פון אייך!“ האט איצט אין איהר דאס הארץ געשטורעמט.

חנה'קע האָט זי דעמאָלט געהייסען, אין דערהיים, אויף יענער זייט ים, וואו מען קעמפט און ליידט. דאָס לעבען האָט זי געשטופּט אַלץ ווייטער און ווייטער. זעהר פערנומען איז זי דאָרטען אין דערהיים געווען. דער טאַטע איהרער, אַן אָרימער, פער'חושב'טער קרעמער'ל און אַ גרויסער מטופל מיט קינדער, פלעגט אויף איהר זאָגען: „רק זי שוויצט!"

און זי האָט טאַקע „געשוויצט". אַ גאַנצען טאָג פלעגט זי אַרבייטען — אַ שניידערקע איז זי געווען — און ווי זי פלעגט נאָר ווערען לעדיג פון דער אַרבייט, פלעגען שוין איהרע פיס ניט רוהען. געקומען אהיים, אָפּגעכאַפּט אַבי־ווי די וועטשע־רע, שטעהענדיג, אין היטעלע און מאַנטעלע, און שוין אַוועק־געלאָפען אין נאָס. צוריקקערען זיך אהיים פלעגט זי שפּעט אין דער נאַכט, אָדער זי פלעגט גאַרניט קומען נעכטיגען. אָפט, פלעגט זי קיין וועטשערע אויך ניט קומען עסען, נאָר גלייך פון ווערקשטאַט אַוועקפליהען אהין, וואו זי דאַרף.

— אַז איך וויים גאַרניט, — פלעגט איהר מאַמע טענה'ן, — ווען עסט זי, ווען לעבט זי, ווען שלאָפט זי... וואָס וועט זי אויס־האַוּוען? געהט אום ווי אַ שלומפּער... שוין, דאַנקען גאָט, אַ מויד פון וואָסערע עטליכע און צוואַנציג יאָהר. שוין צייט עפּעס אַ טראַכט צו טאָן... וואָס וועט זי אויסזיצען? האָ־וואָלט זיך כאָטש ווער מאַכען פון זייערע חברה!...

— נאָר איינע! — פלעגט איהר דער מאַן ענטפערן — זייערע חברה זוכען אויך שעהנע און יונגע... וואָס וועלען זיי דאָ אויסכאַפּען? אַן אַלטע, אַ מיאוס'ע מויד...

דער טאַטע מיט דער מאַמען פלעגען זי שטענדיג „יאָדען", און אחוץ זיי האָט זי נאָך געהאַט אַסך אויסצושטעהן פון די שוועסטער מיט די ברידער, וועלכע זענען גראָד ניט געווען אַזוי ווי זי: זיי האָבען גראָד געגעסען, געלעבט, געשלאָפען און ניט אַרומגעגאַנגען אַזוי ווי „שלומפּערס". שטענדיג פלעגען זיי זיך

מיט איהר רייצען, געגעבען איהר אלערליי צונעמענישען, ווי: „ווייכע", „ברויט מיט פוטער", „קאמונע", „הינדעלע", א. ד. גל.

„פטיטשקא — א פערד, לאשאד — א פויגעל", פלעגט זיך מיט איהר רייצען איהר ברודער דער פריקאזטשיק. „מאמע! לאז ארויס די הינער פון קאטוך! אלע דארפען האבען פריי־הייט!"

נאר חנה'קע פלעגט ווייניג וואס קוקען אויף זיי און זי האט זיך געטאן דאס איהריגע: האט אלץ ניט געגעסען, ניט געלעבט, ניט געשלאפען, ארומגעגאנגען ווי א „שלומפער". זי האט אלץ געהאוועט: פונאנדערגעטראגען פראקלאמאציעס, גע־שטאנען אויף א פאסטען, אפגעגאנגען וויארסטען אויף אויס־געפינען אן ארט פאר א פערזאמלונג, פונאנדערגעפיהרט ליטע־ראטור, געפיהרט די פאסט, א. ד. גל. הכלל, זי איז געווען אין דער בעוועגונג א „ריאדאוואי". זי פלעגט אפטאן יעדעס „שטיקעל פראקטישע ארבייט" מיט חשק, מיט ליבע, שטיל, געהיים, ניט ערווארטענדיג דערפאר קיין שום שכר, קיין שום כבוד.

געבילדעט איז זי געווען ווייניג. די גאנצע בילדונג, וואס זי האט בעקומען ביי איהר טאטען אין דערהיים, איז בעשטא־נען פון א ביסעל „עברי", וואס אן אלטע רבי'צין האט זי גע־לערנט פאר זעקס קאפיקעס א וואך, און א לעהרער'ל, עפעס א קלויזניק, האט זי אויסגעלערנט א ביסעל רוסיש צו „בעקען". דאס איז געווען די גאנצע קענטעניש, וואס זי האט ערווארבען ביז איהר עלפיאהריגען עלטער. דערנאך איז זי שוין אוועק חושב'ן אין דער „מאסטערסקאיא". צו זעכצעהן יאהר איז זי שוין אריין אין דער בעוועגונג. דארטען האט מען זי פון אנ־הויב אנגעפאנגען צו לערנען רוסיש, געגעבען ביכלעך צום ליי־ענען; זי איז געגאנגען הערען לעקציעס איבער פאליטישע עקאנאמיע, קולטור־געשיכטע, נאטור־וויסענשאפט א. ד. גל. נאר באלד האט זי זיך איבערגעגעבען צו דער „פראקטישער" אר־

בייט, און איהר איז שוין לחלומין ניט אויסגעקומען קיין צייט צו ענטוויקלען זיך. מעהר ווי א פראקלאמאציע אדער א מאל א נומער פונ׳ם פארטיי־ארגאן, ווען־ניט־ווען א בראשורקע — פלעגט איהר ניט אויסקומען צו לייענען. אפטמאל איז איהר אויסגעקומען אויך דורכצולאזען פערזאמלונגען, ווייל זי פלעגט זיך געפינען אין וועג. און אט אזוי איז זי געווען פערווארפען מיט ארבייט איבער׳ן האלז, און האט קיין צייט ניט געהאט צו טראכטען וועגען זיך, וועגען איהר צוקונפט. זי האט קיינמאל ניט גערעכענט איהרע יאהרען, זעלטען ווען א קוק געטאן אין א שפיגעל, ווי זי זעהט אויס, און דער „טואלעט" איהרער פלעגט ביי איהר איינס און צוויי פארטיג ווערען: א דרעה געטהאן ווי עס איז די האר, ארויפגעכאפט אויף זיך דאס מאנטעלע מיט׳ן היטעלע — און שוין פארטיג.

— הא־וואלכטו באמיש איינגנעהען א פאר קנעפלעך אין דיין „שעהנעם" מאנטעלע! — פלעגט איהר די מאמע בייז בעמערקען. — ביסט דאך עפעס אליין א שניידערקע — און זעה! ווי דאס היטעלע האט זיך ביי איהר פערדרעהט אן א זייט!...

— עס קומט אלץ ניט אוים, מאמינקע! ניטא קיין צייט!— פלעגט חנה׳קע תמיד ענטפערן מיט א שמייכעל. — ווייסט דאך: אלע שוסטער געהען בארוועס...

— ווייסט, חנה׳קע? — זאגט צו איהר די מאמע און ניט דערביי א זיפץ, — מען האט עפעס געדארפט א טראכט טאן וועגען דיר... אט צו גיטלען שדכ׳ענט זיך שוין א בחור. ער שטארבט פשוט נאך איהרע טריט. ער וואלט שוין וועלען חתונה האבען מיט איהר, נאר זי איז דאך אינגער פון דיר! ווי לאזט מען דאס פונדעסטוועגען אן אינגערער חתונה האבען פריהער פאר דער עלטערער?

— א דאגה, מאמינקע! — ענטפערט זי, — איך בין איהר מוחל! איך פערגין איהר פון מיין גאנצען הארצען! זאל זי חתונה האבען מיט גליק!

— פונדעסטוועגן, מיין טאָכטער? — רעדט ווייטער די מאַמע און הערט אַליין ניט אויף צו זיפצען, — מען דאַרף זעהן... וואָלסט אָבער עפּענען פאַר זיך אַ מאַסטערסקאַיאַ, אַוועקזעצען דערווייל וואָסערע צוויי־דריי מיידלעך, און מיט דער צייט, מיט גאָט'ס הילף, מעהרער אויך... אַט פּעשקע, דו זעהסט, ווי עס געהט איהר פון טיר און פון פענסטער? זי איז פערלעגערט מיט אַרבייט. זי נעמט זיך פּשוט קיין הענט ניט אָן. וואָס איז? אַז גאָט העלפט... וויפיל מיינסטו, איז דאָס אַ שיעור צו האָרעווען רק אויף יענעם? ביי דיר איז דאָך אַזוינע גילדערנע פינגער! פאָלג מיר, מיין טאָכטער, דו ווייסט, אַז דו ביסט שוין ניט קיין יונגינקע...

— ניט עס דיר אָפּ דאָס האַרץ, מאַמע! — בערוהיגט זי חנה'קע. — עס וועט ווען עס איז אויף מיר אויך קומען אַ צייט...

דער מאַמען איז עפּעס שטענדיג געווען קשה: ווי איז דאָס פונדעסטוועגן? אַ מיידעל — און עס זאָל איהר עפּעס אַרען אַ האָר! שטענדיג פרעהליך, לעבעדיג, לוסטיג... זי וואָלט וועלען אַקאָרשט וויסען: וואָס אַנ'ערך טראַכט זי פאַרט?

חנה'קע האָט אָבער געלעבט אין אַ גאַנץ אַנדער וועלט, האָט געטראַכט וועגען גאַנץ אַנדערע זאַכען. זי פלעגט זיצען אַמאָל מיט אַ בחור, אָדער געהן מיט איהם, און זי פלעגט צו איהם זיין גאַנץ גלייכגילטיג. זי פלעגט זיין פערטראַגען אין דער זאַך, וועגען וועלכער זיי האָבען ביידע גערעדט, און איהר פלעגט גאָר כמעט אויף די געדאַנקען ניט אַרויף, צי דער, מיט וועמען זי רעדט, איז אַ בחור, אָדער ניט... זי האָט געוואוסט, אַז דאָס רעדט זי מיט אַ בעקאַנטען, מיט אַ חבר, און אַז זיי רעדען וועגען אַ וויכטיגע זאַך. זי האָט געוואוסט, אַז זי איז ניט קיין שעהנע, נאָר איהר האָט דאָס ווייניג וואָס געקימערט. ווען עמיצער פון איהרע בעקאַנטע פלעגט חתונה האָבען, פלעגט דאָס זי כמעט ווי גאָרניט אַ ריהר טאָן, ניט דערמאָנען איהר, אַז זי

איז א מיידעל. זי איז אלץ געווען פערטראגען אין איהר אר־בייט, און זי האט זיך לחלוטין פערגעסען, אז זי אליין עקזיס־טירט נאר אויף דער וועלט. זי האט שטענדיג געקוקט אויף איהר לעבען, ווי אויף א זאך, וואס געהערט ניט איהר, נאר „דעם ליידענדען און פערשקלאפטען פראלעטאריאט".

עפעס איינמאל האט זי אזוי ווי גענומען פיהלען, אז זי איז עפעס ניט גלייכגילטיג צו סאשען. דאכט זיך, זי האט איהם ליב געקראגען.

דאס איז געווען איינמאל אין אן אווענט. זי איז אזוי גע־זעסען מיט איהם און גערעדט עפעס מכוח אן עניין. פון אנהויב איז זי זיך געזעסען גאנץ רוהיג, ווי אלע מאל, און איז געווען פערטיפט אינ'ם געשפרעך. נאר דערנאך איז זי עפעס געווא־רען אזוי ווי צוטראגען, אין איהרע אויגען האט זיך אנגעצונ־דען א פייערל, א פרעמד פייערל, אין איהרע אויערן האט איהר אזוי זיס און געשמאק זיין ווייכער קול געקלונגען... זי האט זיך אין איהם איינגעגעסען מיט איהרע אויגען, און האט איהם פשוט געשלונגען מיט'ן קוק.

ער, סאשע, האט אויך געקוקט אויף איהר, נאר ער איז געווען ארייגעטאן אין די רעד און האט גארניט בעמערקט, וואס מיט חנה'קען טוט זיך. רעדענדיג אזוי, האט ער זי שטייף אנגענומען פאר דער האנט: דאס האט אויסגעוויזען, ווי ער וואלט זי וועלען איבערצייגען אין דעם, וואס ער האט גערעדט, ערקלערען איהר בעסער, אדער מאכען זי מעהר אויפמערקזאם.

עפעס אזוי ווי א געשמאקע ווארימקייט איז איהר דורכגע־גאנגען איבער'ן גאנצען לייב. זי איז באלד רויט געווארען און פערשעמט האט זי אראפגעלאזט די אויגען. דאס איז ביי איהר געווען דער ערשטער אווענט אין איהר לעבען, ווען זי האט צום ערשטען מאל דערפיהלט, אז זי איז א פרוי... זי איז צוטומעלט געווארען, פער'שכור'ט, איהר האט זיך געוואלט פאלען איהם אויפ'ן הארצען און ער זאל זי צודריקען צו זיך שטארק, זעהר

שטאַרק, אַט ממש אַרויסקוועטשען איהר די נשמה... נאָר באַלד איז זי געקומען צו זיך, האָט אַ שוידער געטאָן מיט'ן גאַנצען קערפּער און גענומען טרייבען פון זיך די דאָזיגע געדאַנקען...

— נו, סאַשע! — האָט זי איהם איבערגעהאַקט די רייד. — מיר וועלען דאָס לאָזען אויף אַן אַנדערש מאָל... איצט האָב איך קיין צייט ניט... איך האָב זיך גאָר פערגעסען... אַה... אַזוי פיעל פערזעסען זיך, פערררעדט זיך! ס'איז שוין אַזוי שפּעט!

חנה'קע האָט ניט געקאָנט פערשטעהען, וואָס איז דאָס מיט איהר דעמאָלט אַזוינס געשעהען. איהר איז קיין נייעס ניט געווען, אַז אַ בחור זאָל זי אָנגעמען פאַר דער האַנט, אָדער אַרויפלעגען זיין האַנט אויף איהר, אָדער צוקושען זיך מיט אַ בחור פאַר'ן אוועקפאָהר. דאָס איז אָבער אַלץ געווען געוועהנליך, געטאָן געווען מעשה חבר, וועגען גאָרנישט ניט פערטראַכט. צו סאַשען אָבער, האָט זי גענומען בעמערקען, ענטוויקלען זיך ביי איהר גאָר אַנדערע געפיהלען, אחוץ די חבר'שע... זי האָט גענומען טראַכטען, צי איז זי ניט פערליבט אין איהם... נאָר קיין סך צייט צו טראַכטען וועגען דעם האָט זי ניט געהאַט, זי האָט געלעבט, געקעמפט און געליטען. דער קאַמף, אַט איהר שטילע, פּשוט'ע אַרבייט, ווי זי אַליין האָט געקוקט אויף דעם, האָט זי איינגאַנצען איינגעשלונגען, ניט אָפּגעלאָזט זי אפילו אויף אַ מינוט און דערשטיקט אין איהר די פרוי... און דאָ איז נאָך סאַשע אוועקגעפאָהרען ערגיץ אין אַן אַנדער שטאָדט צו „אַרבייטען". דאָרטען האָט מען איהם אַרעסטירט און דערנאָך אין סיביר פערשיקט...

ווי אַ גוטען חבר, ווי אַ טריי איבערגעגעבענעם צו דער בעוועגונג, האָט איהם חנה'קע אַלץ ידערמאָנט, און זי אַליין האָט אַלץ געהאַלטען אין איין „קעמפען" און האָט ווייטער ניט געפּרובט טראַכטען וועגען זיך...

„טייערע יאָהרען! זיס לעבען! ווי כאַפּט מען אייך איצט צוריק!" האָט אין איהר איצט דאָס האַרץ געשטורעמט.

איצט איז זי שוין אין אמעריקע. אויס „חנה'קע" ! אה, ווי זיס דער נאמען קלינגט איהר ! עני הייסט זי שוין איצט. גאר אן אנדער מיידעל איז זי דא געווארען... דאס אלטע לעבען האט זי פערלאזען, דאס נייע זוכט זי, פטר'ט אויף דעם איהרע טעג מיט די יאהרען, און קען עס ניט געפינען...

די ערשטע צייט, בעת זי איז געקומען אהער, אז מען פלעגט זי פרעגען : „צוליב וואס האט זי פערלאזען רוסלאנד" ? פלעגט זי אלץ ענטפערן מיט פערדרוס :

„אז שדים האבען מיך געשלעפט אהער ! וואס האב איך מורא געהאט ? פאר סיביר ? פאר זיצען ? וואס איז ? דאס ערשטע מאל איז מיר צו זיצען" ?

און טרערען פלעגען זיך איהר דאן ווייזען אין די אויגען, און אויפ'ן הארצען פלעגט איהר ווערען אזוי שווער ! דאס איז געווען אין דער ערשטער צייט, בעת זי האט זיך ארומגעזעהן, אז דאס איז ניט די אמעריקע, וועלכע זי האט זיך פארגעשטעלט נאך זייענדיג אין רוסלאנד, אז דא האט זי ניט, וואס צו טאן.

נאך אין רוסלאנד, פלעגט זי דערמאנען אמעריקע מיט סלינע אין מויל. עפיס אזוי ווי רעספעקט האט זי געהאט פאר דעם ווארט „אמעריקע".

„איהר ווייסט", פלעגט זי טענה'ן נאך אין רוסלאנד, „ביי אונז וועט דאך אויך ווערען פריי אקוראט ווי אין אמעריקע ! מען וועט מעגען רעדען, דרוקען, מאכען פערזאמלונגען"...

נאר געקלערט וועגען זיין אין אמעריקע, האט זי קיינמאל ניט. די עלטערען איהרע פלעגען זי ניט לאזען צררוה ; זי זאל נאר פאהרען קיין אמעריקע ! ניט אנדערש ! זיי האבען זיך געשראקען, מען זאל זי ניט פערשיקען, און אין אמעריקע, האבען זיי גערעכענט, איז דאך פריי, דארטען זיינען דאך ניטא די „מעשיות" מיט די „שוויצעניש" ; דארטען וועט זי פערדינען געלט און מיט דער צייט וועט זי קריגען א חתן. אין אמעריקע, האבען זיי געהערט, איז יעדע מיידעל א סחורה. מען כאפט

דאַרטען די מיידלעך אוים אַהן שום נדן, אַהן אַלעמען, אַט ווי זיי שטעהען און געהען...

חנה'קע אָבער האָט די גאַנצע צייט זיי ניט געהערט און איז אַלץ ניט געפאָהרען.

„ווי אַזוי וועל איך דאָס פאָהרען?" פלעגט זי ביי זיך טראַכטען. „משוגע וועל איך ווערען? מאַלע וואָס זיי ווילען! דאָ קומט פאַר אַזאַ קאַמף — און איך וועל גאַר אינמיטען דער־רינען נעמען און אַוועקפאָהרען!"

נאָר עס האָט זיך עפּעס אַזוי געמאַכט, און זי איז פאָרט אַוועקגעפאָהרען קיין אַמעריקע. זי איז דורכגעפאַלען פיהרענ־דיג ליטעראַטור. איהר איז אריין אין זינען דער געדאַנק וועגען אַנטלויפען (ווי אַזוי, ווייסט זי אַליין ניט), און ניט וואַרטענדיג אויפ'ן משפּט, איז זי אַנטלאָפען.

זי איז בשלום אַריבער די גרעניץ. דורכפאָהרענדיג דייטש־לאַנד, האָט איהר דאָס האַרץ גענומען קלאַפּען פאַר שמחה: דעם ריח פון פרייהייט האָט זי דערשמעקט. נאָר דאָס איז נאָך ביי איהר אַלץ גאַרנישט געווען לגבי דעם, וואָס זי פאָהרט קיין אַמעריקע. אַמעריקע! אַמעריקע! אַזאַ פריי לאַנד! צייט־טענווייז אפילו האָט זי אין וועג גענומען פיהלען אַ בענקעניש, אַ נאַגעניש אין האַרצען, באַלד אָבער פלעגט זי אַליין פאַר זיך זוכען צו פערענטפערן זיך, מאַכען פּשרות.

„אין אַמעריקע זענען אויך פאַראַן אידישע אַרבייטער... דאָרטען זענען אויך דאָ סאָציאַליסטען... איך וועל דאָרטען אויך קעמפען אַקוראַט ווי אין דערהיים! גאַרנישט, איז מען נאָר אַ מענש מיט פּרינציפּען, ווערט מען אין ערגעץ ניט פערפאַ־לען!"

צופאָהרענדיג צו ניו־יאָרק, האָט זי אויפ'ן וואַסער דערזעהן אַ סטאַטוע.

„דאָס איז די געטין פון פרייהייט!" האָט איהר איינער אויפ'ן שיף ערקלערט.

רי געטין פון פרייהייט! פרייהייט! איהרע אויגען האבען דאן גענומען בלישצען פאר שמחה; אונטערגעשפרונגען איז זי פון גרויס התפעלות; איהר האט זיך עפעס געוואלט ארומנעמען אלע מענשען, וועלכע שטעהען דא ארום איהר און צודריקען זיי אלעמען פעסט צו איהר הארצען און לאנג, זעהר לאנג קושען זיי...

פער'שכור'ט, צוטומעלט איז זי אנגעקומען קיין אמעריקע.

„שוין דריי יאהר געווארען! דריי יאהר!" האט זי א טראכט געטאן און האט דערביי שווער אפגעזיפצט.

זי האט גענומען ווייטער בלעטערן איהר לעבען, און איהר פנים איז געווארען אלץ פינסטערער און פינסטערער. זי האט געפיהלט, אז דאס גראבט זי אויף די נאך ניט־פערהיילטע וואונ־דען פון איהר הארצען, אבער זי האט זיך געפיהלט צו שוואך און זי האט קיין כח ניט געהאט אפצוהאקען איהרע זכרונות און אויפהערען צו טראכטען. די זכרונות זיינען געקראכען ניט גע־פרעגטערהייד אין איהר קאפ אריין און האבען אהן רחמנות גע־עגבערט טיף־טיף אין מוח, דערלאנגענדיג אזש ביז צום הארצען.

זי דערמאנט זיך די ערשטע צייט, וואס זי האט פערבראכט דא. זי האט אויפגעזוכט א שאפ. בייטאג האט זי געארבייט, און ביינאכט האט זי זיך ארומגעדרעהט איבער דער גרויסער שטאט. אויפגעזוכט בעקאנטע מיטקעמפערינס פון דער היים, ארומגעגאנגען איבער די קלובען, ביבליאטעקען, בעזוכט אלער־ליי פעראיינען, פערזאמלונגען, מיטינגען, און איז תמיד געווען אזוי ווי פערטשאדעט.

בעקאנטע פלעגען ביי איהר אפט פרעגען: ווי גלייכט זי אמעריקע? זי אבער פלעגט ניט פערשטעהן די פראגע.

„וואס?" פלעגט זי ביי זיך טראכטען. „קאן מען דען אמע־ריקע ניט גלייכען? אזא פריי לאנד מיט אזוי פיעל צייטונגען, מיט אזוי פיעל סאציאליסטען! דאכט זיך, ווענען זי בעגעגענט נאר דא, איז א סאציאליסט!"

זי איז געווען דאן צופרידען, און האט געדענקט צו ארביי־טען דא, פונקט ווי אין דער היים, און קעמפען ביז דער לעצטער מינוט.

פון איין פערזאמלונג אויף דער צווייטער — און זי האט אלץ געווארט און געווארט אויף „ארבייט"... די „ארבייט", וועלכע האט זי אין דערהיים פערשלונגען, איז דא אבער ניט געקומען!

זי האט זיך ביסלעכווייז אנגעהויבען ארומצוזעהן, אויף וואס פאר א וועלט זי איז. מענשען, איהרע בעקאנטע, האט זי דערזעהן, ווערען פערלארען פאר דער „בעוועגונג", ווערען אריינ־געשלעפט אין דעם היגען קאכעדיגען ים פון לעבען, די כוואַ־ליעס דעקען זיי צו...

„וואו איז דא דער קאמף?" האט זי געמוטשעט די פראַ־גע. „פארוואס זעה איך איהם ניט? פארוואס קען איך איהם ניט אנטאפען? פארוואס געה איך דא אום אהן ארבייט? פארוואס איז דא פאר מיר קיין ארבייט ניטא? פארוואס? פארוואס?"

„פארוואס? פארוואס? פארוואס?" האבען איהרע ליפען גענומען שעפצען אויך איצט, און די אלטע גרויזאמע פראגע האט זיך אויך איצט פאר איהר אוועקגעשטעלט.

אז דא איז גאר אן אנדער וועלט מיט אנדערע דאגות! עפעס גאר אנדערע בחורים, אנדערע מיידלעך, ניט ווי אין דער היים! אלע מיידלעך, ווענען זי זעהט נאר דא, זוכען עפעס, טרוימען פון עפעס... וואו זי געהט, וואו זי שטעהט, הערט זי רק רעדענדיג וועגען קליידער, יאקען, היט, צירונג, דימענטען, בחורים... מען ווארט אויף איינעם, וואס וועט קומען אויסלייזען פון דעם פינסטערען שאפ. אויף פערזאמלונגען קומט כמעט יעדעס מיידעל מיט א בחור, אומעטום געהט מען רק פארוויז, נאר זי, חנה'קע, געהט נאך אלץ ארום אליין און קיינער בע־בעמערקט זי ניט.

זי איז די ערשטע צייט ארומגעגאנגען מיט איהרער א

חבר'טע, מיט דארען. דארע האט אבער באלד געקראגען „איי־נעם", זיינען זיי ארומגעגאנגען זאלבע־דריט. חנה'קע אבער האט גענומען בעמערקען, אז זי איז ווי א פינפטער ראד צום וואגען, זי שטערט זיי, און דארע אליין טאקע האט אויך אנגעהויבען ביסלעכווייז צו וויכען פון איהר...

חנה'קע האט דאן געקראגען אנ'אנדער חבר'טע, דזשעני, איהרס א לאנד'ס־מיידעל. אביסעל שפעטער אבער האט אויך דזשעני געקראגען „איינעם", און חנה'קע איז ווידער געבליבען אליין...

ניטא קיין בעוועגונג! ניטא קיין קאמף! ניטא קיין ארבייט פאר אזא מיידעל, ווי זי! ביסלעכווייז האט זיך אנגעהויבען אויסצולעשען דאס פייער, וואס האט געברענט אין איהר הארצען ביז אהער און געווארעמט איהר נשמה. איהר פערגאנגענהייט, איהר אלט לעבען איז פערצויגען געווארען מיט א שווארצען טוך. זי האט זיך גענומען צוקוקען צום נייען לעבען...

אין חנה'קען האט אנגעהויבען עפעס צו ערוואכען... דאס הארץ פלעגט איהר נעמען שטארק קלאפען, אין גאנצען קערפער פלעגט זי דערפיהלען א געשמאקע ווארימקייט, ווי נאר א בחור פלעגט איהר געבען די האנט, אדער צוריהרען זיך צו איהר... זי האט אנגעהויבען צו פיהלען, אז זי איז א מיידעל, און דערצו נאך אן אלטע, ניט קיין שעהנע... זי האט אבער געזוכט די האפנונגען איהרע, די נייע האפנונגען ניט צו פערלירען.

זי איז נאר אן אנדערע געווארען. דער נייער אמעריקאנער נאמען איהרער, עני, האט איהר שוין גענומען בעסער קלינגען. זי האט גענומען זוכען תרופות, ווי איינגער, ווי שעהנער צו ווערען. זי האט זיך גענומען מיט חשק צו איהר טואלעט, האט זיך אפגעשטעלט ביי די פענסטער פון די מאגאזינען, גע־קוקט זעהר לאנג אין די פענסטער, בעטראכט די סחורה, די קליידער, די היט מיט די פעדערען. זי האט אלץ געזוכט, אלץ געטראכט, מישב געווען זיך מיט די חבר'טעס: וואס פאר א

קאליר, וואס פאר א פאסאן וועט איהר בעסער פאסען צו דער פיגור? זי האט שוין אנגעהויבען לענגער צו שטעהן ביים שפיגעל, צו דרעהען די האר אויף אלערליי אופנים, צו זעהן, ווי וועט איהר בעסער קליידען, וועלכע פארם וועט זי אינגער, שע־נער מאכען. זי האט געפונען, אז די פענסנע, וואס זי האט דא אנגעהויבען צו טראגען, גיט איהר צו פיעל חן, מאכט זי פיעל שענער — און צו איהר אין הארצען האבען זיך אלץ גע׳גנב׳עט נייע האפנונגען...

אין שאפ האט זי זיך שוין אויפמערקזאם צוגעהערט צו די מעשיות, צום פלאפלען פון די מיידלעך, געהאלפען זיי לאכען און פרעהליך געמאכט זיך צוגלייך מיט זיי. אין די אויערען האבען איהר אלץ געקלונגען די ווערטער: בחורים, קליידער... און די ווערטער האבען אין איהר גענומען וועקען די ביז אהער איינגעשלאפענע געפיהלען און האבען איהר געמאלט זעהר אנגע־נעמע בילדער...

די פרוי האט ערוואכט!

זי האט אנגעהויבען צו טרוימען, צו ווארטען אויף עפעס, צו האפען אויף די גליקליכע שעה, ווען „איינער“ וועט קומען צו איהר אזוי ווי א מלאך הגואל און מיט זיין גרוים מיטלייד אויף איהר וועט ער זי אויסלייזען פון דעם פערפלוכטען שאפ, פון דעם איינזאמען, עלענדען לעבען... זי האט יענעם ערלייזער איהרען אין זינען ליידענשאפטליך געקושט, ארומגענומען איהם, שטארק צוגעדריקט איהם צו איהר הארצען...

זי האט זיך גענומען צוקוקען צו יעדען בעקאנטען בחור, בעטראכט יעדען קעהר זיינעם צו איהר: ע פ ע ס האט זי געוואלט בעמערקען אין איהם. זי האט זיך צוגעהערט צו יע־דען ווארט זיינעם, וואס ער האט צו איהר געזאגט; זי האט גע־וואלט וויסען, צי האט ער „עפעס“ ניט געמיינט דערמיט... אפשר האט ער געגעבען וועלכע ס׳איז אנצוהערעניש?...

אריינגעווארפען האט זי זיך מיט איהר גאנצער היץ אין די

יאַגעניש נאָכ'ן נייעם לעבען. כאָפּען האָט זי געוואָלט דאָס גליק, וועגען וועלכען זי האָט געטרוימט, און טרינקען עס, טרינקען עס אַזוי פיעל, ביז זי וועט פער'שכור'ט ווערען...

אַה, ווי מקנא איז זי יענע מיידלעך, וועלכע האָבען וועמען צו ליבען, וועלכע ליבען און זיינען געליבט!

זי האָט גענומען רייבען דעם שטערען, גלייך ווי זי וואָלט וועלען פערטרייבען די לעצטע שפּורען פון איהרע אַלטע זכרונות, וועלכע האָבען זי איצט אַזוי פיעל צומוטשעט.

„אַה, לעבען! לעבען!“ האָט זי אויסגעשריען.

דאָס נייע לעבען האָט זי גענומען רייצען. זי האָט זיך דער־מאָנט אָן די בעלער, אָן די קאָנצערטען, אָן די מיטינגען... אויף איין באַל האָט זי געטאַנצט מיט שערמאַנ'ען... ער איז, דאַכט זיך, גראַד צו איהר פריינדליך... ער האָט זי שוין אַ פּאָר מאָל גענומען אין טעאַטער, איבער צוויי וואָכען פאָהרען זיי ביידע אויף אַ פּיקניק... זי וועט זיך דאָרטען גאַנץ פיין אַמוזירען... זונטאָג פאָהרט זי מיט איהם אין פּאַרק...

„אפשר קען זיין?“ פליהט ביי איהר דורך אַ געדאַנק אין קאָפּ, און איהר פּנים ווערט דערביי ליכטיגער.

„איך בין פונדעסטוועגען גאַנץ סימפּאַטיש...“ האָט זי אַ טראַכט געטאָן, אריינקוקענדיג אין שפּיגעל, נאָר זי האָט עפּעס ניט געוואָגט אַרויסצורעדען דאָס. זי האָט זיך אַרומגעקוקט: אַ לעדיג צימער, פיער ווענט, זי איז איינע אַליין...

שערמאַן האָט איהר אָבער גאָרנישט געזאָגט נאָך...

„ווער ווייסט? ווער ווייסט?“ קלאַפּט איהר אין קאָפּ.

אומעטיג איז איהר ווייטער געוואָרען. די אַלטע זכרונות האָבען איהר ווייטער גענומען קריכען אין קאָפּ... איהרע אויגען האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויף דער וואַנט, אַ־וואו עס הענגען די קאַרטעס פון איהרע בעקאַנטע פון רוסלאַנד... זייערע פּנים'ער קוקען עפּעס אַזוי ערנסט, פער'דאגה'ט, טרויעריג; זייערע אויגען ווינקען צו איהר, גלייך ווי זיי וואָלטען זי רופען זיך צוריק־

קעהרען אויפ'ן שלאכטפעלד, וואס זי האט פערלאזען, ווידער אריינטרעטען אין זייערע רייהען און ווייטער קעמפפען...

איהר האט זיך אויסגעדוכט, אז זיי האבען זיך אלע צו־שטעלט, געעפענט די מיילער און זיי זינגען... עס האט איהר גענומען קלינגען אין די אויערן „די צואה", „די שבועה"... עפעס א היימיש ווינטעל האט גענומען בלאזען...

„מיינע ליבסטע פריינד, אז איך וועל שטארבען,
טראגט צו צו מיין קבר די רויטע פאהן!"

זי הערט זיך צו צו דעם ליד פון קאמף און שטורם. זי ווערט אויך ניט ווילענדיג אריינגעצויגען אין זייער חברה, זי זינגט אויך מיט...

באלד נעמען זיך פון פראנט־רום טראגען טענער: דער בעל־הבית'טעם מיידעל שפילט דאס אויפ'ן פיאנא:

„גוד באי, מאי בלובעל!"

דאס ליד פון די קעמפפער רייסט זיך איבער — און עני קעהרט אפ די אויגען פון וואנט...

זי הויבט אן אונטערצוזינגען דער שפילערין, צוערשט פערטראכט אין געדאנקען און ווי פערשעמט, באלד אבער שטארקער און שטארקער...

.1905

# אַ „לא־יוצלח“.

(מאָנאָלאָג פון אַ אידענע)

...איהר קענט דאָך מיין פלימעניק? אַט דער וואָס האָט געהאַלטען די געוואַנט־קראָם... נו, האָט ער געהאַלטען ביים אַנזעצען... אַ נאָווינע, אַז מען זעצט אָן! וואָס־זשע דען? מיט דער טאָרבע זאָל מען אַוועקגעהן?... גאַרנישט, מסתמא האָט ער געדאַרפט לעדיג מאַכען די קראָם, אַז די בעלי־חובות זאָלען דאָרט אַ מכה געפינען... נו, זאָל איך, אַ לייבליכע מומע, איהם ניט אַרויסהעלפען אין אַן עת צרה? איך פרעג אייך! פאַרט אייגען בלוט דאָך... אַ ברודער׳ס אַ זוהן... און אַחוץ דעם אַלעמען, האָט ער מיר בפירוש געזאָגט, אַז ער וועט מיין טרחה ניט פערלאַנגען אומזיסט. וואָס איז? ער וויים דאָך, אַז איך בין ניט קיין נגידה׳סטע... אַז מען דאַרף פון דעם שטיקעל קרעמעל, וואָס איז די גרוים אַ שפּאַן אויף אַ שפּאַן, ציהען דאָס ביסעלע חיונה! אַז מעהר ווי פאַר אַ גראָשען הערינג, פאַר אַ גראָשען קעז, אַ קאָפּיקע אַ קוכען, לייזט מען ניט... היינט פון אַזוינע „פּאַרנאָניעס“ מאַך חתונה טעכטער, נעהם אַרוים זיהן פון פריזיוו! וואָלט ע ר געוועזן אַ מענש לכל הפּחות, ווי בײַ לייטען אַ מאַן דאַרף זיין... איז, זאָג איך אייך, איז דאָס אַזאַ שטיק גאַרנישט, אַז ווען איהר זאָלט אפילו די וועלט אויספאָהרען, וועט איהר אַזאַ ניט געפינען! איך טענה רק צו איהם: זלמן! דו ווייסט דאָך, אַז פון יגיע־כפּי איז קוים „פּאַפּע“... פון דיין

סטאָליארנע וועסטו שוין הפּנים קיין מאַיאָנטקעס ניט קויפן. אַז דו ביסט אַ רך־לבֿ, קאָנסט קיין קרום פּנים ניט זעהן. מען דאַרף קענען אַ בעל־הבית זיין, מען דאַרף וויסען, ווי מיט אַר־בייטער זיך אויפפיהרען... און דו?... „ר' זלמן! מיר איז ווענינ אויף דער הוצאה..." כאַפּסטו גלייך און גיסט... אַז דו האָרע־ועסט אליין ווי אַ אָקס, אַ ארבייט פאַר זיי דאַרפסטו געהן זוכען... וואָס האָסטו פון דיין שמייסטערסקאיע?... יענע, די אַרבייטער דיינע, אַ כאָלעריע זיי אין די קישקעס, אַרט עפּעס אַ פולע פאַר דיר? אַבי זיי זאָל זיין... זיי ווייסען דאָך, וואָס פאַר אַ גאַרנישט אַ בעל־הבית זיי האָבען. נו, איזדיעקע־ווען זיי זיך שוין, וויפיעל זיי ווילען אליין, קומען צוגעהן צו דער אַרבייט ווען זיי ווילען, געהען אַהיים ווען זיי פערגלוסט זיך... אָט אַזוי טענה איך צו איהם אַלע מאָל, איך עס מיר אויס אַ שטיק הארץ, און רעדט צו איהם, און רעדט צו דער וואַנט, איז אַלץ איינס! לסוף ווערט ער נאָך אין כעס! ער איז נאָך גערעכט! „ארורה! מרשעת!" רופט ער מיך... איהר פערשטעהט? אַ שונא בין איך איהם? זיין רעה בין איך אויסען? וואָס זאָגט איהר צו אַזאַ מין לא־יוצלח?

אָט פאַר־אַ־יאָהרען ווינטער איז עפּעס געווען אַ מעשה. איהר ווייסט דאָך, ווינטער ליגט די סטאָליארקע אין דר'ערד... מסתמא זאָג איך צו איהם: זלמן! ווייסט גאָר וואָס? וואָלסט אַנגעהויבען גאָר צו האַנדלען מיט די וואַרשעווער צעטלעך... וואָס איז? לייט פערדיענען דערפון גאַנץ גוט. בקיצור, איך האָב איהם קוים מיט צרות איינגערעדט. ער האָט געזאָגט, אַז ער קען אַזאַ זאַך ניט טאָן. דאָס איז אַ שווערער עסק פאַר איהם. מען דאַרף יענעם זעהר לאַנג צורעדען, ביז וואַנען ער זאָל אַ צעטעל נעהמען, און ניט ער האָט די צונג דערצו, ניט ער האָט דאָס האַרץ דערצו... זאָג איך צו איהם: וואָס צונג? וועו האַרץ? מען דאַרף גאָר זיין אַ מענש! בקיצור, איך האָב איהם ווי עס איז פון שטוב אַרויסגעשטופּט... צופרידען מיט דעם געשעפט

איז ער ניט נעווען... נאר גארנישט! מיינט איהר, איז וואס איז געווען דער סוף דערפון?... „איך קאן ניט," האט ער גע־זאגט, „איך געה אריין צו אן ארימאן אין א שטוב און בעט איהם נעמען א צעטעל... דאס הארץ דערלאזט מיך ניט! איך וויים, אז די צעטלען איז כזב ושקר, אמת'ע גנבה... היינט צו וואס זאל איך איהם נארען, פערדרעהען א מוח און ארויסרייסען ביי א אידען א קבצן, א גריוונע, אין דער צייט, וואס די קינדער זיינע געהען אום נאקעט און בארוועס און קומען אפ מיט א שטיקעל טרוקען ברויט?... איך קאן דאס ניט, חאשע! הרג'ע מיך!" היינט נעהט רעדט מיט אזא גארנישט! איך שריי אויף איהם: רוצח איינער! אויף דער גאנצער וועלט האסטו רחמנות, נאר אויף דיין ווייב און קינדער ניט! ביי לייטען מאנען... פון אונטער דער ערד וועלען זיי ארויסאקערן! און ער — גארנישט! אויב עס זאל איהם א האר ארען!... „מיך זאל גאט אויסהיטען פון אזוינע פרנסות!" זאגט ער... וואס זאגט איהר אויף דעם צדיק אין לאפטשעם?...

אז איך זאג אייך, אז ווען איך זאל נעהמען דערצעהלען פון איהם, וועט דאס זיין טויזענט און איין נאכט... אין גאלד האבען מיר געקאנט ארומגעהן, ווען ניט ער, דער שלים־מזל, דער לא־יוצלח... נאר איך וועל אייך דערצעהלען די מעשה מיט'ן פלימעניק... דאס איז א מצוה צו הערען!

יא... וואו האב איך געלאזען?... יא... דער פלימעניק האט געהאלטען ביי'ם אנזעצען, קומט ער צו מיר צו געהן און זאגט: „מומינקע! איך וועל ביי אייך בעהאלטען אביסעל סחורה... דארטען א צעהן פעקלעך געוואנט... מיר וועלען דערפאר צו בית־דין ניט דארפען געהן, מיר וועלען שוין צווישען זיך דורכקומען... מיר זיינען דאך אייגענע מענשען." נו, איך פרעג אייך, פאר וואס זאל איך דאס ניט טאן? אז יענעם א טובה און מיר קיין רעה ניט... אבער איך האב געוואוסט, אז איך האב א משוגע'נעם מאן, און ווען איך זאל איהם דערצעהלען, חלילה,

אזא מעשה, וועט ער ממש אויפשפרינגען! איך קאן דאך איהם שוין... האב איך איהם טאקע קיין מעשה ניט דערצעהלט דער־פון, און בשתיקה איהם האב איך צוגענומען ביים פלימעניק די סחורה און האב זי בעהאלטען אין קעמערל. ס'איז אריבער־געגאנגען א טאג, צוויי, ער האט גארנישט געוואוסט. מעהר ווי די קינדער האבען ניט געוואוסט, נאר איך האב זיי פערזאגט, אז זיי זאלען למען השם דעם משוגע'נעם טאטען דאס ניט אויס־זאגען, ווארים דער הימעל וועט זיך הייבען, ווען ער זאל זיך נאר דערפון דערוויסען... מיין עלטערער זוהן, דער פריקאש־ציק, פערשטעהט אליין אויך גוט א געשעפט, ניט אזוי ווי זיין טאטע דער טירוף, רופט זיך צו מיר אפ אויפ'ן דריטען טאג: „מאמע! דו מיינסט אין דער אמת'ן, אז אן חיים'ען (אזוי רופט מען מיין פלימעניק) ווען מיר א מצוה פערדיענען? דו ווייסט דאך, אז ער איז א רייכער פארשוק און ער וועט דיר אודאי פאר'ן גאנצען עסק געבען א פאר רובעל, אויב גארניט א דאנק... און איך וואלט דיר זאגען, אז שוין יא עסען חזיר, איז כאטש פעטע, אז ניט, לוינט ניט די ליפען איינצוריכטען... ווייסט דאך, ווי מען זאגט: דער וואס גנב'עט ביי א גנב איז פטור... לכן וואלט מיין עצה געווען: אז חיים וועט קומען נאך די סחורה, שטעל איהם אויס פיער פייגען, און מיר וועלען דאס שוין מאַ־כען אליין צורעכט..." וואס זאגט איהר, הא? דאס איז ניט א חכם? א מיניסטער, זאג איך אייך! זיין בעל־הבית, וואו ער איז, האלט גאר פון איהם אן עולם ומלאה! ער איז שוין גאר־ניט געראטען אין זיין טאטען... זאל ער נאר ביי מיר זיין אויף לאנגע יאהר! גאט זאל זיך מרחם זיין און אויסלייזען איהם פון פריזיוו... ער שניידט זיך שוין אויף א גביר...

טו הערט־זשע, וואס איז ווייטער געווען... איך האב טאקע גערעכענט צו טאן אזוי. מסתמא דארף מיין שלים־מזל געהן זו־כען עפעס א ברעט אין קעמערל... שדים האבען איהם גע־שלעפט אהינצו!

„וואָס פאַר אַ פּעק איז דאָס דאַרטען אין קעמערל?"

איך האָב איהם גענומען דערצעהלען אַ גאַנצע מעשה, אַז אין גאָס איז צוגעקומען נאָך פּיער קרעמלעך, שרה'קען איז צייט אַ שידוך צו טאָן, שלמה'קע דאַרף באַלד געהן צום פּריזיוו, און ס'איז אַזוינע שלעכטע צייטען, אַז איין גאָט זאָל רחמנות האָבען...

„אַנטקעגען וואָס דערצעהלסטו דאָס מיר? וואָס איז דאָס פאַר אַן אַנצוהערעניש?"

„הער, זלמן!" זאָג איך צו איהם, „איך וועל מיט דיר רעדען אָפען... גענוג דיר שוין צו פּראָווען דיינע שטיק! ווען מיר זאָ־לען זיך אַזוי אויפפיהרען, קענען מיר, חלילה, צו גאָט נאָך קו־מען... דו דאַרפסט דאָך אַליין פערשטעהן..." — און איך האָב איהם דערצעהלט די מעשה פון אָנהויב ביז'ן סוף... איז ווי רע־כענט איהר? אַנגעצונדען האָט ער זיך! איך האָב געמיינט, אַז ער וועט פּלאַצען!

„גנב'טע!" האָט ער געשריען ניט ווי מיט זיין קול, „פאַר אַ גנב ווילסטו מיך נאָך מאַכען?! מעהר פעהלט מיר ניט ווי דאָס! אין דר'ערד זאָלסטו געהן מיט דיין חיים'קען צוזאַ־מען!... אַנזעצען! גאַר אַ ניי וואָרט! אָה, גנבים, הויטשינדער, בייטעלשניידער! צוזעצט זאָלען אייך די קעפּ ווערען! שוין זאָל מיר די סחורה ניט זיין אין שטוב! דו הערסט? איך וויל פון דעם עסק גאָרניט וויסען! אַזעלכע טובות וויל איך חיים'קען ניט טאָן! איך וועל דאָך קיינמאָל ניט אויסגעלייטערט ווערען דערפאַר! שוין שיק איהם אָפּ די סחורה! אַ־ניט וועט מיין פוס דאָ אין שטוב ניט זיין! דו הערסט? איך געה אַליין דעם גנב זאָגען!..."

דער סוף, וואָס איז געוועז, פערשטעהט איהר דאָך שוין... אויסגעפיהרט האָט ער, דער משוגע'נער...

אַט אַזוי ווערט מען דאָס אויסגעריסען אויפ'ן פוס, האָ־בענדיג אַזאַ מאַן! ס'איז אַנטקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט:

יניע כפי... איך האַרעווע, ׳ער, דער משוגע׳נער, האַרעוועט, די קינדער האַרעוועז אויך. און מען קען זיך אַלץ צו נאַרנישט דערשלאָגען! און דאָס איז אַלץ — ער, דער טירוף, שולדיג! איהר זאָגט, אַז דאָס איז אַלץ פרומקייט, גוטסקייט, עהרליכקייט, און איך זאָג אייך, אַז דאָס איז מעהר ניט, ווי הוילע משוגעת, ניט־מענטשעשאַפט... מען דאַרף דאָך פונדעסטוועגען וויסען, אַז מען האָט אַ ווייב מיט קינדער. און שלמה המלך זאָגט אויך אין „טייטש־חומש": ניט זיי קיין צו גרויסער צדיק!... נאָר וואָס איז דאָ צו רעדען? אַז איך זאָג אייך, אַז ער איז אַ לאַ־יוצלח...

# אַז עס ווילט זיך עסן.

אייער־נעכטען האָט ער נאָך געהאַט אַ ניקעל, האָט ער גע־קויפט פאַר דריי סענט ברויט און פאַר צוויי סענט קעז, זיין שטענדיגער בעליבטער מאכל פון דערהיים נאָך; נעכטען האָט ער שוין אַ פעני ניט געהאַט, האָט ער זיך גע׳חיות׳ט אַ גאַנצען טאָג מיט וואַסער, זיין „במקום־עסען" אין דער צייט פון הונ־גער, און היינט ליגט ער נאָך אין בעטעל, קעהרט זיך אויף אַלע זייטען, קאַרטשעט זיך, נענעצט און האָט גאָר ניט בדעה אויפ־צושטעהן.

אָרום טיר פון זיין בעד־רום הערט ער, ווי זיין מיסעס שאַרכעט מיט׳ן קלייד... ער וויל ביי איהר פרעגען, וויפיעל אַ זייגער עס איז. עס מוז שוין זיין גאַנץ שפּעט, נאָר וואָס געהט דאָס איהם אָן? ער וועט איצטער דען געהן ארבייט זוכען? און וואָס איז די פּעולה, אַז ער וועט געהן זוכען? ערשטענס, צי וועט ער געפינען גאָר, און אַז שוין יאָ, איז וואָס דאָס גליק? שוין הונדערט ארבייטען האָט ער אודאי איבערגעטאָן זינט ער איז דאָ אין ניו־יאָרק — מעהר ווי 2—3 טאָלער אַ וואָך האָט ער ניט געמאַכט... אַז מישטיינס געזאָגט, וואָס פאַר אַן ארבייטער איז ער? אַ שוואַכער, אַ באַנק־קוועטשער... אַט ווען אַ פאַר אוראַק־לעך וואָלט זיך דאָ מאַכען ווי אין דערהיים!

— מיסעס! וויפיעל אַזייגער איז איצטער? — פרעגט ער דאָך.

— שלאָפט נאָך! שלאָפט נאָך! עס איז נאָך פריה... —

הערט ער אַז איראַנישען ענטפער פון הינטער דער טיר, — עס מוז איצטער זיין אַ זייגער צוועלף.

וואָס וועט ער טאַקע אויפשטעהן? אַז מען ליגט, ווילט זיך ניט אַזוי עסען... ניין! וועלען ווילט זיך אַפילו, אין הארצען ציהט, בפרט נאָך נעכטען אַ גאַנצען טאָג ניט געגעסען, דאָך איז עפּעס גרינגער, אַז מען ליגט... דער הונגער פיהלט זיך ניט אַזוי שטאַרק... אָה, אַ נאַרישקייט! ער האָט אייער־נעכטען בעסער געדאַרפט קויפען פאַר'ן גאַנצען ניקעל ברויט, דאַן וואָלט איהם געסטייעט אויף נעכטען און אויף היינט אויך... ער האָט אָבער אין גראָסערי דערזעהן די קעז... ווייכינקע קעז, אַזוי ווי היימי־שע... עפּעס זויער אין מויל איז איהם געוואָרען... האָט ער ניט געקאָנט ביישטעהן דעם נסיון...

ער האָט זיך אויפגעהויבען און גענומען זוכען עפּעס אויפ'ן טישעל, וואָס איז געווען פערלעגט מיט ביכער, פּאַפּירען און צו־ריסענע צייטונגען... אַ שטיקעל סיגאַרעט האָט געדאַרפט זיין פון נעכטען, ער האָט דאָס מיט אַ כיון געלאָזען אויף היינט... ער האָט דאָס ענדליך געפונען און פערדרויכערט. אין קאָפּ האָט איהם גענומען רוישען נאָך שטאַרקער, דאָך האָט ער זיך עפּעס גע־פיהלט גרינגער: רויכערן, ווייסט ער פון אַלע מאָל אַן, איז אַ שטיקעל סגולה צום הונגער... ער האָט געשלונגען דעם רויך און זיך פּשוט געקוויקט דערמיט.

דאָס שטיקעל סיגאַרעט האָט שוין געהאַלטען ביים ענדע, און איהם האָט פערקוועטשט דאָס האַרץ... איהם איז מאָדנע שווער געווען צו שיידען זיך מיט'ן סיגאַרעט... ווי אויף אַ חבר, וואָס האַלט ביים אויסגעהן, האָט ער געקוקט אויף איהם... ביז'ן סאַמע טרייבעל האָט ער גערויכערט, נאָר דער סיגאַרעט האָט שוין מעהר ניט געקאָנט דיענען און זיך אינגאַנצען אויסגעלאַ־שען... מיט כעס האָט ער אַ וואָרף געטאָן דאָס טרייבעל אויף דר'ערד און אויסגעשפּיים.

„נו, מען דאַרף פאָרט אויפשטעהן!" — וואָס וועט ער אויסלינען?

ער האָט זיך גענומען אַנטאָן.

וואוהין געהט מען אָבער? וואָס טוט מען היינט?

ער האָט ניט אפילו אַ פעני אויף אַ צייטונג, היינט ווי וועט ער געהן זוכען ארבייט? שוין עטליכע טעג, ווי ער קויפט ניט קיין פייפער... נאָר ווייטער? וואָס איז די פעולה? אַז ער קאָן קיין ארבייט ניט... געלערענט קיין ארבייט האָט ער זיך ניט: מען דאַרף דאַרויף האָבען געלט און צייט. די רייכע קרובים זיינע, די חזירים, וועלכע ער האָט דאָ, האָבען איהם פון ארבייט אָפּגעשלאָגען...

— צו וואָס וועסטו זיך געהן לערנען אַן ארבייט? — האָבען זיי צו איהם די גאַנצע צייט געֿטענה'ט, — די באַסעס נעהמען צו דאָס געלט און די צייט, די ארבייט לערנט מען זיך ערשט ניט אויס, און דערנאָך אפילו מאַכט מען אויך ניט קיין גרויסע גליקען... סלעק און נאָך אַזעלכע צרות... פון אַן ארבייט איז שווער זיך ארויפצואַרבייטען! אַט מען דאַרף זיך נעהמען צו ביזנעס, פעדלען מיט עפּעס... וואָס איז? אַט אַלע גרויסע ביזנעסלייט האָבען זיך פון פעדלען ארויפגעאַרבייט.

ניין! ער קען אָבער ניט געהן פעדלען! עס עקעלט איהם דערפון... ער קאָן קיין קרעמער ניט זיין!... די קרובים פערשטעהען איהם איננאַנצען ניט. זיי מיינען, אַז ער איז אַהער, אין אַמעריקע, געקומען זיך ארויפצואַרבייטען!... ווי אַזוי וועלען זיי גאָר קענען פערשטעהן איהם און זיינע אידעאַלען? אַז מעהר ווי „ביזנעס," „טאַלער," „פּלעזשור" ווייסען זיי ניט... היינט געה דערצעהל זיי אַ מעשה, אַז אין רוסלאַנד וואָלט ער זיך אויך געקאָנט ארויפאַרבייטען, ער האָט געקאָנט דאָרט שטודירען, קריגען אַזוי אַ גוטע שטעלע, איז אָבער ניט דאָס האָט ער געזוכט, ער האָט בעסער געגעבען „גראַשענדיגע אוראָקען,"

געהונגערט, ווייל ער האט געדארפט ארבייטען אין דער בעוועגונג.

דאס האט ער זיי אפילו דערצעהלט, אז ער האט אין דערהיים געגעבען אוראקען אויף רוסיש. ער האט זיי דערמיט געוואלט בעווייזען, אז ער איז א קענער, אז ער איז ניט קיין סרעמער פון דער היים...

— וואס טויג דא אבער דיין רוסיש? — האבען זיי איהם געזאגט. — וואלסט דא אפילו געקאנט שטודירען, דערצו אבער דארף מען האבען געלט... אט געה אוועק פעדלען, וועסט אפסייווען א ביסעל געלט, און דערנאך וועסטו זיך קענען צו עפעס דערשלאגען... פיעלע האבען דא געטאן אזוי...

זיין פרומער פעטער האט פאר איהם גאר אן אנדער פלאן.

הער, שמעון! — האט ער צו איהם איינמאל געזאגט. — מען האט דאך עפעס גערעדט אמאל פון דיר, אז דו ביסט א גוטער אינגעל געוועז, אן עלוי ממש... מוזטו דאך עפעס קענען לערנען... האסט זיך דאך נאך ניט פערגעסען? וואלסט געקאנט מאכען א קנעלונג... אנדערע מאכען דערפון ניט שלעכט... איך וואלט דא א סטארע געטאן זיך פון דיינעטוועגען.

ער איז דאמאלס רויט געווארען אין פנים... זיין פעטער'ס מיידעל האט אויף איהם מאדנע א קוק געטאן... צי מיט רחמנות, צי מיט פעראכטונג?... ער בעשטעהט ניט אפילו אהן איהר!... א בורזשויקע... דאך האט ער זיך פערשעמט... א מלמד וועט ער ווערען? אפילו ווען ער וועט פון הונגער אויסגעהן, וועט ער דאס ניט טאן! פערשפרייטען פינסטערניש? דאס איז דאך געגען זיינע פרינציפען!

זינט ער איז דא, האט ער ביים פעטער קיינמאל ניט געגעסען... איינמאל האט מען איהם דארט געבעטען עסען, איז ער גלייך צוגעגאנגען צום טיש און גענומען עסען...

— נו, און וואשען זיך? — האט דער פעטער געפרעגט. — מיינסט, אז דא אין אמעריקא עקט זיך שוין די וועלט? דא זייי-

נען נאך אויף, ברוך השם, פאראן אמת'ע אידען! די גרינע מעהר נישט, ווי זיי קומען אהער, ווארפען זיי פון זיך אראפ דאס יאך...

ער האט דאמאלס געוואלט דערצעהלען דעם פעטער, אז ער האט נאך אין דערהיים אראפגעווארפען דאס „יאך"... ער האט איהם עפעס געוואלט א בריה טאן, אנטאן איהם א צער, אפלא־כען פון זיין גאט, פון זיין אידישקייט... זאל דער פעטער ווי־סען, וואס פאר א פויגעל זיין פלימעניק איז! זאל דער פעטער וויסען, מיט וועמען ער האט דא צו טאן... דאס הארץ האט איהם אבער דאמאלס פלוצלונג פערכאפט, א ווארט האט ער ניט גע־קאנט אויסרעדען... דעם ביסען האט ער אפילו ניט געענדיגט — און איז גלייך אוועק. פון דאמאלס אן געהט ער שוין צו איהם ניט... צו ק י י ן קרוב געהט ער ניט...

— אויף כפרות זיי! — האט ער אויסגעשריען, ארויפ־ציהענדיג מיט כעס דעם שוך.

וואס טוט מען אבער פארט? קיין שניי צום שארען איז ניטא! שלעפען אויפ'ן „עקספרעס" די קאסטענס האט ער קיין כח ניט פשוט! ס'איז א שלעכטע מעשה!... אויפ'ן לאזשי האט ער נאך א וואך צו זיין... די מיסעס וועט דאך בעטען געלט... איהר קומט דאך נאך פאר עטליכע מאל עסען אויף... גלאט איי־נער אליין צאהלען פינף טאלער א חדש פאר א רום! וואו וועט ער דאס נעהמען? קיין שותף צו זיך קריגט ער ניט... מנוחין האט זיך מיט איהם אפגעבריהט, האט ער געלאזען אינמיטען, האק און פאק און קוים מיט דער נשמה אנטלאפען... מעהר וויל קיי־נער צו איהם ניט קריכען!... זאל ער אפשר געהן אין א רעסטא־ראן פאר א ווייטער?... א לאקיי זיין? פע! און ווידער א גאנצענעם טאג דארף מען זיין פערנומען... ניט ער וועט קענען לייענען, ניט אויף א פערזאמלונג געהן...

ער איז פארטיג געווארען מיט'ן אנטאן זיך, ער איז אבער געבליבען שטעהן פערטראכט אין זיינע געדאנקען.

עס וואָלט זיך פונדעסטוועגן געמאַכט אַ וואַסערע צוויי־דריי אוראַקלעך, לעסאָנס, ווי מען רופט דאָס דאָ, כאָטש אויף העברעאיש, נאָר וואו ער זאָל ניט דאַרפן קאַרטשען פון זיך אַ ירא שמים, ניט דאַרפן קיין „ברכה" זאָגן!... איהם וואָלט דאָן אַ פולע צייט בלייבן צו לייענען, צו טאָן אין דער בעוועגונג... אַז מען האָרעוועט זיך אָן אַ גאַנצען טאָג, בפרט נאָך ער, וואָס ער האָט קיינמאָל ניט געאַרבייט, איז שווער צו אַרביי־טען אין דער בעוועגונג... אי, אַ פּאָר אוראַקלעך! אַ גוטע זאַך וואָלט דאָס געווען! ער געדענקט נאָך גאַנץ גוט העברעאיש... דאָס איז אויך אפילו געגען זיינע פּרינציפּען... דאָך, מיט וואָס איז העברעאיש ערגער פון אַלע אַלטע שפּראַכען? האָט ער דאָך אין דערהיים געלערענט לאַטיין? יאָ, עס מאַכט ניט אויס! הלואי וואָלט זיך נאָר מאַכען... קנעלען אָבער, ווערען אַ מלמד, ווי זיין פעטער וויל, קאָן ער ניט און וועט דאָס ניט!

* * *

ער איז שוין געווען אויפ'ן גאַס. ער האָט זיך מאָדנע גע־פיהלט אָפּגעשוואַכט, דאָך איז ער געגאַנגען, ניט וויסענדיג וואוהין.

„אין לייברערי!" האָט ער ענדליך בעשלאָסען.

ער איז דאָרטען געכטען אַ גאַנצען טאָג געזעסען... אַ אינ־טערעסאַנט בוך געלעזען, ער וועט דאָס געהן היינט ענדיגען...

און טראַכטענדיג וועגען דעם, וואָס ער האָט נעכטען גע־לייענט, האָט ער גענומען געהן שנעלער אָביסעל, כאָטש די פיס האָבען איהם עפּעס ניט געפאָלגט. אין די רעסטאָראַנען מיט די אָפענע טירען, מיט די גרויסע ליכטיגע פענסטער איז מען גע־זעסען און געגעסען... איהם האָט דאָס מאָדנע גערייצט, עס האָט איהם גענומען נאָך שטאַרקער בורטשען אין בויך, די סלינע איז איהם געפלויגען צוריק אין מויל אריין...

„דאָס בוך איז גוט אָנגעשריעבען!... זעהר גוטע געדאַנקען זיינען דאָרט אַרויסגעזאָגט..." האָט ער זיך געסטאַרעט צו פער־

טיפען אין דעם ענין פונ'ם בוך, וואס ער האט נעכטען געלייענט און וואס איצט נעהט ער דאס ענדיגען.

ער האט זיך גענומען דערמאנען די געדאנקען פונ'ם בוך, אנאליזירען זיי, נאר איינציגווייז זיינען זיי ביי איהם ארויסגע־קראכען פון קאפ און ער האט אלץ געכאפט א קוק אין די רעס־טאראנען, קאפע־הייזער, פארביי וועלכע ער איז גענאנגען, און האט אלץ געשלונגען די שפייעכץ...

וואלט ער שוין געווען אין לייברערי, וואלט ער זיך ארייג־געטאן אין בוך, וואלט ער זיך דאן פערגעסען אן אלץ... נאר ער האט א היבש שטיק צו געהן, און אויפ'ן וועג, ווי אויף צו להכעים, א טיר איבער א טיר, פון ביידע זייטען גאס, געפינען זיך רעסטאראנען, קאפע־הייזער, לאנטש־רומס, בעקערייען, סטענדס מיט עפעל, מיט בארנעס, מיט וואלוועלע געבעקס... א פעני א שטיק! גאנץ וואלוועל, א היבש שטיק, און געשמאק רערצו... מען קאן זיך אנעסען...

ער האט גענומען שארען אין די קעשענעס... א קשיא אויף א מעשה! אמאל קאן טרעפען — עס זאל זיך פערוואלגערן ער־גיץ א פעני... אנומעלט האט דאס מיט איהם געטראפען...

ניטא!...

ער האט זיך אפגעשטעלט לעבען א סטענד און גענומען זשערנע קוקען אויף די געבעקס...

— וועלל, מיסטער? — האט איהם געפרעגט דער סטענד־קיפער.

ער האט אראפגעשלונגען די שפייעכץ און גענומען געהן ווייטער...

„ער רעדט דארטען גאנץ גוט וועגען דער פערעלענדונגס־טעאריע, וועגען דער קאנצענטראציע פון קאפיטאל און וועגען..." האט ער זיך געסטארעט צו טראכטען וועגען דעם בוך...

„הא? וואוהין געה איך דאס?" האט ער זיך פלוצלונג אפ־

געשטעלט. „זעה, וואוהין בין איך דאס פערגאנגען? איך קאן דאך אזוי געהן און געהן ביז מארגען...“

ער האט זיך פערקירעוועט אין אן אנדער גאס... ער איז פארבייגעגאנגען א פארק... די פיס האבען איהם מאדנע גע־חלש׳ט, אין הארצען געצויגען... אפרוהען האט זיך איהם גע־וואלט... ער איז אריין אין פארק און האט זיך צוגעזעצט גלייך אויף דער ערשטער באנק...

„מען דארף ערגעץ היינט א געה טאן אנטלייהען אבי־סעל געלט...“ האט ער א טראכט געטאן.

נאר וואו וועט ער לייהען? ער איז איינגעטונקט אין חובות פון קאפ ביז די פיס... שרה׳קען קומט ער פיער טאלער... און אר־בייטארין נעבעך, הארעוועט... פון די לעצטע האט זי איהם גע־געבען... היינט גרינשטיינ׳ען, דוד׳ן, ברוך׳ן און... דאס זיינען דאך אלע ארימע ארבייטער! ניין! ער קאן פאר זיי די אויגען ניט ווייזען! זיי וואלטען אפילו געגעבען... נאר ער קאן ניט לע־בען אויף קהל׳שען רעכנונג!... גלאט נעהמען און ניט אוועקגע־בען!...

וואלט ער געוועזען כאטש אביסעל געזינטער, וואלט איהם כאטש אין הארצען ניט וועה געטאן, וואלט ער ווייטער גע־גאנגען אויפ׳ן „עקספרעס“ שלעפען די קאסטענס... א טאלער א טאג!

זאל ער אריבערפאהרען צו די קרובים אפ־טאון?... האט ער ניט אויף קאר־פעער...

דאס בלוט האט איהם גענומען קאכען... ניין! ער וועט ניט פאהרען צו זיי, באדאי ער וועט פון הונגער אויסגעהן! בויגען זיך פאר זיי? אויסהערען זייערע עצות? זייער מוסר?

דער קאפ האט איהם גענומען נאך שטארקער וועה טאן... ער האט ניט געהאט קיין כח אפילו איינצוזיצען אויף דער באנק... איהם האט זיך פערוואלט צולעגען זיך, אויסציהען זיך אביסעל, אויסגלייכען די ביינער...

אבער עס איז דאָך אזוי קיין פּלאַן ניט!

דער פּעטער וואוינט דאָ, דאַון־טאַון... ער וואָלט אריינגעהן צו איהם היינט אויף סאַפּער... ער וואָלט איהם א מאָלער אויף אנטליהען... דער פּעטער וועט אָבער ווייטער אָנהויבען צו רע־דען וועגען קנעלען...

„שעהנער מענש!" וועט דער פּעטער איהם געוויס זאָגען, „וואָס ביסטו דאָס דאַמאָלט אנטלאָפען אזוי ווי א משוגע'נער? וואָס זעהט מען דאָס עפּעס דיך ניט?"

און ער וועט זיך נאָך פון איידעלקייט וועגען דארפען אודאי פערענטפערען פאַר דעם פּעטער... אויסטראַכטען א ליגען... ער וועט זיך דארפען וואַשען צום עסען, בענשען מיט א „מזומן"...

„ניין!" האָט ער שאַרף ארויסגערעדט.

ער האָט זיך אויפגעהויבען פון באַנק... ער האָט דערפיהלט, אז אָט־אָט — און ער וועט אַנידערפאַלען...

„מען דאַרף געהן אין לייברערי ענדיגען דאָס בוך!" האָט ער בעשלאָסען — און גענומען געהן...

דער קאָפּ האָט איהם וועה געטאָן, אין הארצען געצויגען, אין בויך געבורטשעט, און קוים וואָס ער האָט די פיס געשלעפּט.

„דער פּעטער וואוינט נאָך, דאַכט זיך, אויף..." האָט ער זיך געוואָלט דערמאָנען.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף א ראָג גאַס און זיך פער־טראַכט... אויף איהם איז געווען שרעקליך צו קוקען. זיין בלייך־דאַר פּנים האָט זיך געקרימט, די אויגען זיינען געווען פערלאָ־שען, אָהן שום לעבען, און ער האָט זיך איז גאַנצען צונויפגע־קאָרטשעט, אז ער איז געוואָרען נאָך קלענער ווי ער איז גע־ווען...

ער האָט גענומען אין קאָפּ זוכען א קירצערען וועג, מיט וועלכען ער זאָל קאָנען ארויסקומען אויף דער גאַס, וואו זיין פּעטער וואוינט...

# די מלחמה מיט'ן בעל.

...און ווען ער איז געקומען אין דער שטאָט, וואָס אויף דעם טייך הדסאָן, און האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען צו מזרח־זייט, דאָרט וואו עס ווערען פער'חושכ'ט זיינע פערוואָגעלטע, פערוויסטע ברידער, די קינדער פון זיין פאָלק, און ער האָט דערזעהן די מעשים פון זייערע עלטסטע, פון זייערע פיה־רער — איז איהם דאָס האַרץ צובראָכען געוואָרען און ער האָט אויסגעשריען:

„מיין גאָט, די קינדער ישראל'ס האָבען פערלאָזען דיין תורה, זיי האָבען צושטערט דיינע מזבחות, זיי האָבען אויסגע־הרג'עט דיינע נביאים — און זיי דיענען צום בעל, צו עשתרות און צו די אַלע אנדערע אָפּגעטער... אַ קאַמף ערקלער איך פון דיין נאָמען וועגען!"

און אַלע טאָג זעהט מען איהם ארומגעהענדיג אין די גאַסען פון שטאָט מיט אַ רויטען גאַרטעל אויף די לענדען און זיין קול ברומט ווי אַ קול פון אַ לייב פון איין עק שטאָט ביז'ן אנדערן:

„אַ מלחמה מיט דעם בעל און מיט זיינע כהנים!"

און מען רודפ'ט איהם, מען שפּאָט פון איהם, מען שפּייעט איהם אין פּנים, מען טייט אויף איהם מיט די פינגער:

„אליהו הנביא געהט!... דער קנאי געהט!..."

און ער, אליהו הנביא, פערלאָזען ווייב און קינדער, שאָף און רינדער, האָב און גוטס, געהענדיג מיט דעם כח פון איין מאָל אָפּעסען פערציג טעג און פערציג נעכט, האָט געקעמפּט,

ער, איינער אליין, דער איינציגער אמת'ער נביא, מיט די אלע פאלשע נביאים, די פיער הונדערט און פופציג נביאי הבעל...

און קינדער, און גאסען־יונגען, און באד־יונגען, געהעצט פון די גרויסע, פון די פאלשע נביאים, לויפען איהם נאך, ווארפען אויף איהם מיט בלאטע, מיט שטיינער און שרייען:

„אליהו הנביא! אליהו התשבי! אליהו הגלעדי!"

און ער, אליהו הנביא, קוקט אויף קיין זאך ניט, שרעקט זיך פאר קיינעם ניט און העלדיש און מוטיג קעמפט ער אליין און קעמפט, און א גאנצענעם טאג דונערט זיין קול:

„דער בעל וועט פערטיליגט ווערען פון דר'ערד און דער גאט פון אמת וועט זיגען!"

* * *

און ער האט געזעהן פיעל הייזער, וואס זייערע פענסטער זיינען געוועזען בעדעקט מיט שפינוועבס און פערשטעקט מיט שמאטעס. און אן עפוש האט זיך געטראגען פון די דאזיגע הייזער ווייט ווייט, אזש דער אטעם האט פערכאפט...

און אט די הייזער זיינען שטענדיג פיעל און פול געוועזען, און די פינסטערקייט איז אזוי גרויס געוועזען דארט, דאס קיין מענשען האט מען גארניט געזעהן, נאר עפעס א געדיכטע פינסטערע מאסע, און אויבען, איבער דער מאסע, שטעהט א פאלשער כהן מיט א גראבען בויך, מיט א געזונטען קארק, אין א לאנגער שווארצער קאפאטע, די אויגען צבוע'ציש פערגלאצט צום הימעל, א טייוועלשער שמייכעל אויף די ליפען און אין האנט א געטשקע...

און דער פאלשער כהן דרשנ'ט: „דאס איז דיין גאט, ישראל! דעם קאפ האלט אראפגעלאזען צו דר'ערד! דיין קול זאל זיין נידעריגער פון דר'ערד! דיין האלז גיב אונטער'ן יאך... דיין וואל צום שערען... דיין בלוט צום טרינקען... דיין מארך צום זויגען! דריי זאכען האט גאט, ברוך הוא, פערזאגט צו זיין

פאָלק ישראל: ומשמע, ודומה, ומשא — הערען, שווייגען און ליידען... נאָר הכנעה! נאָר געדולד!"

און דאָס פאָלק פּאַלט כורעים און שעפּצעט שטיל: „קדוש, קדוש! קדוש!"

און די האָר פון אליהו הנביא׳ס קאָפּ ווערען ווי טשוועקעס און ער טוט אַ געשריי:

„אַ מלחמה מיט דעם בעל און מיט זיינע כהנים!"

און די שווארצע מענשען שצירען אויף איהם זייערע וועלפישע ציינער און שרייען:

„אליהו הנביא!... שלאָגט איהם! הרג׳עט איהם! ער לעסטערט גאָט!"

* * *

און ער האָט געזעהן אַ הויף, שעהן הויז און אויף זיין שפּיץ האָט געפלאַטערט אַ געל־גרינגעוואָרענע רויטע פאָהן.

און ארום דעם הויז האָבען זיך צונויפגעזאַמעלט פיעלע, וועלכע זיינען אַנטלאָפען פון אַט יענע פינסטערע הייזער. זיי זיינען געקומען אהער הערען אַ גאָט׳ס וואָרט, וואָס ווי אַ האַמער קלאַפט עס שטיינער; אַן אמת וואָרט, וואָס זאָל זיי טרייסטען אין עלענד; אַ לעבעדיג וואָרט, וואָס זאָל זיי דערמונטערן און מוטיגען; אַ ברענענדיג וואָרט, וואָס זאָל זיי דערוואַרימען די פערפראָרענע הערצער...

און דאָס פאָלק האָט אָנגעשטעלט די אויערן און ברייט פונאַנדערגעעפענט די מיילער און געוואַרט מיט אומגעדולד...

און אַ האַנט איז געשיקט געוואָרען פון דעם דאָזיגען הויז און אין איהר איז געווען אַ מגלה פערשריבען פון אַלע זייטען, און פון אויבען איז געשטאַנען אַ פסוק, וועלכער האָט גערופען צו ברידערליכקייט, צו פעראייניגונג, צו בעפרייאונג...

און ווען דאָס פאָלק האָט דאָס דערזעהן, איז עס פרעהליך געוואָרען און זיינע לעפצען האָבען זיך בעוועגט צו זאָגען שירה...

און די מגלה האָט דערצעהלט אַ מעשה, ווי אַ קוה איז גע־פלויגען איבער'ן דאַך און האָט געלעגט אַן איי; ווי מען האָט פערזעעט דערנער און געשניטען ווינט און נאָך אַזוינע מעשיות, וואָס ניט געשטויגען, ניט געפלויגען...

און דאָס פאָלק האָט אויפגעגעסען די מגלה מיט גרויס טעם, און זי איז איהם געווען אין מויל ווי האָניג זיס...

און כהנים אין געל־געוואָרענע רויטע העמדער האָבען זיך געוויזען אין די פענסטער פון דעם דאָזיגען הויז, און זייערע פנים'ער האָבען געשטראַלט פאַר שמחה, און דאָס פאָלק האָט געשפרונגען און געטאַנצט...

און אליהו הנביא'ס פנים צינדט זיך אָן ווי אַ פייער און ער שרייט אויס מיט אַ קול, וואָס צורייסט בערג און צוברעכט פעלזען:

„וועה צו די פאַלשע כהנים, צו די פיהרער — די פערפיה־רער! איך האָב געטראַכט אין מיין הארצען: פון אָט דעם הויז וועט ארויס די תורה צו די אַלע קינדער פון גלות; אָט די מענ־שען וועלען ווייזען דעם פאָלק דעם אמת'ן וועג צו בעפרייאונג; זיי וועלען לערנען דאָס פאָלק די וועגען פונ'ם אמת'ן גאָט; זיי וועלען פערטיליגען די פינסטערע מאַכט פון די פאַלשע כהנים אין די לאַנגע שוואַרצע קאַפּאָטעם — און נון, זיי האָבען גאָר פערשוועכט מיין פּאָהן, זיי הייסען דעם פאָלק דיענען צום בעל און זיי שרייען רק: „שלום! שלום!“ וועז עס איז גאָר ניטאָ קיין שלום!...“

און אליהו הנביא נעהמט זיך וואַרפען רעכטס און לינקס און זיין קול ווערט אַלץ שטאַרקער:

„אַ מלחמה מיט דעם בעל און מיט זיינע כהנים!“

און די געל־געוואָרענע רויטע מענשען קוקען אויף איהם מיט פעראכטונג און שפּאָט און זיי שרייען אין איין קול:

„אליהו הנביא!... יאָגט איהם! טרייבט איהם! הערט ניט

וואָס ער רעדט! אַ נאַר איז דער נביא... משוגע איז דער ווינט־מענש!

* * *

און ער האָט געזעהן פּיעלע פון זיינע ברידער, די קינדער פון זיין פאָלק, שטעהען יום טוב'דיג אויסגעפּוצט אין פרעמדע קליידער. און יעדער פון זיי האָלט אַ גאָט אין האַנט: ווער דעם גאָט פון מואב, ווער דעם גאָט פון עמון, ווער דעם גאָט פון צידון, און ווער דעם גאָט פון ארם... און זיי שטעהען אַלע און זיי שפּרינגען און טאַנצען...

און ער האָט זיי געפרעגט: „וואָס איז דאָס פאַר אַ מחנה? וואָס פאַר אַ יום־טוב איז ביי אייך היינט?"

און זיי האָבען זיך אַלע פאַנאַנדערגעלאַכט אויף אַ הויך קול און זיי האָבען געזאָגט איינער צו דעם אַנדערען: „זעה וואָס פאַר אַן עם הארץ דאָס איז! ער ווייסט גאָר ניט, אַז אַלע פעלקער האָבען געמאַכט איין בונד צוזאַמען, און עס איז שוין ניטאָ קיין מואבים, קיין עמונים, קיין צידונים, קיין ארמים, נייערט איין גרויס און מעכטיג פאָלק, וואָס הייסט „מענשהייט"! און דאָס איז דער יום־טוב, וואָס מיר פייערן!"

און אליהו הנביא האָט זיי געפרעגט: „אויב אַזוי, פרעהט מיך זעהר; נאָר צו וואָס זיינען אָט די אַלע געטשקעס אין אייערע הענט? וואַרפט אוועק אויך די געטער פון מואב, עמון, צידון און ארם, אַזוי ווי איהר האָט אַוועקגעוואָרפען דעם גאָט פון אייערע עלטערן!"

און ווידער אַ געלעכטער און קולות האָבען זיך געהערט:

„לעבען זאָל דער בעפרייעטער מואב!"

„אויף דעם טייך האַדסאָן וועלען מיר דיך ניט פערגעסען, עמון!"

„עס איז נאָך ניט צופוילט געוואָרען צידון!"

„דו ביסט אונזער פאָטערלאַנד, ארם!"

און אליהו הנביא איז פול געוואָרען מיט צאָרן און זיין קול האָט געקלונגען:

„וועה צו די בוגדים, וואָס טוען אָן אַ רויט העמד פון ווע־נען צו פעלשען! זיי האָבען זיך דערוויילטערט פון זייער פאָלק, וואָס איז גערריקט פון אינווענניג און פון דרויסען... זיי רעדען אויף אַזאַ שפּראַך, וואָס זייערע פער׳חושכ׳טע ברידער פער־שטעהען גאָר ניט... זייער האַרץ טוט וועה אויף די צרות פון מואב, עמון, צידון און ארם, און די צרות פון ז י י ע ר פאָלק זעהען זיי ניט! אַה, איהר בוגדים! איהר לויפט צו העלפען די פעלקער, מיט וועלכע איהר האָט זיך כלומר׳שט צומישט, און פליהענדיג זעהט איהר גאָר ניט די פונאַנדערגעוואָרפענע, צו־קוועטשטע, צומורסטע קערפּערס פון אייערע אייגענע ברידער, און איהר טרעט איבער די קערפּערס, און איהר זעהט גאָר ניט. ווי זיי צאַפּלען זיך, און איהר פליהט אלץ ווייטער ווייטער, אהין צו די גרויסע, צו די שטאַרקע מחנות!...“

און אליהו הנביא הערט ווי מען לאַכט פון איהם, און איי־נער פון די בוגדים זאָגט אַזוי: „טו זאָלען די קערפּערס, וועלכע זיינען געבליבען הינטערשטעליג, אויפשטעהען פון דער ערד און געהן נאָך אונז צו יענע גרויסע, שטאַרקע מחנות! זאָלען זיי ניט ליגען אין דער פינסטערניש, זאָלען זיי ניט זיין קיין פוילע, קיין אָפּגעלאָזענע!“

און אליהו הנביא האָט אויף זיי אַ קוק געטאָן מיט פער־אכטונג און ער האָט געזאָגט: „אַה, איהר בוגדים! ווי אַזוי זאָל דאָס פאָלק געהן נאָך אייך, ווען די פאַלשע כהנים האָבען איהם פערצאַמט דעם וועג, ארויפגעצויגען אַ וואָלקען איבער זיינע געצעלטען? דאָס פאָלק זעהט אייך ניט און הערט אייך ניט! איהר קריכט איבער דעם פאַרקאָן — און איהר זייט שוין צופרידען! אייך אַרט גאָר ניט, דאָס האַרץ טוט אייך גאָרניט וועה אויף אייערע ברידער, וועלכע זיינען איבערגעבליבען אין דער פינסטערניש אלס אַ ציל־ברעט פאַר די קוילען פון זייערע

שונאים פון אינוועניג און פון דרויסען... איהר אנטלויפט ניט פון אייערע ברידער! געהט צו זיי, לערנט זיי, רעדט צו זיי אויף זייער שפראך, צינדט אן ליכט אין זייערע געצעלטען!"

און ווידער א געלעכטער און טויזענטער קולות האבען פער־הילכט די לופט:

„אליהו הנביא! שווארצער רוח! דו מאכסט אן א פירוד־לבבות צווישען פעלקער! דו צורייסט דעם בונד צווישען מענ־שען!"

און אליהו הנביא שטעהט מלא חמה, זיינע פויסטען אויפ־געהויבען אין דער הויך און זיין קול דונערט:

„א מלחמה מיט דעם בעל און מיט זיינע כהנים!"

* * *

און אליהו הנביא האט ארייגעשלאגען א שטעקען אויפ'ן בערגעל, וואס אנטקעגען דעם הויז מיט דער געל־געווארענער רויטער פאהן, און אויפ'ן שטעקען האט ער ארויפגעצויגען אן עכט־רויטע פאהן, רויט פון דעם בלוט פון זיינע גערדריקטע ברידער, וואס עס האבען פערגאסען די עמלקים, די פלשתים און אויך זייערע אייגענע מלכים, קצינים און שרים...

און אויף דער דאזיגער בלוט־רויטער פאהן איז געווען אויפ־געשריבען מיט פייערדיגע ווערטער: „עס זאל לעבען דער נייער אויפלעבענדער ישראל!" — פון איין זייט, און „עס זאל לעבען די ברידערליכקייט צווישען אלע פעלקער!" — פון דער אנדער זייט.

און אליהו הנביא, דער איינציגער קעמפער פאר'ן אמת, איז געשטאנען ביי דער דאזיגער בלוט־רויטער פאהן מיט א רויטען גארטעל אויף די לענדען.

און פון זיינע אויגען זיינען געפלויגען פונקען, געטליכע פונקען, און זיין רעכטע האנט איז געווען אויסגעשטרעקט אין דער הויך, און זיין קול שטארק ווי אייזען האט זיך געטראגען איבער'ן גאנצען פלאץ:

„אַ מלחמה מיט דעם בעל און מיט זיינע כהנים !“

און פיעל מענשען זיינען פאַרביינעגאַנגען, און אליהו הנביא האָט זיי גערופען מיט זיין מעכטיגען קול, צו שטעלען זיך אונ־טער גאָט'ס פאַהן, די עכט־רויטע פאַהן, און צוזאַמען מיט איהם קעמפען געגען די אַלע פערפיהרער...

נאָר דאָס פאָלק האָט האַרט געמאַכט זיין האַרץ, פער־שטאָפּט זיינע אויערן, אָפּגעקעהרט זיינע אויגען... און נאָר אַ קליינע צאָהל האָט אריינגענומען אין האַרצען די אמת'ע רייד פון גאָט'ס נביא...

און די כהנים אין די לאַנגע שוואַרצע קאַפּאָטעס, און די כהנים אין די געל־געוואָרענע רויטע העמדער, און די בוגדים, וועלכע האָבען צוריסען דעם בונד מיט זייער פאָלק, האָבען אַלע צוזאַמען ווי איין בונד געמאַכט, און געלאַכט פון אליהו הנביא'ן און זיי האָבען צוגעזאָגט דעם פאָלק זיסע זאַכען...

„עס פאַסען יסורים פאַר דיר, ישראל ! אבער ווי גרויס דיין שכר איז אויף יענער וועלט ! לויתן... שור הבר... יין המשומר“ טרייסטען דאָס פאָלק די שוואַרצע כהנים.

„פאָלט ביי זיך ניט אראָפּ, איהר אָרימע ! לקט, שכחה, פאה וועט איהר האָבען לרוב, אויב איהר וועט הערען אין אונזער קול“... זאָגען צום פאָלק די געל־געוואָרענע רויטע כהנים.

„אמת, איהר וועט יעצט גע'רודפ'ט, געדריקט, געשלאָגען... אבער דאָס איז ניט אויף אייביג... זעה, ישראל, עס ווערט ליכ־טיג אין די געצעלטען עמלק'ס... נאָר וואַשט זיך אָרום, ווערט ריין — און עמלק וועט אייך דערמאָגען ווי ברידער“... האָבען זיך ענדליך געווענדט צום פאָלק אויף די בוגדים.

און אליהו הנביא שרייעט אַלץ און שרייעט :

„הערט ניט, מיינע ברידער, צו דעם קול פון די נביאי השקר !... זיי וואַרטען אַלע אויף אייער טויט... אבער איך רוף אייך צום לעבען !“

און דער קאַמף פלאַקערט זיך פאַנאַנדער... און דאָס פאָלק,

וואָס בלאָנדזשעט אין פינסטערניש, געהעצט פון דעם „דריי־בונד“, האָט אויסגעשטעקט די צונג צו אליהו׳ן, געשצירעט די ציינער, געהויבן פויסטען, געוואָרפן בלאָטע, שטיינער, געטו־מעלט, געשריען...

און אליהו הנביא מיט א פנים נאָס פון שפּייעכץ, אין צו־ריסענע בגדים, שטעהט מיט זיין קליינער מחנה... אין האַלז איז איהם שוין טרוקען געוואָרען, נאָר ער שרייעט אַלץ און שרייעט:

„קליין איז מיין מחנה, אויף די פינגער קען מען זי איבער־צעהלען — און איהר זייט פיעל, גאָר אָהן א צאָהל... נאָר היט זיך פאַר גאָט׳ס טאָג! ער וועט קומען, ער איז ניט ווייט... און גאָט וועט קומען ניט אין שטילקייט, נאָר אין פייער, אין רעש, אין שטורם, וואָס וועט צוברעקלען בערג און צוברעכען פעלזען — און דער בעל און די אַלע אנדערע עבודה־זרה׳ס, צו וועלכע מיין פאָלק האָט געדיענט דורך דער שולד פון זיינע פיהרער די פער־פיהרער, וועלען פערטיליגט ווערען פון דער ערד! און א גייסט פון פערשטאַנד און וויסען וועט אריינדרינגען אין פאָלק! און דאָס פאָלק וועט אויפשטעהן און וועט אראָפּוואַרפען דעם יאָך, וואָס עס האָבען ארויפגעלעגט אויף זיין האַלז די שוואַרצע כהנים, די געל־געוואָרענע רויטע כהנים... די אַלע בוגדים וועלען פערטיליגט ווערען און עס וועלען פערשעמט ווערען די פּנים׳ער פון די אידיש־שפּרעכענדע עמלקים, און פון די עמלק׳יש־שפּרע־כענדע אידען!“

און א האָגעל פון שטיינער האָט זיך א וואַרף געטאָן אויף זיין קאָפּ און אויף די קעפּ פון דער קליינער מחנה, וואָס מיט איהם.

און דער קאַמף האָט געפלאַקערט...

.1905

# אַ מאַמע.

מיט אַ קינד אין איין האַנט און מיט אַ קעסטעלע שאָקאָ־לאַד — אין דער צווייטער, שטעהט זי אויף אַ ראָג פון גאַס און באַט אַז איהר סחורה די דורכגעהער:

— מיסטער־לעבען! ניט עפּעס צו לייזען!

מיט איהר רחמנות־פּנים זוכט זי רחמים צו דערוועקען אין די הערצער פון די דורכגעהער; מיט איהר גאַנצען אויסזעהן וויל זי אַלעמען געבען צו פערשטעהען, ווי גרויס איהר עלענד איז, ווי שרעקליך איהר נויט איז, היינט מיט וואָס פאַר אַ דאַנקבאַרקייט זי קוקט אויף דעם, וועלכער גיט איהר אַ פּעני צו לייזען!

אַזוי ווי אומבעמערקט בלייבט זי אין דער גרויסער גאַס; קליין, זעהר קליין, איז דער פּלאַץ, וועלכען זי פערנעהמט דאָ; פערטויבט ווערט איהר קול אין דעם גרויסען, שרעקליכען הו־האָ...

דאָס בלייכע, פערשמירטע קינד — דאָס שילד פון איהר אָרעמקייט, דאָס לעבעדיגע עדות פון איהר דחקות — עסט זיך איין מיט זיינע אויגלעך אין די שאָקאָלאַד, וואָס אין קעסטעלע; דאָס הענטעלע זיינס גיט זיך עטוואָס אַ רוק, באַלד אָבער דער־פיהלט דאָס דער מאַמע'ס קעהר: עס גיט אַ וואָרף די אויגלעך אויף איהר, ציהט מיט מורא דאָס הענטעלע צוריק, דאָס מייל־כעלע גיט זיך ביי איהם עטוואָס אַ עפען און באַלד מאַכט זיך דאָס צו, אַראָפּשלינגענדיג די סלינע.

שוּוער זיפּצט אַפּ דאָס קינד.

— וואָס עכצעסטו שוין? — פרעגט עס די מאַמע פער־ביטערט.

אַ אינגעל געהט פאַרביי, שטעלט זיך אַפּ צו קויפען אַ שטיקעל שאָקאָלאַד.

— נעהם, נעהם, באַיטשיקעל! גוטע שאָקאָלאַד! — רעדט איהם איין דאָס ווייבעל.

דאָס קינד קוקט צו, ווי דאָס אינגעל נעהמט די שאָקאָלאַד. עס גיט זיך לייכט אַ ריס פון דער מאַמע'ס אָרימס. די מאַמע גיט עס אָבער מיט כעס צוריק אַ שטויס אויף זיין אָרט.

— ווּעסט איינזיצען, צי ניט, ממזר איינער? לאָזט ניט אַ מינוט צורוה! ווי נאָר אַ מענש געהט צו, אַזוי רוהט דאָס שוין ניט! רייסט זיך... אַה, רייסען זאָל דיך, רבונו של עולם! נו, אַ קינד!...

דאָס קינד שטעלט אָן די ליפּעלעך, ווי צום וויינען. דאָס הערצעל פערקוועטשט איהם אָבער באַלד, און אַ פּאָר טרערען, ווי צוויי פּערל, בלייבען איהם שטעהען פערגליווערט אין די אויגלעך.

עס געהט צו נאָך אַ אינגעל קויפען שאָקאָלאַד. דאָס קינד קען שוין ניט גובר זיין זיין יצר־הרע'לע און דאָס גיט זיך ווייטער אַ ריס פון דער מוטער'ס אָרימס.

— מאַ! ני מי אויך קענדי!

— ווּעסט זיין שטיל, צי ניט? — שרייט אויף איהם די מוטער אָן, — דו זעהסט אָן דעם גראָבען פּאָליצמאַן מיט'ן גראָבען שטעקען אין האַנט? באַלד רוף איך איהם צו... איי, וועט ער דיר געבען! מען טאָר קיין קענדי ניט בעטען!... דו הערסט?...

— נעהם, באַיטשיקעל, נעהם! גוטע שאָקאָלאַד... — רעדט זי איין דאָס אינגעל, וואָס איז צו איהר צוגעגאַנגען קויפען שאָקאָלאַד. — עס געזונדערהייט! — האָט זי אַנגעבענשט אויפ'ן וועג.

— און דו, „ממזר“ איינער, — האט זי זיך ווייטער א קעהר געטאן צום קינד, — שטיל זאלסטו מיר זיין! קיין פארע זאל איך פון דיר ניט הערען! געהערט?... דיין גליק, זאג איך דיר, וואס איך קען מיר ניט א קעהר טאן, וואס ביי מיר זיינען ביידע הענט פערנומען, אניט וואלט איך דיר שוין געגעבען, אז דו וואלסט שוין ווייטער וויסען, ווי צו קאמאנדעווען! געזעהן?...

דאס קינד האט זיך פונאנדערגעוויינט אויפ'ן קול...

— אויף דר'ערד אראפ! געה, איך האב דיך קיין כח ניט צו האלטען!...

זי האט דאס וויינענדיגע קינד אראפגעלאזט אויף דר'ערד; דאס קינד האט זיך נאך מעהר פונאנדערגעשריען.

— הער אויף צו וויינען! — האט זי אויף דאס קינד גע־שריען, צי געבעטען זיך ביי איהם — זעהסט, מענשען געהען: מען וועט דיך באלד צורייבען אויף מאהן, מיט די פיס וועט מען דיך צוטרעטען... קום צו מיר שוין! וועסט ניט וויינען? הא?

דאס קינד איז שוין ווייטער ביי איהר אויפ'ן האנט גע־זעסען.

— ווארט אקארשט, — האט זי איהר הארץ געקיהלט — אין דערהיים וועל איך דיר אקארשט מכבד זיין, וועסטו שוין וויסען ווייטער, ווי צו דרעהען מיר א מח! געהערט? הפנים, דו מיינסט, אז מעהר קיין צייט האב איך ניט, ווי נאר מיט דיר צו טענדלען זיך... געזעהן?... אזא קאבאן דעם גאנצען טאג אויף די הענט צו האלטען! מען דארף דאך האבען כח... די האנט האט מיר שוין פער'חלש'ט! הען? לאזט ניט לייזען!

דאס קינד האט ניט אויפגעהערט צו וויינען.

— נא דיר שוין! נא דיר קענדי! נא! נא! ווערג דיך!... פערשטאפט שוין די הארלע... הערסט? זאלסט מעהר ניט בעט־טען! געדענק זשע! וואס וועל איך פערקויפען, אז דו וועסט רק פרעסען?...

דאס קינד האט געשווינד א כאפ געטאן די שאקאלאד פון

דער מוטער'ס האנד און האָט דאָס גלייך אריינגעוואָרפען אין מיילכעל. זיין דאַר פנים'ל האָט אנגעהויבען צו שיינען און מיט ליבשאַפט האָט דאָס שוין געקוקט אויף דער מאַמען.

— אה, ס'אַרא „הלעיטני" ! — האָט זי פערדראָסיג ארויס־גערעדט.

— מאַ ! איך מיי ניט וויינען... איך זיין גוד־באַי...

— אודאי דאַרף מען ניט וויינען ! אודאי דאַרף מען זיין א גוד־באַי ! קיין קענדי טאָר מען ניט בעטען ! קענדי דאַרף מען פערקויפען די באָיעס...

— מאַ ! איך אויך א באַי ? א גוד־באַי ?

— אודאי א באַי ! קיין קענדי טאָר מען אבער ניט בע־טען... הערסט ?

דאָס קינד האָט א זיפץ געטאָן.

— וועסט ניט בעטען קיין קענדי, וועסט זיין א גוד־באַי...

— מאַ ! איך'ע זיין גוד־באַי... קענדי...

דאָס צינגעל האָט זיך ביי איהם פערטשעפעט און עס איז אנשווינגען געוואָרען. צוערשט האָט זיך עס אזוי פערטראַכט, זיין קליין פנים'על האָט זיך אזוי געקאָרטשעט, גלייך ווי דאָס וואָלט וועלען וויסען, פערשטעהן וואָס דאָ טוט זיך. באַלד האָט עס א קוק געטאָן אויף דער מאַמען און, אראָפּלאָזענדיג די אויגען, האָט דאָס ארויסגעלאָזען א טיפען, לאַנגען זיפץ...

---

עס האָבען זיך אויפ'ן הימעל אנגערוקט געדיכטע, שוואַר־צע וואָלקענס — און באַלד איז אוועק א גוס־רעגען.

דאָס ווייבעל מיט'ן קינד אויף איין האַנט און מיט'ן קעסטעל שאָקאָלאַד — אין דער צווייטער, האָט פערלאָזען איהר פּלאַץ און גענומען לויפען זוכען אַן אָרט, וואו צו בעהאַלטען זיך פון רעגען.

— מאַ ! א יענען... נאַס... — האָט דאָס קינד געקלאָגט זיך.

— באַלד, מיין קינד, וועלן מיר דאָ ערגעץ אַריין.

דער רעגען האָט געהאַלטען אַלץ אין איין גיסען און אָהן רחמנות האָט ער געפּאַטשט אין פּנים דעם ווייבעל און דעם קינד. דאָס ווייבעל האָט זיפּצענדיג אַ קוק געטאָן אויפ'ן קעס־טעלע מיט די שאַקאַלאַד, וואָס עס איז גוט פערנעצט געוואָרען פון רעגען, און האָט עס געשווינד פעררוקט אונטער'ן בלוזקע.

אויסגעווייקט אויף דורך און דורך פון רעגען, האָט זי מיט'ן קינד אַריינגעכאַפּט זיך אין אַ קאָרידאָר. זי האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. דאָס קינד האָט גענומען ווישען דאָס פּנים'ל מיט דער לינקער זייט הענטעל.

— מאַ! מי איז נאַס... אַ י ע־ע־נ ע ן... — האָט דאָס קינד אַלץ געקלאָגט זיך.

זי האָט אַרויסגענומען דאָס קעסטעלע פון אונטער'ן קאָפּ־טעל. די שאָקאָלאַד האָט זיך גוט איינגענעצט.

— מאַ! מי איז נאַס... קאַיט...

די מאַמע האָט אַלץ געקוקט אויף די שאָקאָלאַד...

— אָה! איינגענעצט!... גע'פּטר'ט די גאַנצע סחורה!... אַה, ס'אַראַ רעגען! — האָט זי געזיפצט.

— מאַ! מי איז נאַס... — האָט דאָס קינד איהר געריסען פאַר'ן קאָפּטעל.

— שטיל! גע'הרג'עט זאָלסטו ניט ווערען! וואָס מיר אויפ'ן האַרצען, וועל איך באַלד אויסלאָזען צו דיר! געזעהן?... די גאַנצע סחורה גע'פּטר'ט... כאַטש נעהם און וואַרף דאָס אַרויס... וואָס דרעהסטו מיר נאָך אַ מח? אַוועק פון מיינע אויגען!...

זי האָט די אויגען ניט אַראָפּגענומען פון די שאָקאָלאַד און טרויעריג האָט זי אַלץ געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ:

„איינגענעצט!..."

# אַ מיאוסקייט.

זיין פריינד און מיטאַרבייטער האָט איהם פערטרויט אַ סוד וועגען דער באַרדערקע, אַ יונגע גרושה, וועלכע וואוינט מיט זיי אין דעם זעלבען הויז. זיין פריינד האָט איהם אַ גאַנצע געשיכ־טע דערצעהלט, אַ געשיכטע, וואָס האָט פּאַסירט מיט איהם און מיט דער באַרדערקע. אַלע איינצעלהייטען האָט ער איהם איבער־געגעבען, און דערביי האָט ער טיעריש־ווילד הנאה געהאַט.

עס האָט איהם אין דער אמת'ן געעקעלט פון זיין פריינד'ס ערצעהלונג, וועלכע איז געווען העכסט ציניש, און ער האָט איהם יעדע ווייַלע געוואָלט אָפּשטעלען. צו יעדען מאָל זיינען ביי איהם שוין גרייט געווען די ווערטער: „הער אויף! עס עקעלט!" ער האָט זיי אָבער ניט געזאָגט. עס האָט איהם געעקעלט, און דאָך האָט זיך איהם געוואָלט הערען, פּונקט ווי עס ווילט זיך איהם אמאָל הערען אַ גראָבען וויץ, אָדער אַזוי ווי עס ווילט זיך איהם געהן אין מיוזיק־האָל און דוקא צוליב די לינקע לידלעך, כאָטש ער פערדאַמט זיי ניט נאָר אין דער געזעלשאַפט, נאָר אויך פאַר זיך זעלבסט.

ער קעמפּט אימער מיט דער דאָזיגער שוואַכקייט זיינער— די שוואַכקייט פאַר גראָבע וויצען און מיוזיק־האָלס. אָבער ער קען זי ניט בעזיגען. ער וואָלט וועלען זיין ריין אין זיינע מחשבות, אַזוי ווי ער איז ריין אין זיינע מעשים, אָבער עס גע־לינגט איהם ניט. מיט זיין נשמה קומט איהם נאָך אויס מעהרער

צו קעמפען ווי מיט זיין גוף. אויפ'ן גוף ווירקט ער נאך מיט לאָ־גיק, מיט'ן שכל. ער בעווייזט דעם חומר, צו וואָס פאר אַן אומ־גליקען די געקויפטע ליבע קען ברענגען. פאר דער נשמה אָבער האָט ער ניט קיין ארגומענטען, און די נשמה זינדיגט: קוקט אויף אלעס און האָט הנאה; הערט אלעס, און קלייבט תענוג. ער קען זי ניט אָפּהאלטען. און אויך דאָס מאָל, ווען זיין פריינד האָט איהם דעם סוד פערטרויעט וועגען דער באַרדערקע און דערצעהלט איהם וועגען זיינע פערהעלטעניסען מיט איהר, האָט זיין נשמה געהערט און הנאה געהאָט.

— אזוי? — האָט ער זיך אָפּגערופען נאָכדעם, ווי זיין פריינד איז פארטיג געוואָרען מיט דער געשיכטע, — אזא סחורה איז זי? איך האָב גאָרניט געוואוסט...

— דאָך ניט קיין גאסען־פרוי — האָט זיין פריינד גע־זאָגט, אזוי ווי ער וואָלט וועלען די באַרדערקע פערטיידיגען.

— אַן עהרליכע פרוי...

— אָבער אזא מיאוסקייט! — האָט ער אויסגעשריען.

— א מיאוסקייט? ווען אַרט עס? — האָט זיין פריינד געזאָגט, און דאַן נאָך עפּעס ציניזשעם צוגעלעגט, און צום סוף נאָך „פילאָזאָפיש" בעמערקט: — ניטאָ קיין מיאוס'ע פרויען. א פרוי איז א פרוי...

— יאָ... — האָט זיך ביי איהם פון צונג ארונטערגעריסען, אזוי ווי ער וואָלט מסכים געווען מיט זיין פריינד'ס מיי־נונג, אָבער גלייך האָט ער זיך פערכאַפּט, און האָט ווידער אויסגעשריען:

— אָבער אזא מיאוסקייט! בְּרְר...

— יאָ, — האָט זיין פריינד סאַרקאַסטיש בעמערקט, — איך האָב זיך גאָר פערגעסען, אַז דו ביסט אַן עסטעטיקער...

— אודאי אַן עסטעטיקער! — האָט ער ווי מיט פערדרוס אַרויסגערעדט, — וואָס זשע, מיט אזא מיאוסקייט?

— און זי איז דוקא פערליבט אין דיר איבער די אויערן, —

האָט זיין פריינד איהם געזאָגט, — און זי פרעגט מיך רק, וואָס איז דער מער מיט דיר, וואָס דו ווייכסט פון איהר, וואָס דו ווילסט גאָר אין איהר זייט ניט קוקען. זי האָט אמת האַרצוועהד־טאָג דערפון.

— אבער אזא מיאוסקייט! אזא העסליכע האָב איך נאָך קיינמאָל אין מיין לעבען ניט געזעהן! עס עקעלט פשוט...

מעהר האָבען זיי שוין ניט גערעדט וועגען דער באָרדערקע, און זיי זיינען באַלד געגאַנגען שלאָפען. זיין פריינד איז גלייך איינגעשלאָפען ווי אַ שטיין. ער אָבער האָט זיך געוואָרפען פון איין זייט אויף דער צווייטער, און בשום אופן ניט געקענט איינשלאָפען. זיין פריינד'ס געשיכטע האָט איהם רוהען ניט גע־לאָזט, און פערשידענע בילדער, זינדיגע בילדער, האָט ער אין זיינע געדאַנקען אַרויסגערופען. איינס נאָכ'ן צווייטען האָט ער די דאָזיגע בילדער גערופען, ביז זיין פאַרשטעלונגס־קראַפט האָט זיך אויסגעשעפט, און דאַן האָט ער געוואָלט זיין חבר אויפוועק־קען און בעטען איהם, ער זאָל איהם נאָך אַמאָל איבערדערצעהד־לען די גאַנצע געשיכטע מיט ראָזע'ן — ער האָט זיך שוין ער־לויבט אין די געדאַנקען אַנצורופען די באָרדערקע ביים נאָמען. אין דעם אויגענבליק אָבער האָט ער דערהערט אַ שאָרך אין דער צווייטער בעד־רום, וועלכע איז געווען ראָזע'ס צימער. ער האָט פּלוצלונג אַנגעשטעלט די אויערן, וועלענדיג בעשטימען אויף ריכטיג, וואָס איז דאָס פאַר אַ שאָרך געוועזען.

„דאָס מוז זי אויסטאָן דאָס קליידעל,“ האָט ער געטראַכט.

„זי איז גאָרניט אזוי מיאוס,“ האָט ער צו זיך אין די גע־דאַנקען גערעדט, „עס זיינען פאַראַן מיאוס'ערע פון איהר...“

און ער האָט אין זיין זכרון גענומען זוכען די אַלע מיאוס'ע מיידלעך, וואָס ער האָט אין זיין לעבען געקענט. זיינע געדאַנ־קען זיינען באַלד איבערגעהאַקט געוואָרען: ער האָט דערהערט אַ קלאַפּ אין איהר צימער, ווי עפּעס איז אַראָפּגעפאַלען.

„זי טוט מסתמא אויס די שיך...“ האָט ער צו זיך געזאָגט.

ער האָט שוין מעהר ניט געקענט איינליעגען. ער איז אויפ־געשטאַנען, ענטשלאָסען עפּעס צו טאָן. שטיל, ניט וועלענדיג אויפוועקען זיין פריינד, האָט ער זיך אַנגעטאָן, און איז ארויס פון צימער.

ער איז צוגעגאַנגען גלייך צו איהר צימער. עס איז נאָך געווען ליכטיג. די טיר איז געווען פערמאַכט. ער האָט שטיל, אָבער ענטשלאָסען אַנגעקלאַפּט.

— ווער איז דאָרט? — האָט ער איהר דערשראָקענע שטי־מע דערהערט.

— איך... מאַקס...

— מאַקס? — האָט ער ווידער דערהערט איהר שטימע, און עס איז קענטיג געווען, אַז זי איז העכסט איבערראַשט.

— ענטשולדיגט, איין ווייל׳ע...

און באַלד האָט ער דערהערט, ווי עפּעס שאַרט זיך אין צי־מער. דאָס האָט איהם אביסעל אויפגערעגט, און עטוואָס אין כעס אַריינגעבראַכט.

— וועט איהר מיך דאָ לאַנג לאָזען שטעהן? — האָט ער אומגעדולדיג געפרעגט.

— נאָך איין ווייל׳ע... ענטשולדיגט...

זי האָט געעפענט די טיר און איהם אַריינגעלאָזען. זי איז געווען אין איין אונטערקלייד מיט זאָקען אויף די פיס און אַ שאַל אַריבערגעוואָרפען אויף די פּלייצעס.

— ענטשולדיגט מיין קאָסטיום! — האָט זי געזאָגט.

אַ צופרידענער שמייכעל איז געווען אויסגעגאָסען אויף איהרע גראָבע פלײשיגע ליפּען, און איהרע קליינע אויגעלעך, וועלכע האָבען גאָרניט האַרמאָנירט מיט איהר ברייטען פּנים און גראָבער נאָז, האָבען געגלאַנצט פאַר פרייד. עס האָט איהם אַן עקעל אַנגעכאַפּט, און ער האָט זיינע אויגען אַרונטערגעלאָ־זען. ער האָט דערזעהן איהר ווייס אונטערקלייד, און דער עקעל איז פערשוואונדען געוואָרען.

— איך האָב געזעהן ביי אייך איז ליכטיג, און מיר עפּעס ווילט זיך נאָך ניט שלאָפען... — האָט ער זיך ווי פערענטפערט.

— עס איז אַלל ראַיט! — האָט זי געזאָגט — איהר זייט מיר שטענדיג ווילקאָמען.

ער האָט געוואָלט אַ קוק טאָן אויף דעם אויבערשטען טייל פון איהר קערפּער, אָבער ער האָט מורא געהאַט, ער זאָל איהר פּנים ניט דערזעהען, און ער האָט אַלץ געקוקט אויף איהר אונ־טערקלייד.

— איהר ווילט אודאי שלאָפען... — האָט ער זיך אין אַ ווײַלע אַרום אָפּגערופען.

— שלאָפען? — האָט זי איבערגעפרעגט, — איך וועל זיך נאָך אויסשלאָפען... זיצט, וואָס שטעהט איהר?

און זי האָט זיך אָפּגערוקט, אַזוי ווי צו מאַכען פּאַר איהם פּלאַץ אויפ'ן בעט, וואָס איז שוין געווען אויסגעבעט ווי צום שלאָפען.

ער האָט זיך געוואָלט זעצען לעבען איהר. האָט אָבער ניט געוואָגט, און זיך אַוועקגעזעצט ביים צווייטען ברעג.

זיי זיינען געזעסען ביידע שטיל, ניט וויסענדיג וועגען וואָס צו רעדען. ביידע האָבען געהאַלטען אַרונטערגעלאָזען די אויגען. זי האָט געקוקט אַזוי אויף דר'ערד פאַר זיך, און ער האָט גע־קוקט אויף איהר אונטערקלייד און אויף איהרע זאָקען. זיין פּנים האָט געפלאַמט. זי איז אָבער געווען רוהיג.

עס האָט עפּעס אַ שאָרך געטאָן, און ער האָט אינסטינקטיוו די אויגען אויפגעהויבען: דאָס האָט זי צורעכט געמאַכט דעם שאַל, וועלכער האָט זיך ביי איהר אַרונטערגערוקט פון די אָרימס.

— איך שטער אייך אודאי פון שלאָף? — האָט ער זי געפרעגט, — איהר דאַרפט אודאי מאָרגען אויפשטעהען פריה צו דער אַרבייט...

— נישקשה... — האָט זי געענטפערט.

און ווידער שטיל.

— ביי אייך איז אזוי הייס אין צימער! — האט ער זיך אפגערופען, און א קעהר געטאן זיינע אויגען צום פענסטער.

— איהר האלט פערמאכט דאס פענסטער?

— ווען איהר ווילט, קען איך עפענען אביסעל — האט זי געזאגט, און זיך אוועקגעשטעלט אויפ'ן בעט אויף די קניע עפענען דאס פענסטער. דער שאל האט זיך ביי איהר האלב אראפגערוקט, און ער האט דערזעהן איהר נאקעטע פלייצע.

„זי האט זעהר א שעהנע פיגור," האט ער אין די געדאנקען צו זיך געזאגט.

באלד אבער האט זי זיך אומגעקעהרט צו איהם מיט'ן פנים, און ער האט די אויגען שנעל צוגעכאפט. און ווידער האט ער גענומען קוקען אויף איהר שניי־ווייסען אונטערקלייד, און זיין פנים, וועלכער האט זיך נעהאט פערקרימט, האט זיך צוריק אויסגעגלייכט. זי האט צורעכט געמאכט איהר שאל און צוריק זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן בעט, אבער שוין נעהענטער צו איהם.

— פארוואס האט איהר ניט חתונה? — האט זי איבערגעריסען די שטילקייט.

— איך ווייס? עס מאכט זיך עפעס ניט...

— איהר זייט אן אויסקלייבער, — האט זי איהם פארגעווארפען. — איהר זוכט מסתמא נאר שעהנע.

— איך זוך דוקא ניט קיין שעהנע, — האט ער זיך ווי פערענטפערט.

— איהר בלאפט! — האט זי קאפריזנע א מאך געטאן צו איהם מיט'ן פינגער.

ער איז רויט געווארען אין פנים.

— איך בלאף ניט, — האט ער געזאגט, — איך זוך גאר־ניט אין א פרוי שעהנקייט, נאר...

ער האט זיך פערהאקט.

— וואס זשע דען? — האט זי איהם געפרעגט.

— גאָרנישט... — האָט ער קוים גע‏קענט אַרויסרעדן.

— איי, זייט איהר אַ בלאָפער! — האָט זי ביטער אַרויסגערעדט, — אַט ווייכט איהר פון מיר...

ער איז ווידער רויט געוואָרען אין פּנים. די אויגען האָט ער אַלץ געהאַלטען אַרונטערגעלאָזען און געקוקט אויף איהר אונטערקלייד. ער איז אַ ווײַלע געזעסען שטיל, פערזונקען אין זיינע מחשבות. פּלוצלונג האָט ער זיך האַסטיג אַ רוק געטאָן צו איהר, און אַרומנעהמענדיג זי פער'שיכור'ט, האָט ער איהר גענומען ווילד, ליידענשאַפטליך קושען אין די גראָבע פליישיגע ליפּען, אין די קליינע אויגלעך...

— וואָס איז דאָס מיט אייך געוואָרען, מאַקס? — האָט זי האַלב מיט פאַרוואורף, האַלב מיט צופרידענהייט אויסגעשריען, — איהר וועט דאָך מיך באַלד דערשטיקען!

— איהר זייט אַזוי שעהן! — האָבען זיינע ליפּען ליידענשאַפטליך געשעפּטשעט, און ער האָט זי אַלץ פון זיינע אָרימס ניט אַרויסגעלאָזען.

— איי, זייט איהר אַ בלאָפער! — האָט זי שטיל געזאָגט. אָבער ער האָט גאָרנישט געהערט. ער האָט זיך געטרונקען אין אַ ים פון ווילדער תאוה, און זיינע ליפּען האָבען אַלץ געשעפּטשעט:

— איהר זייט אַ „ביוטי“! אַ ווענוס...

מערץ, 1913.

# תשובה.

מיר זיינען געזעסען, א קאמפאניע, ניט קיין אלטע לייט, אבער אויך ניט קיין יונגע, אלע פריידענקער, און האבען זיך געקאכט און געהיצט וועגען אונזערען א בעקאנטען, וועלכער איז געווארען א חוזר בתשובה און איז ראש־השנה געגאנגען אין שוהל. מיר האבען עס איהם גארניט געקענט פערגעבען: ס'טייטש, געוועזן אזא געבראטענער אפיקורס, און מיט אמאל נא דיר, תשובה געטאן! ניט אנדערש, ווי ער טוט עס צוליב ביזנעס! — אזוי איז ביי אונז געבליבען.

איינער אבער איז געוועזן צווישען אונז, וועלכער האט זיך צוריקגעהאלטען פון צו פערדאמען פה־אחד מיט אונז אונזער בעקאנטען דעם בעל תשובה. אין טומעל האבען מיר עס גארניט בעמערקט, נאר ווען ער האט דערהערט, ווי מיר זאגען, אז יענער איז געווארען א בעל־תשובה צוליב ביזנעס, האט ער זיך אנגערופען:

— מיינע פריינד, איהר טארט עס ניט זאגען! עס איז א דבר־שבלב, און איהר קענט ניט וויסען, וואס ביי יענעם אין הארצען טוט זיך!

איבערראשט זיינען מיר געווארען, ווען מיר האבען דערזעהן, אז עס געפינט זיך צווישען אונז איינער, א מליץ יושר אויף דעם בעקאנטען אונזערען דעם בעל־תשובה. מיר זיינען שוין גרייט געווען אויף איהם אוועקצוגעבען א גאב און שטעמפ־

לען איהם אלס פערזעטער צום פרייען גערדאנק. אבער ער האט א מאך געטאן מיט דער האנט, און די אויגען זיינע האבען גע־קוקט אזוי ערנסט און אויפריכטיג, דאס מיר זיינען גלייך שטום געווארען, און מיר האבען געמוזט הערען, וואס ער וועט אונז זאגען.

און ער האט געזאגט:

—ווארט אפ, מיינע פריינד! פערדאמט ניט א מענ־שען, איידער איהר ווייסט, וואס ביי איהם אין הארצען טוט זיך. איך האב אויך איין מאל אין מיין לעבען תשובה געטאן, „חטאתי" זיך אין הארצען געקלאפט, און דאס איז געווען א תשובה פון אמת'ען הארצען, ווייל איך האב עס געטאן פאר זיך אליין, ניט פון קיינעם'ס וועגען. קיינער האט עס ניט געזעהן, אויסער די טויטע נאטור. איך האב עס קיינעם ניט דערצעהלט, און וועל עס אויך ניט דערצעהלען, ווייל איך האב עס געטאן, אום צו בערוהיגען מיין אייגענעם געוויסען, וועלכער האט ניט אויפ־געהערט מיך צו פלאגען...

מיר זיינען זעהר טשיקאווע געווארען צו וויסען די גע־שיכטע, און מיר האבען איהם גענומען בעטען, ער זאל אונז דער־צעהלען. ער האט זיך אבער פערטראכט, און אלץ געשאקעלט מיט'ן קאפ אויף „ניין". מיר האבען פערשטאנען, אז מיר פא־דערען פון איהם א שטיק הארץ זיינס, אבער אונזער נייגעריג־קייט האט אונז ניט געלאזען רוהען. עס האט זיך אונז זעהר געוואלט וויסען, און מיר זיינען צו איהם צוגעשטאנען, ער זאל אונז דערצעהלען וועגען זיין תשובה טאן, און מיר האבען אויס־געפיהרט: ער האט אונז דערצעהלט.

— איך בין 15 יאהר אלט געווען — האט ער אנגעהוי־בען — ווען איך האב גענומען טרעטען אויפ'ן וועג פון אפיקורסות און עסען חלב מיט טשוועקעס. א לעהרער האב איך געהאט, וועלכער האט מיך מדריך געווען אויף דעם דאזיגען וועג, געגעבען מיר צום לייענען ביכלעך, וואס האבען געבראכען

מיין אומשולדיגען קינדערשען גלויבען, אגיטירט מיר אויף מינדליך און האט מיט מיר אויף פראקטיצירט די עבירות. ער האט הנאה געהאט פון יעדע עבירה, וואס איך האב געטאן אונ־טער זיין השגחה, אזא געבראטענער אפיקורס איז דאס געווען!

אלע עבירות, וואס איז נאר מעגליך געווען, האב איך שוין אפגעטאן דאמאלס, און מיין לעהרער האט נחת געקליבען פון מיר. נאר איין עבירה איז געווען, וואס איך האב נאך ניט גע־טאן: רויכערן אום שבת. און איך האב עס ניט געטאן, ווייל איך האב בכלל ניט גערויכערט.

איינמאל רופט זיך צו מיר אן מיין לעהרער: „בעריל, דו מוזט נאך איין עבירה טאן, רויכערן א פאפיראס אום שבת, וועסטו שוין זיין אן אפיקורס גמור, און דו קריגסט פון מיר אויף דעם אן אטעסטאט.“ זאג איך איהם, אז איך רויכער ניט. זאגט ער מיר: „דארף מען יא רויכערן, און טאקע שבת דעם ערש־טען פאפיראס פעררויכערן... און איך וועל דיר ווייזען, ו ו א ו צו רויכערן!“ — „בפרהסיא אין גאס?“ פרעג איך. „ניין“, זאגט ער, „בפרהסיא איז נאך גארנישט; איך האב א בעסערען פלאץ.“ — „אין שוהל?“ פרעג איך ווידער. „ניין,“ זאגט ער ווידער, „אין שוהל איז נאך אויך גאר נישט. וואס ארט דיר, איך וועל שוין דיך אוועקפיהרען אין א גוטען פלאץ; דו וועסט זעהען פארטיגערהייד.“

איך בין געווארען זעהר טשיקאווע צו וויסען, וואס פאר א פלאץ דאס איז, און איך האב קוים דערלעבט שבת נאך ווארמעס, די צייט, וואס מיר האבען אפגערעדט צו געהן רויכערען. מיר זיינען אוועק אונטער'ן שטאט, און איך האב נאך אלץ ניט געוואוסט, וואוהין ער פיהרט מיך. ערשט מיר זיינען געקומען אויפ'ן אלטען בית עולם. „אט דא?“ האב איך געפרעגט. „ווארט נאך!“ האט ער וואזשנע געזאגט. און ער האט מיך געפיהרט צווישען די קברים מיט די האלב איינגעזונקענע מצבות. איך זאג:

געפיהרט, ווייל ער האט מיך ווירקליך געהאלטען ביי דער האנט. איך האב געפיהלט, ווי די פיס ברעכען מיר זיך אונטער, און איך וואלט אליין בשום אופן ניט געקענט געהן. האב איך זיך געשראקען? איך וויים אליין ניט. ער, מיין לעהרער, איז געווען זיכער, אז איך שרעק זיך, און ער האט געזוכט מיך אויפצור מונטערן, שרייענדיג אלץ: „פע, מיאוס! שרעקסט זיך גאר?"

מיר זיינען געקומען צום קבר פון א בעוואוסטען גאון, און מיר האבען זיך אפגעשטעלט. אויפ'ן קבר איז געווען אן אוהל און א נר־תמיד האט געברענט. „אט דא וועלען מיר פערר רויכערען, און טאקע אן דעם נר־תמיד," האט מיין לעהרער גער זאגט, און תוך כדי דיבור האט ער ארויסגענומען א פאפיראס, פערוויכערט אן דעם נר־תמיד און האט זיך געשמאק פערצויר גען. מיר האט ווי מיט טויזענט האמערן געקלאפט אין הארץ, און ווי איך פערשטעה, בין איך געווען אויך שרעקליך בלייך אין געזיכט. „נו, פארוואס פעררויכערסטו ניט?" האט ער מיך געפרעגט, „האסט מורא, אז דער... (דא האט ער דעם גאון אנ־ גערופען מיט א מיאוס'ען נאמען, און דערביי משונה הנאה'דיג געקוואלען) זאל ניט קומען אין חלום דיך שטיקען?" מיר איז שוין ניט אנגעשטאנען צו זיין אזא פחדן, איך האב זיך געמאכט הארץ, און פעררויכערט מיין פאפיראס אן דעם נר־תמיד. הענט און פיס האבען מיר געציטערט. פעררויכערענדיג דעם פאפי־ ראס, האב איך זיך גלייך אומגעקעהרט. „ע, ביסטו דאך טאקע א יאלד", האט מיין לעהרער מיך פירגעהאלטען, „האסטו, הייסט עס, טאקע מורא פאר'ן מת, אז דו ווילסט איהם ניט בלאזען דעם רויך אין אוהל אריין... אט זעה, ווי איך טו!" און ער האט אריינגעבלאזען א זייל רויך אין אוהל אריין און דערביי מאדנע הנאה געהאט. „דאס בין איך מקטיר קטורת פאר איהם..." האט ער גע'לצ'ט, „אויב דו האסט פאר איהם דרך־ארץ, טו אויך אזוי, און ער וועט פאר דיר א גוטער בעטער זיין..." איך האב געמוזט טאן אזוי ווי ער האט מיר געהייסען,

ווייל איך האָב ניט געוואָלט, אַז ער זאָל פון מיר לאַכן, אָבער ווי איך האָב געפּיהלט בעת מעשה — פרעגט גאָרניט.

איך האָב נאָכדעם זיך קוים פערשלעפּט אהיים, און זיך גלייך אריינגעוואָרפן אין בעט. עס האָט מיר געטרייסעלט, ווי אין אַ קדחת. טראַכטן האָב איך גאָרנישט געטראַכט, ווייל איך האָב ניט געקענט טראַכטן. געזעהן פאַר די אויגען האָב איך אויך גאָרנישט. איך בין געווען די פערקערפּערונג פון אַן אומבע־וואוסטען שרעק. נאָר ביינאַכט, ווען איך בין איינגעשלאָפען, האָב איך געזעהן איין חלום שרעקליכער פון דעם אַנדערען. יענער גאָון איז מיר צו חלום געקומען. ער האָט זיך מיר פאַר־געשטעלט מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, מיט טיפע לעכער אַנשטאָט אויגען, און ער האָט צו מיר שטיל און צאַרט גע־זאָגט: „טו תשובה!“ מילא, ס׳איז דאָך נאַרישקייטען, נאָר גלויבט מיר, אַז איך האָב פון יענעם טאָג אָן קיין בערוהטע מינוט ניט געהאַט. אויף אַ פּאַפּיראָס האָב איך שוין ניט גע־קענט קוקען, און עד היום רויכער איך ניט. פרימער בין איך ניט געוואָרען: אדרבא, איך האָב זיך אין מיין אפיקורסות נאָך מעהר בעפעסטיגט, אָבער יענעם חטא האָב איך ניט געקענט פערגעסען, און איהר מעגט אייך לאַכען, איך האָב עס זיך ניט געקענט פערגעבען. איבעראָל האָט עס מיך פערפאָלגט, און ניט איין מאָל האָט זיך מיר געוואָלט געהן צו יענעם גאָון אויפ׳ן קבר און בעטען ביי איהם מחילה. איך האָב עס אָבער ביי זיך ניט געקאָנט פועל׳ן.

אזוי איז אוועק צעהן יאָהר. איך בין שוין מגולגל געוואָרען אין אַן אַנדער שטאָט, ווייט פון מיין געבורטס־שטאָט, אָבער די מעשה מיט׳ן פּאַפּיראָס האָט ניט אויפגעהערט מיך צו פּער־פאָלגען. איך האָב זיך שוין געקליבען פאָהרען קיין אמעריקע, אָבער עפּעס האָט מיך ניט געלאָזען — אָט טאַקע די עבירה מיט׳ן פּאַפּיראָס. נייז, איך קען ניט אוועקפאָהרען, האָב איך זיך געטראַכט, וואו איך וועל זיך ניט איבערבעטען מיט׳ן גאָון. איך

מוז אראפּוואַרפן דעם שטיין פון האַרצן. און ענדליך בין איך אוועקגעפאָהרען צוריק אין מיין געבורטס־שטאָט, וואו איך האָב שוין אבסאָלוט ניט געהאַט וואָס צו טאָן, און בין גלייך פון וואָקזאַל אוועק צו יענעם גאון אויפ׳ן קבר, און האָב ביי איהם מחילה געבעטען...

איך קען אייך דאָ ניט דערצעהלען דאָס וואָס איז דאָרט געווען. ווייל עס איז געווען אַן אויסברוך פון האַרצען, אַן אויס־גוס פון דער נשמה. איך אַליין קען דאָס אייך ניט דערצעהלען, און קיין אַנדערער איז דערביי ניט געווען. עס וועט זיין גענוג צו זאָגען אייך, אַז איך האָב באמת תשובה געטאָן אויף דער דאָזיגער יוגענד־זינד. איך האָב תשובה געטאָן, און האָב זיך גלייך אויפ׳ן אָרט בערוהיגט, און בין מיט אַ גרינג האַרץ אוועק־געפאָהרען קיין אַמעריקע... איהר מעגט אייך לאַכען, אָבער איך האָב געפיהלט, אַז איך מוז עס טאָן. דאָס איז געווען די איינצי־גע עבירה, אויף וועלכער איך האָב חרטה געהאַט, און געמוזט תשובה טאָן. איהר מעגט אייך לאַכען...

מיר האָבען אָבער ניט געלאַכט: עס איז עפּעס געווען אַ צו ערנסטער מאָמענט. פאַר וואָס און מיט וואָס? דאָס האָ־בען מיר אַליין ניט געוואוסט.

# אויף וועמען גערהט דער איד?

(פון דעם טאַגעבוך פון אַ רוסיש־אידישען סאָלדאַט.)

אויגוסט 8, 1914.

ענדליך!

אונזער רעגימענט גערהט שוין אַפּ... היינט בעשטימט. און איך כאַפּ זיך צום טאַגעבוך. פיליייכט שרייב איך צום לעצטען מאָל?

און דאַס טאַגעבוך איז מיר אזוי ליב געוואָרען, און איך פיהל מיך איצט, ווי איך וואָלט זיך דאַרפען שיידען מיט אַ ליבע לעבעדינגע פּערזאָן... עס איז מיין הארץ, מיין נשמה...

עס ווילט זיך מיר היינט א סך שרייבען, אָבער די געדאַנ־קען מישען זיך מיר אין קאָפּ, שפּרינגען אום ווי הערשראַקען. און איך קען זיי ניט צונויפבינדען...

וואָס קלאַפּסטו אזוי שטארק, מיין הארץ? איז עס אומ־געדולד אָדער שרעק?

דער סיגנאַליסט בלאָזט אין האָרן. חזר'ט איין די קריגס־סיגנאַלען. עפּעס ווי פאַר זיין אייגענעם פערגעניגען. פאַר מיר זיינען דאַס ווי טויט־סיגנאַלען, און זיי הויבען מיך אָן צו שרע־קען. צום ערשטען מאָל דערפיהל איך אויף אָן אמת דעם גאַנ־צען שרעק... די אימה נעהמט מיך ארום און האלט מיך ווי אין צוואנגען... מיין בלייפעדער שפּרינגט אַרום...

זאָל ער אויפהערען צו בלאָזען!
איך זאָג דאָס איהם טאַקע:
— סעראַפּימאָװ, גענוג דיר שוין צו טרובען!
— אהאָ, האָסט זיך דערשראָקען, זשיד?
און ווי אויף צו להכעיס בלאָזט ער ווייטער, און נאָך שטאַרקער ווי פריהער.
און איך ענטפער איהם:
— װעסט אויך פּגר׳ן...
און ער צוריק:
— אָבער אַפריהער וועל איך דיך בעגראָבען.
עס ווערט מיר מיאוס צו פיהרען מיט איהם דאָס געשפּרעך, און איך נעהם זיך ווידער צום שרייבען...
זאָל ער בלאָזען! איך האָב דאָך אויף דעם געוואַרט! דער איד מוז קעמפען, און זאָלען זיי זעהן! זיי — און די גאַנצע וועלט!
אונזער רעגימענט געהט, און שרייבענדיג קלאַפּען מיינע פיס צו: איינס צוויי... איינס צוויי... מיט׳ן לינקען... מיט׳ן רעכטען...
ווער וועט דאָס קוקען אויף די פיס? ווער וועט דאָס געהן אין פוס? הארמאָניע אין טויטען־מאַרש!
דער וואַטיאַק מיטקא קען קיינמאָל ניט געהן אין פוס, כאָטש הרג׳ע איהם, און די נאַטשאַלסטווע פלעגט רק אויף איהם שרייען:
— העי, מיטקא! פּלאָנטער ניט מיט די פיס!
וועט מען איצט אויך קוקען אויף זיינע פיס? וועט ער גלאַט וועמען ליעגען אין זינען, ווען טויזענטער ווי ער וועלען פאַלען ווי פליגען אונטער דעם שונא׳ס פייער?
טויזענטער? מיין פאַנטאַזיע קען דערוויייל ווייטער ניט געהן... איך זעה נאָך ניט פאַר זיך דעם מלאך־המות פון שלאַכט־פעלד אין זיין פולער מאַכט...

אבער מיטקא וועט קענען פריי געהן מיט זיינע פיס! ער געהט דאך צום טויט... אבער צו וואס האט מען איהם געלערנט די גאנצע צייט: מיט'ן לינקען! מיט'ן רעכטען! איינס, צוויי! — צו וואס אזוי פיעל פערשווענדטע ענערגיע און יאהרען? צו וואס אזוי פיעל אומזיסט געגעבענע קלעפ און סטיסאקעס?

דער סיגנאליסט סעראפימאוו הערט נים אויף צו טרובען, קומט צו אלץ נעהענטער צו מיר, ווי ער וויל זיך מיט מיר ריי־צען, און טרובעט אלץ שטארקער און שטארקער.

ער רופט מיך? איך געה!

דער איד געהט! איך האב קיין מורא ניט! עס איז פאר מיר א הייליגער קאמף, א קאמף פאר'ן גאנצען יודענטום...

וועסט מיך ניט אפשרעקען, סעראפימאוו! איך געה ווי צום טאנץ!

דער איד געהט!

אבער אויף וועמען געהט ער?

א מאדנע פראגע! וואס הייסט אויף וועמען געהט דער איד? אויף עסטרייך און דייטשלאנד, די שונאים פון רוס־לאנד!

און עס נעהמט מיך ווידער ארום אן אימה, גאר א נייע אימה... אונזער רעגימענט געהט, אבער מיר ווייסען קיינער ניט, וואוהין. מיר ווייסען קיינער ניט, אויף וועמען אונזער רעגי־מענט געהט — אויף דייטשלאנד צי אויף עסטרייך?

איך בין פאטריאטיש געשטימט. מיין פאטער און מיין מוטער און אלע רדיפות און בעליידיגונגען, וואס אידען שטעהען אויס, זיינען פערשוואונדען געווארען. איך האב זיך שוין אויך פערגעסען אן מיין מאניע'ן, וועלכע מען האט ניט געוואלט צו־נעהמען אלס בארמהערציגע שוועסטער, ווייל זי איז א זשי־דאווקא... איך דערמאן זיך, וויל א זיפץ טאן, אבער איך דער־שטיק דעם זיפץ אין זיך... מאך זיך הארץ...

מיר געהען... און וואס איז מיר דער אונטערשייד, מיט וועל־

מעז אונזער רעגימענט וועט זיך דארפען שלאגען? זאל זיין מיט דייטשלאנד! זאל זיין מיט עסטרייך...

אבער דא דערמאן איך זיך עפעס, און איך שריי אויס:

— הלואי אויף דייטשלאנד!

די סאלדאטען קוקען מיך אן.

— וואס פלוידערט דארט דער זשיד?

אזוי הער איך זיי רעדענדיג. אבער זיי קימערען מיך ניט. איך בין פערטיפט אין מיינע געדאנקען...

הלואי אויף דייטשלאנד! נאר ניט אויף עסטרייך...

איך האב זיך דערמאנט אן די גאליציאנער אידען... עס שווערט מיך! די מלחמה איז ביי מיר א קאמף פאר דעם אידישען נאמען, פאר די אידישע עהרע — וועל איך געהן שיסען אין מיינע ברידער פון גאליציען? וועל איך געהן מקריב זיין דאס גאליצישע יודענטום פאר'ן וואוילזיין פון דעם רוסישען יודענטום?

די רוסישע אידען זיינען די מעהרהייט פון דעם אידישען פאלק... די גאליציאנער זיינען א סך, א סך ווייניגער... מיט מאטעמאטישע אויסרעכענונגען וויל איך רעכטפערטיגען ברודער־מארד... עס איז עקעלהאפט! ווי שעם איך זיך דאס גאר ניט אזוי צו דענקען? ווי אזוי האב איך דאס אין מיין פאטריאטישער בעגייסטערונג זיך פערגעסען אן די גאליציאנער אידען? זיינען זיי דען מיינע שונאים?

דאס גאליציאנער יודענטום שטעהט אויף פאר מיינע אויגען, טייט אויף מיר מיט די פינגער און שרייט:

„קין! ברודער־מערדער!“

איך קען עס ניט אויסהאלטען...

אבער פארוואס בין איך עפעס דער קין? איז דען דער גאליציאנער איד ניט אזא ברודער־מערדער ווי איך? וועט ער דען ניט שיסען אין מיר, אזוי ווי איך אין איהם?

די אידישע טראגעדיע, די גלות־טראגעדיע — אן איהר

האָב איך זיך גאָר פערגעסען! די דאָזיגע פּראָבלעמע, די שווי־דערליכע פּראָבלעמע איז פון מיינע אויגען פערשוואונדען. אז פאַר די אידען איז די מלחמה א ברודער־מאָרד — דאָס האָב איך זיך פערגעסען!

א, ווי שווידערליך!

עס שווידערט מיך ביים געדאַנק, טאָמער ווערט אונזער רע־גימענט געשיקט אויף עסטרייך!

און אז אויף דייטשלאַנד, איז וואָס? זיינען דען אין דייטשלאַנד קיין אידען ניטאָ? וואו איך זאָל מיין קויל ניט שי־קען, וועט זי אַלץ טרעפען א אידען...

איך קען אויף זיך ניט קוקען... ווי אַזוי האָב איך דאָס גאָר פריהער אַרויסגערעדט די ווערטער „הלואי אויף דייטשלאַנ־קין!“?

איך האָב זיך עפּעס דערמאָנט:

איך בין אַמאָל געווען אין בערלין, האָט מיך א דייטשער איד אָנגערופען „פּוילישער שנאָרער“. איינגענטליך ניט מיך, נאָר דעם גאַנצען כלל רוסישע אידען: „פּוילישע שנאָרער!“ דאָס דייט־טשע יודענטום איז פערפוילט, קוקט אויף אונז, רוסישע אידען, פון אויבען אַראָפּ, פעראַכטעט אונז... העכסטענס, האָט עס רחמנות אויף אונז: אָרימע גלויבענס־גענאָסען פון מזרח...

און דער סיגנאַליסט סעראַפּימאָוו טרובעט אַלץ. ער רופט מיך צו געהן מאָרדען מיינע אייגענע ברידער...

ער ווינקט גנב'יש מיט די אויגען אין מיין זייט... ער מאַכט חוזק פון מיין טראַגעדיע, פון דער אידישער טראַגעדיע... איך פיהל עס...

קאָנאָפּליאַניקאָוו'ען, זאַטאָוו'ן, מיטקאָ'ן — אַלעמען, זיי אַלעמען איז גוט... זיי קענען געהן מאָרדען מיט א ריינעם גע־וויסען...

איך קוק אויפ'ן פּאָליאַק בלאָזשעעוויטש. ער איז אויך אומעטיג... דריקט איהם אויך דערזעלבער געדאַנק וואָס מיך?

ער דאַרף דאָך אויך געהן מאָרדען ברידער, פּאַליאַקען פון עסטרייך און דייטשלאַנד... ט ר אַ כ ט ער וועגען דעם?

. עס שווינדעלט מיר פאַר די אויגען. שווידערליכע בילדער שפּרינגען פאַר מיר... פיגורען זעה איך... בעקאַנטע פיגורען, דאַכט זיך... אידען אין קאַפּטאַנעס מיט ווייסע זאָקען מיט ביקסען אויף די פּלייצעס... גאַליציאַנער אידען... זיי צילעווען זיך אויף מיר מיט זייערע ביקסען, און איך לאָז זיך אויף זיי מיט מיין באַיאָנעט מיט אַ הוראַ...

און איך זעה אויך דעם בערלינער אידען... אַ זאַטער, אַ צופרידענער... רופט מיך: „פּויליישער שנאָרער"... און שטעלט אויף מיר אָן אַ גרויסען האַרמאַט... אָבער זיין גראָבער בויך וואַקסט אַלץ מעהר און מעהר, און שטייגט אריבער דעם האַרמאַט... עס קומט מיר אויס קאָמיש... פון דעם האַרמאַט שפּאַרט אַ רויך... נאָר דאָס איז ניט קיין האַרמאַט: דאָס איז זיין גראָבער ציגאַר, וואָס ער האָט געהאַלטען אין מויל, בעת ער האָט געזאָגט: „פּויליישער שנאָרער"...

ניין! ניין! ער איז אַ איד... אַזאַ איד ווי איך... נאָר ער קעמפּט פאַר זיין פאָטערלאַנד, און איך פאַר מיינס... האָב איך אָבער אַ פאָטערלאַנד? איך וועל עס האָבען! מיט מיין בלוט וועל איך עס קריגען!

ער איז אַ איד... און איך זעה אַ סך אידען... אויף וועמען געה איך דאָס?

איך קען מעהר ניט שרייבען...

# אויפ'ן באַל.

דער באַל איז געווען אין פולען גאַנג. פּאַרלעך האָבען זיך געדרעהט ווי אין אַ ווירבעל, פער'שכור'ט פון לעבען, פרייד און גליק. און נאָר ער איינער איז געשטאַנען אָן אַ זייט, איינער אליין, פּיהלענדיג זיך ווי אַן אבל צווישען בעלי־שמחה.

וואָס האָט איהם געבראַכט אַהער? ער ווייסט אליין ניט. עפּעס אַ געהיימע קראַפט האָט איהם פערשלעפּט אַהער... אָבער פאַרוואָס האָט זי איהם איבערגעלאָזט, יענע געהיימע קראַפט, איינעם אליין מיט זיין צער, מיט זיין פּיין אין אַזאַ ים פון פרייד און גליק? צו וואָס האָט זי איהם געבראַכט מיט זיין אומעט אַהער? איז דען ניט לייכטער אַריבערצוטראָגען דעם אומעט אין איינזאַמקייט, איידער אין אַזאַ גערויש, אין אַזאַ קאָכיגען שטראָם?

האָט דאָס עמיצער געוואָלט רייצען זיך מיט איהם, צי וויי־זען איהם, אַז עס איז נאָך דאָ גליק אויף דער וועלט, אָבער ניט פאַר איהם?

וואָס שטעהט ער נאָך דאָ? וואָס האָט ער דאָ צו ערוואַר־טען? ווער קוקט זיך אויף איהם אום? יעדערער איז פערנומען מיט זיין אייגען ביסעל גליק, וואָס דער שיקזאַל האָט איהם גנעדיגסט צוגעוואָרפען... אַך, ער האָט אויך אַמאָל געהאַט אַ בי־סעל גליק, אָבער דער שיקזאַל האָט איהם ניט געלאָזט לאַנג שפּי־לען זיך מיט דעם!

יא, וואס שטעהט ער דא? ער וועט אנטלויפען און פער־שוואונדען ווערען אין דער אייביגקייט פון דער נאכט, אין וועל־כער זיין גליק איז פערשוואונדען געווארען... ער וועט אנטלוי־פען!

אבער זיינע פיס ריהרען זיך ניט פון ארט. די אויגען זוכען די טיר, און די פיס געהען ניט. ווי עפעס וואלט איהם דא צוגע־שמידט. „ווארט נאך א ביסעל... געה ניט אוועק!" הערט ער א געהיימע שטימע. אויף וואס וועט ער ווארטען? דורכאויס פאר־לעך, און נאר ער — איין־איינציגער איבערגעבליבענער...

א פרויען־שטימע האט איהם אויפגעוועקט פון זיינע גע־דאנקען:

— איהר טאנצט גארניט?

— ניטא מיט וועמען... — האט ער געענטפערט, ניט אויפ־הויבענדיג אפילו די אויגען א קוק צו טאן אויף איהר.

— לעקיש! — האט זי איהם אריינגעשריען גלייך אין פנים אריין און זיך פרעך צולאכט, פערשווינדענדיג צווישען די פארלעך.

ער האט ווידער גענומען טראכטען, און ווידער האט איהם א פרויען־שטימע אויפגעוועקט פון זיינע געדאנקען — די זעל־בע, וואס פריהער, צי אן אנדערע?...

— פארוואס טאנצט איהר ניט? — האט זי איהם גע־פרעגט.

— ניטא מיט וועמען... — האט ער ווידער געענטפערט, און אויך דאס מאל ניט אויפהויבענדיג אפילו די אויגען א קוק צו טאן אויף דער פרעגערין.

— נעהמט מיך! — האט זי איהם אריינגעשריען גלייך אין פנים אריין, און א זילבערנער געלעכטער האט זיך ווי צו־שאטען איבער'ן גאנצען זאל.

ער האט אינסטינקטיוו געמאכט א בעוועגונג מיט די הענט,

ווי עפּעס אַרומצונעהמען, אָבער קיינער איז שוין ניט געווען אַרום איהם.

אַ טיפער זיפץ האָט זיך איהם אַרויסגעריסען פון האַרצען און איז דערטרונקען געוואָרען ווי אַ טראָפּען אין דעם ים פון פרייד און גליק. אָה, ווער מאַכט דאָס חוזק פון איהם?

ער האָט ווידער דערהערט אַ פרויען־שטימע, אָבער דאָס מאָל, דאַכט זיך, שוין אַ זאַנפטערע, מיט אַ שאָטען פון מיטלייד און אפשר פון אומעט.

— וואָס שטעהט איהר עפּעס אַזוי? — האָט זי איהם אַ פרעג געטאָן, און איהם האָט זיך אָפּגעדוכט, אַז ער הערט דאָס זיין אייגענע שטימע.

— ווייל איך טאַנץ ניט, — האָט ער געענטפערט.

— איהר טאַנצט ניט? — האָט זי איבערגעפרעגט, — טו וואָס זשע טוט איהר דאָ?

— איך ווייס ניט, — האָט ער געענטפערט, — פער־בלאָנדזשעט... איך האָב געוואָלט אויפ'ן בית־עולם געהן...

— אויפ'ן בית־עולם? — האָט זי איבערגעפרעגט מיט שרעק. — וואָס עפּעס אויפ'ן בית־עולם?

— מיין ליבע... מיין גליק... איז דאָרט בעגראָבען... — האָט ער קוים געענטפערט.

זי האָט אַרויסגעלאָזען אַ טיפען זיפץ, אָבער עס איז ניט געווען קיין זיפץ פון מיטגעפיהל, נאָר אַ זיפץ אויף אַן אייגע־נעם אומגליק. איהר זיפץ האָט איהם ערמונטערט: ער האָט געמיינט, אַז ער איז איין אומגליקליכער אויף דער וועלט, און דאָ זעהט ער פאַר זיך נאָך אַ מענשען, אַן אומגליקליכען. ער האָט אָבער געוואָלט זיכער זיין און ער האָט אַ פרעג געטאָן:

— אויך אַן אומגליקליכע?

— יאָ!

— און איהר טאַנצט אויך ניט?

— ניין!

— אויך פערבלאָנדזשעט אהער?
— יאָ!
— געהענדיג אויפ׳ן בית־עולם?
— ניין! איך בין אומגליקליכער פון אייך... איהר ווייסט כאַטש, וואו אייער ליבע, וואו אייער גליק איז בעגראָבען, און איך ווייס ניט... איך האָב ניט וואוהין צו געהן... איך קען אויפ׳ן בית־עולם ניט געהן, ווייל איך האָב דאָרטען קיינעם ניט...

ער האָט געוואָלט אויך איהר אַ קוק טאָן, אָבער ער האָט ווי פאַר עפּעס מורא געהאַט. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגען, און אויך ניט געקענט.

— ווייסט איהר גאָר וואָס? — האָט זי פּלוצלונג איבער־געריסען די דריקענדע פּויזע. — מיר זיינען דאָךביידע אומ־גליקליכע, ביידע עלענדע, ביידע איינזאַמע, טו לאָמיר ביידע געהן טאַנצען...

זי האָט איהם אָנגעכאַפּט און זיך גענומען מיט איהם דרעהען.

— לאָמיר זיך פערדרעהען די קעפּ און אַז אונזער אומגליק פערגעסען... — האָט זי געשעפּטשעט איהם אין אויער. — לאָ־מיר טאַנצען... צוויי מתים געהען טאַנצען... נעהמט מיך ארום... שטאַרקער... שטאַרקער... אַט אַזוי! אַט אַזוי! נאָך שטאַר־קער... איך הער די שטימע פון לעבען... דאָס לעבען רופט מיך... וואָס׳ט איהר זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט? וואָס לאָזט איהר מיך איין? איך בין שכור... דער קאָפּ האָט זיך מיר פער־דרעהט... לאָזט מיך ניט איין, וואָרים איך וועל אומפאַלען...

— איך מוז געהן... האָט ער שטיל געזאָגט. — מען רופט מיך אוועק...

— ווער רופט אייך? — האָט זי דערשראָקען געפרעגט, טוליענדיג זיך צו איהם, — ניט דאָס לעבען רופט אייך?

— ניין! דער טויט... אַ שטימע פון יענער וועלט האָב איך ערשט דערהערט... אויפ׳ן בית־עולם רופט מען מיך... מיך רופט

מיין אַלטע ליבע, וואָס איז דאָרט בעגראָבען געוואָרען... איך האָב צוגעזאָגט, אַז ווען זי וועט מיך רופען, וועל איך גלייך געהן... שוין לאַנג, ווי איך וואַרט אויף דעם רוף...

זי האָט איהם פּרובירט איינהאַלטען, אָבער ער האָט איי־דעל זיך געריסען פון איהרע אָרימס.

— איך מוז געהן... — האָט ער זיך ביי איהר געבעטען.— האַלט מיך ניט אָפּ! זי רופט מיך... אַ דאַנק אייך, אומבעקאַנטע, ליבע פריילין, וואָס איהר האָט אין מיר אויפגעוועקט מיין אַלטע ליבע... זי רופט מיך איצט... איך מוז געהן!

ער האָט זיך ענדליך בעפרייט פון איהרע אָרימס, און איז דורך אַ הינטער־טיר פון דעם רוישענדען זאַל פערשוואונדען געוואָרען אין דער פינסטערקייט פון דער נאַכט, אַזוי ווי עס איז אַמאָל זיין אַלט גליק, זיין אַלטע ליבע פערשוואונדען...

און די אומבעקאַנטע אומגליקליכע איז געבליבען שטעהן אין זאַל מיט אויסגעשפּרייטע אָרימס צו דער פוסטער אונענד־ליכקייט, און זי האָט מקנא געוועזען דעם גליק פון דעם אומבע־קאַנטען אומגליקליכען, וואָס ער האָט כאָטש וועמען אויפ'ן בית־עולם, וואָס רופט איהם — זי האָט ניט, וועד עס זאָל זי רופען... אַך, ווי אומגליקליך זי איז, ווי עלענד זי איז! פון איהר עלענדקייט וועט אפילו דער טויט זי ניט קענען בעפרייען, פונקט ווי ער האָט איצט בעפרייט דעם אומגליקלי־כען אומבעקאַנטען.

און אַזוי איז זי געבליבען אויפ'ן באַל אַליין מיט איהר עלענד, און אַרום איהר האָבען פּאַרלעך זיך געדרעהט ווי אין אַ ווירבעל, פער'שכור'ט פון לעבען, פרייד און גליק...

# די קעניגין פון ליבלאַנד.

אין אַ שטאָק־פינסטערע נאַכט האָב איך פון מיין געלע־גער דערהערט אַ קלאַפּען פון צאַרטע פינגער אין דער טיר פון מיין איינזאַמען צימער. דאָס קלאַפּען האָט מיר געקלונגען אין די אויערן, ווי אַ זיסע פּרעלודיע, אַן אָנזאָג, אַז עפּעס שעהנס און ערהאַבענס דאַרף באַלד קומען, און עס האָט זיך מיר אויס־געדוכט, אַז יענע געהיימניספולע צאַרטע פינגער קלאַפּען דאָס ניט אין טיר, נאָר אויף די סטרונעס פון מיין הארצען. וואָרים אויך מיין הארץ האָט גענומען קלאַפּען, גלייך ווי עפּעס געהיימ־ניספולעס וואָלט זיינע טיפקייטען אָנגעריהרט.

— ווער איז דאָס ? — האָב איך געפרעגט.

— איך, די קעניגין פון ליבלאַנד ! — האָט אַ זאַנפטע זיסע שטימע געענטפערט.

— די קעניגין פון ליבלאַנד ? !

איך האָב איהר געעפענט די טיר, און פאַר'ן שיין פון איה־רע פייערדיגע אויגען האָב איך איהר שעהנקייט דערזעהן. נאַכט־שוואַרצע זייד־ווייכע האָר האָבען אַראָפּגענידערט אויף איהר שעהנעם נאַקען און געגלעט און געצערטעלט איהר האָניג־זיסען, סאַמעט־גלאַטען לייב. איך האָב מעהר ניט געקענט זעהן, ווייל זי האָט צניעות'דיג אַרונטערגעלאָזען איהרע פייער־אויגען, און ס'איז געוואָרען צוריק פינסטער אַרום מיר.

— די קעניגין פון ליבלאַנד האָט איהר שעהנעם פּאַלאַץ

— פערלאזען און איז אין מיין איינזאמען צימער געקומען? — האב איך אויסגעדריקט מיין פערוואונדערונג. — זאג, וואס האט דיך אהער געבראכט?

— מיין איינזאמקייט, — האט זי שטיל געענטפערט.

— דיין איינזאמקייט?

— יא, מיין איינזאמקייט. מיין פאלאץ איז ניט וועניגער איינזאם, ווי דיין ארים צימער: דארט ווי דא פעהלט ליבע און גליק. איך בין דארום נאך דיר געקומען, אריבערצוברענגען דיך אין מיין קעניגרייך פאר א ווילע, און דיך פאר מיין קעניג קרוינען.

— אבער אזוי שפעט ביינאכט?

— יא, ווייל קיין אנדער צייט קען איך ניט. זיי האלטען מיך געפאנגען אין מיין פאלאץ. זיי ווילען ניט ארויפלאזען קיין שום מאן אויף מיין שוועל, ווייל, זאגען זיי, א מאן וועט פער־שוועכען די הייליגקייט פונ'ם פאלאץ, און ס'איז ניטא, זאגען זיי, אזא מאן, וואס זאל אזוי ריין זיין, אז ער זאל ניט פער־אומרייניגען מיין פאלאץ. איך געה אבער אויס נאך ליבע און גליק. מיר געהט מיין קעניגרייך ניט איין אין מיין איינזאמקייט. האב איך זיך ארויסגע'גנב'עט אין דער פינסטערקייט פון דער נאכט צו זוכען א ריינעם מענשען, וואס זאל ראווי זיין צו בע־טרעטען מיין קעניגליכען פאלאץ, און מיינע געפיהלען האבען מיך צו דיין צימער געבראכט... האבען מיך מיינע געפיהלען אפגענארט? ניין, ענטפער ניט! מען דארף ניט! איך וויל בע־סער גלויבען! קום, מיין אויסדערוועהלטער, אין מיין פאלאץ אריין! אין דער שטילקייט פון דער נאכט וועל איך דיך פאר קעניג פון ליבלאנד קרוינען. קום שנעלער, איידער די נאכט וועט פערשווינדען און איידער זיי וועלען פון שלאף זיך אויפכאפען צו שטערען מיין גליק. קום, יעדע מינוט איז טייער...

און זי האט מיך אנגענומען ביי דער האנט.

— אבער ס'איז דאך אזוי פינסטער! — האב איך גע־זאגט, — ווי וועלען מיר דעם וועג טרעפען?

— איך וועל דיר די ליבע אנצינדען אין דיין הארצען, און ווי א פייערדיגער זייל וועט זי אונז דעם וועג לייכטען, — האט זי געענטפערט מיט א שמייכעל, וועלכער האט ווי א זון א שיין געטאן אין דער פינסטערניש פון דער נאכט.

א פלאם־פייער האט א בליץ געטאן פון איהרע שווארצע אויגען, וועלכע האבען ווי צוויי קויהלען געברענט, און די ליבע אין מיין הארצען האט זיך אנגעכאפט, און ווי א פייער־זייל האט זי אונז פאראויס דעם וועג געוויזען צו ליבלאנד.

די קעניגין האט מיך אנגעטרונקען מיט די קושען פון איה־רע האניג־טריפענדע ליפען, און מיר האבען זיך געלאזט פרעה־ליך, לוסטיג אין וועג אריין, געהענדיג צום טאקט פון דער זי־סער מוזיק, וואס האט אין אונזביידען געשפילט.

בייזע ווינטען האבען זיך פלוצלונג אויפגעהויבען, סטרא־שענדיג צו פערלעשען די ליבע, און איינמאל האט זיך זיי טאקע איינגעגעבען צו פערלעשען, און ס'איז פאר א ווײלע פינסטער געווארען, אבער באלד האט פון דער קעניגין'ס ברענענדיגע קויהלען־אויגען ווידער א בליץ געטאן דער געטליכער פלאם, אנ־צינדענדיג צוריק די ליבע, און ווידער איז ליכטיג געווארען דער וועג צו ליבלאנד.

— קום שנעלער אוועק פונ'ם לאנד פון דער טרויעריגער ווירקליכקייט! — האט מיך די קעניגין געאיילט, נעהמענדיג מיך שטייפער אונטער'ן ארים, — בייזע ווינטען בלאזען, פער־גינען ניט אונזער גליק...

מיר זיינען ענדליך אנגעקומען צו די טויערן פון ליבלאנד. צוויי שניי־ווייסע טייבעלעך האבען ליבליך ארפגעקוקט פונ'ם שפיץ טויער, ווארקענדיג דאס ליד פון ליבע און טרייהייט, און שטרעקענדיג צו מיר, ווי צו א „שלום־עליכם" געבען, זייערע רויטינקע שנעבעלעך.

— דאָס זיינען די וועכטער פון דער ליבע, וועלכע האָט איהר נעסט געמאַכט אין ליבלאַנד. זיי זיינען וואך די גאַנצע נאכט, זיי בעוואַכען די ליבע, קיינער זאָל איהר הייליגקייט ניט פערשוועכען, — האָט מיר די קעניגין ערקלערט, אָנצייגענדיג אויף די טייבעלעך. און זי האָט אָפּגעשלאָסען די טויערן פון ליבלאַנד.

— קום אריין, מיין אויסדערוועהלטער!

ווייט און ברייט האָבען זיך פאַר מיר געעפענט די טויערען פון ליבלאַנד, און פאַר דער שיין פון דער ליבע האָב איך דערזעהן דאָס אייביג־געגאַרטע, גאָט־געבענטשטע פּרוכטבאַרע לאַנד אין זיין פולער פּראַכט און גלאַנץ. יעדעס ווינקעלע האָט ליבליך ארויסגעקוקט פון זיין פערבאָרגעניש, פערשפּרעכענדיג גליק און פרייד. מיינע אויגען האָבען זיך גאַר זאַט ניט געקענט אָנקוקען.

מיר זיינען געגאַנגען ווייטער און ווייטער, ביז מיר זיינען געקומען צו אַ בארג.

— דאָס איז דער בארג פון ליבע, — האָט מיר די קעניגין ערקלערט, — דער נייער הר סיני, אויף וועלכען דער גאָט פון ליבע וועט זיך ענטפּלעקען און וועט אונז געבען די תורה פון גליק און פרייד. קום, מיין אויסדערוועהלטער! נעהם ארום מיין טאַליע, און איך וועל דיך איינשליסען אין מיינע אָרימס, און אזוי האַלטענדיג זיך איינע אָן די אַנדערע, וועלען מיר אויפ'ן בארג פון ליבע ארויף.

מיר זיינען ארויף אויפ'ן נייעם בארג סיני מקבל צו זיין די נייע תורה, און פּונקט ווי אויפ'ן אַלטען בארג סיני בעת מתן־תורה, אזוי האָט איצט אויך דאָ, אויפ'ן נייעם בארג־סיני, געגערמען בליצען און דונערן. אָבער ניט פון הימעל האָט עס איצט געבליצט, נאָר פון איהרע און פון מיינע אויגען, און געדונערט האָט עס איצט אין אונזערע ביידענ'ס הערצער. אויף אַ וואולקאַן זיינען מיר ביידע געשטאַנען, — דער וואולקאַן פון ליבע האָט

זיך דאָס צופלאַקערט. דער באַרג האָט געראָויכערט און געציטערט, און מירביידע צוזאַמען מיט איהם. איך האָב געמיינט, מיר וועלען ביידע פערברענט פון ליבע און גליק.

אויפ׳ן באַרג האָט זי מיך פאַר קעניג פון ליבלאַנד געקרוינט, בעדעקענדיג מיין קאָפּ מיט די קושען פון איהרע זאַפטיגע ליפּען, און פון איהרע שלאַנקע אָרימס האָט זי אַ קעניגליכען האַלזבאַנד געמאַכט און עס מיר אויפ׳ן האַלז אַנגעטאַן. דער אויסגעשטערנטער הימעל איז ווי אַ חופּה איבער אונזערע קעפּ געהאַנגען.

— דו ביסט צו מיר געהייליגט מיט דעם דאָזיגען פינגערל נאָך די געזעצען פון ליבלאַנד! — האָב איך צו איהר געזאָגט, אַנטועענדיג איהר דאָס קדושין־פינגערל.

מיר האָבען דערנאָך געטרונקען פונ׳ם כוס פון ליבע, איבער וועלכען איך האָב אַפריהער די ברכה געמאַכט:

— געבענשט זאָל זיין דער ווייגגאַרטען, וועלכער האָט אַזאַ גוטען ווייז ארויסגעגעבען, און געבענטשט זאָל זיין דער גערטנער, וועלכער האָט דעם ווייגשטאָק געפלאַנצט!

און די טייבעלעך פונ׳ם שפּיץ טויער, פלאַטערנדיג און צאַפּלענדיג זיך פאַר פרייד און גליק, האָבען וואַרקענדיג „אָמן" געענטפערט.

פונ׳ם געטליכען באַרג האָט די קעניגין מיך ארונטערגעפיהרט אין אַ טאָל. גאָט מיינער! ס׳אַרא בשמים! ס׳אַרא געטליכע ריחות! פון וואַנען טראַגט זיך דאָס? פון גן־עדן? געהען מיר צוריק אַהין, פון וואַנען גאָט האָט דאָס ערשטע גליקליכע פּאָר ארויסגעטריבען?

און וואָס זעהען דאָס מיינע אויגען? אַ העגגענדער פּאַרק! וואו בין איך? בין איך דאָס אינ׳ם אַלטען נינוה? האָט זיך דאָס ענטפּלעקט פאַר מיינע אויגען איינס פון די זיבען וואונדער פון אַלטערטום? וועלכע געטליכע האַנט האָט דאָס דאָ דעם פּאַרק פערפלאַנצט און אויפגעהאַנגען פאַר אַ וואונדער? איך

שפּאַציר מיט ניט־זיכערע טריט איבער'ן וואונדער־פּאַרק, מייר־נענדיג, אַז אַט־אַט פאַל איך אַרונטער אין אַן אַפּגרונד. אָבער אַ זיכערע האַנט האָט מיך געפיהרט, די האַנט פון מיין קעניגין, און איך האָב אויפגעהערט צו שרעקען זיך.

מיר זיינען צוגעקומען צו אַן אַזיערע, וועלכע האָט רוהיג געפליסט צווישען שמעקעדיגע געדיכטע קוסטעס.

— דאָס איז „פלעזשור לעיק" — האָט מיר די קעניגין ערקלערט, — דאָ ביים ברעג צווישען די קוסטעס שטעהט גרייט אַ שיפעל, וועלען מיר זיך אַריינזעצען און צופאָהרען צו דעם פּאַלאַץ, וועלכער שטעהט אויף דעם אַנדער ברעג פון דער אַזיערע.

מיר האָבען זיך אַריינגעזעצט ביידע אין שיפעל, און איך האָב גענומען רודערן.

— ווי קרעפטיג דו רודערסט! ווי גראַציעז! — האָט מיין קעניגין אויסגעדריקט איהר התפעלות, צוטוליענדיג איהר קאָפּ צו מיין ברוסט, — פיהר מיך, פיהר מיך, מיין ליבסטער, צו גליק און פרייד!

מיר האָבען זיך געשיפט אויף די כוואַליעס פון לוסט און פערגעניגען, ביז מיר זיינען צום ברעג צוגעשוואומען. מיר זייי־נען אַרויס. דער פּאַלאַץ, געבויט אינ'ם סטיל פון ששת ימי בראשית, איז מאַיעסטעטיש געשטאַנען ביים סאַמען עק ליב־לאַנד. צוויי לייב־וועכטער, דער קעניגינ'ס אַנפערטרויטע, זיינען בעוועגלאָז געשטאַנען ביים אַריינגאַנג און האָבען פון ווייטען אויסגעקוקט ווי צוויי מירמעלשטיינערנע זיילען. די קעניגין האָט צו זיי געגעבען אַ צייכען, און אויף אַ מיליטערישען שטיינער האָבען זיי זיך אַפּגערוקט איינער פונ'ם אַנדערן, און אונז דורכ־געלאָזען.

די קעניגין אַליין האָט געעפענט פאַר מיר די טירען, זעהר שטיל, אַז קיינער זאָל ניט הערען, און האָט מיך אַריינגעפיהרט אין פּאַלאַץ. זי האָט מיך אַרומגעפיהרט איבער אַלע צימערן,

און איין צימער איז געווען שענער פאר'ן צווייטען, און עס איז קיין צאהל ניט געווען צו די רייכטימער און אוצרות, מיט וועל־כע דער פאלאץ איז פול געווען. אינ'ם פאלאץ איז געווען אויף א טעמפעל אויסגעבויט פאר דער קעניגין, וואו זי פלעגט גאט בעטען. זי האט מיך אריינגעפיהרט אין דעם קדשי־קדשים פון איהר טעמפעל, און א רעליגיעזער עקסטאז האט מיך אנגענומען. איך בין פאר התלהבות געפאלען אויף די קניע, און מיינע ליפען האבען געזוכט די פאסיגע פסוקים.

— קדוש! קדוש! קדוש! — האב איך געשעפטשעט ווי אין א תפילה, — די גאנצע ערד איז פול מיט זיין עהרע! ווי גרויס זיינען דיינע מעשים, גאט! אלעס האסטו מיט חכמה בעש־אפען. פול איז די ערד מיט דיינע מייסטערווערק, און ליב־לאנד איז די קרוין פון דיין שעפפונג!

עפעס א געהיימניספולעס ריטמישעס קלאפען האט זיך פלוצלונג דערטראגען צו מיינע אויערן פון די טיפענישען פונ'ם פאלאץ. איך האב זיך אויפגעהויבען און פערוואונדערט זיך ארומ־געקוקט.

— דאס איז א סיגנאל, מיין אויסדערוועהלטער, אז דו מוזט שוין פערלאזען דעם פאלאץ, — האט מיר די קעניגין ער־קלערט, — ווייסט דאך, אז איך בין געפאנגען, און קיינער טאר צו מיר אין פאלאץ ניט קומען. עס טוט מיר זעהר לייד, וואס דו מוזט אוועק צוריק צו דיין ארים צימער, אבער דו בלייבסט דער איין געהיים געזאלבטער קעניג פון ליבלאנד, און דו זאלסט ווידער ווארטען אויף מיין קומען... קורץ איז דאס מענשליכע גליק, און די שטערונגען זיינען אזוי פיעל! קום ארויס!

זי האט מיך ארויסגעפיהרט פון פאלאץ און בעגלייט ביז צו די טויערן פון ליבלאנד. עס איז שוין געווען טאג, ווען מיר זיינען אהין אנגעקומען, און די זון האט געשיינט איבער גאנץ ליבלאנד. איך האב צום לעצטען מאל א קוק געטאן אויף מיין קעניגין, ערשט איהרע קויהלען־אויגען, וועלכע האבען ווי צוויי

פייערן געברענט אין דער פינסטערקייט פון דער נאכט, האבן איצט פאר׳ן שיין פונ׳ם טאג געקוקט מילד־בלוי ווי צוויי הימ־לען, און אנשטאט די נאכט־שווארצע האבן איצט טאג־העלע האר זונען־שטראליג זיך געשפילט מיט איהר שעהנעם נאקען, געגלעט און געצערטעלט איהר האניג־זיסען, סאמעט־גלאטען לייב.

ווי דאס אויג קען זיך ניט אנזעטיגען, און עס זעהט אלץ נייע בילדער, נייע געשטאלטען!

זי האט זיך מיט מיר צוזעגענט, אנגעקושט מיר אויפ׳ן ווענ און איז אוועק צוריק אין ליבלאנד. איך האב זיך צוריקגעקעהרט צו מיין איינזאמקייט אינ׳ם לאנד פון דער טרויעריגער ווירק־ליכקייט, מיט דער האפנונג, אז די קעניגין פון ליבלאנד וועט ווידער אמאל קומען, ווי זי האט פערשפראכען, און כאטש אויף איין ווײלע מיך בעפרייען פון דער טרויעריגער ווירקליכקייט.

אבער זי איז ניט געקומען מעהר. ווער ווייסט, וואס מיט איהר איז געשעהן!

אך, וואו ביסטו, מיין קעניגין, די קעניגין פון ליבלאנד? ווי א חלום ביסטו געקומען און ווי א חלום ביסטו פערשוואונ־דען!

# זעלבסט־אויסלאכעריי.

א לעזער דארף צו מיר שרייבען:

„געגוג שוין צו לאכען פון אנדערע; לאך פון זיך אליין אמאל, א. אז. וו."

און איך וועל איהם ענטפערען:

„ליבער לעזער! ווי איז דאס מעגליך, א מענש זאל פון זיך אליין לאכען, בפרט נאך, אז דער מענש פרעטענדירט צו זיין א הומאריסט, אן אפלאכער פון אנדערע?

וועט דען א שוחט זיך אליין קוילען? וועט דען א דאקטאר זיך אליין היילען?

א מענש קען דאך איבער זיך אליין קיין גזלן ניט זיין, סיי־דען ער וויל בעגעהן זעלבסטמארד, וואס דאס איז ווייט ניט הו־מאריסטיש.

זעלבסט־אויסלאכעריי, ליבער לעזער, איז ניט מעגליך. צו אזא מדרגה איז דער מענש נאך ניט געקומען. ער וועט גיכער זיך מאכען צו אש און בלאטע, אין שטויב פאר א פאר פיס זיך וואלגערען, אבער ניט אפלאכען פון זיך. ער וועט גיכער זיך בעוויינען, קאפ אן וואנט אפילו שלאגען, אבער ניט אויסלאכען זיך. ער וועט זיך לעכערליך מאכען, אבער ניט לאכען פון זיך.

א מענש מוז אויפ'ן גאלגאן געהן, אום צו לאכען פון זיך אליין: גאלגאן־הומאר. אין גוטען מוט אבער וויל ער פון זיך ניט לאכען.

די כעלמער נאראנים זיינען דאך א טעמע פאר יע־ען וויצ־לינג, פונדעסטוועגען, אז די כעלמער אליין דארפען א טעמע פאר א וויץ, געהען זיי זוכען אנדערע נאראנים.

יעדער מענש רעכענט, אז ניט איהם מיינט מען דאס, נאר די באלטרימאנצער, און פון די באלטרימאנצער איז דאך געווים א מצוה צו לאכען, ווייל יענע זיינען דאך ניט מיר.

א מענש דארף זיך איננאנצען אויסטאן פון זיך, אום אפ־צולאכען פון זיך, און א הומאריסט מעהר ווי יעדער אנדער מענש איז ניט פעהיג זיך אויסצוטאן פון זיך.

א הומאריסט קען קיין וויץ ניט פערטראגען. ער האט ניט קיין חוש פאר הומאר, וואס ווערט אין איהם געצילט.

א הומאריסט קען פון זיך אליין ניט לאכען, אחוץ פון זיינע אייגענע וויצען.

איך אליין האב זיך אמאל אוועקגעשטעלט אין שפיגעל, אום אפצולאכען פון זיך אליין. איך האב אבער דערזעהן מיין פנים, האב איך בעשלאסען, אז איך בין דער שעהנסטער מענש אין דער וועלט, און ווי לאכט מען דאס אפ פון אזא מענשען? איך האב בלויז צופרידען א שמייכעל געטאן, אבער ניט געלאכט.

ניין, ליבער לעזער, זעלבסט־אויסלאכעריי איז ניט מעגליך. אפשר וועט אמאל אנקומען אזא צייט, און מענשען וועלען אנ־שטאט זעלבסטמארד בעגעהן זעלבסט־הומאר?

לאמיר האפען, ליבער לעזער!

# די אָפּשטאַמונג פון פּסעוודאָנימען.

אַ קאָמפּאַניע שרייבער זיינען געזעסען און האָבען גערעדט וועגען פּסעוודאָנימען: פאַרוואָס האָבען אַנדערע שרייבער ליב צו ערשיינען פאַר די לעזער אונטער פערשטעלטע נעמען? עס איז אַוועק אַ גאַנצע דעבאַטע, און איטליכער האָט געזוכט צו בעווייזען זיין חריפות: ווער עס האָט געוואָלט ערקלערען די ערשיינונג פון פּסעוודאָנימען דורך פּסיכאָלאָגישע טעמים, ווער — דורך עקאָנאָמישע, ווער — דורך עסטעטישע, ווער — דורך פּאָליטישע און ווער — דורך סאָציאַלע.

ווער ווייסט, ווי לאַנג זיי וואָלטען דעבאַטירט און גע'חקרנ'ט זיך, נאָר זיי האָבען זיך ענדליך דערמאָנט, אַז צווישען זיי געפינען זיך גראָד צוויי פּסעוודאָנימען, וועלכע זיינען די גאַנצע צייט פון דער דעבאַטע זיך געזעסען און אונטערגעשמייכעלט.

— שאַ! — האָט זיך אָפּגערופען איינער פון די דעבאַטאַנטען, דער טאַקע, וואָס האָט געוואָלט בעגרינדען פּסעוודאָנימען פּסיכאָלאָגיש, — זאָלען אונז אונזערע קאָלעגען פּסעוודאָנימען ערקלערען, פאַר וואָס זיי האָבען זיך אויסגעקליבען פּסעוודאָנימען. איהר וועט זעהן, קאָלעגען, אַז איך בין גערעכט!

— אדרבא! אדרבא! — האָבען די איבעריגע אונטערגעכאַפּט.

די צוויי שרייבער מיט די פּסעוודאָנימען האָבען זיך איבער־

געקוקט מיט א שמייכעל, און דער ערשטער האט אנגעהויבן „גמליאל בן פדהצור״:

נים קיין פסיכאלאגישע און נים קיין אנדערע טעמים האר־בען איהם צו זיין פסעוודאנים געטריבען, נאר פשוט א רוצח א רעדאקטאר. ער האט ביי זיך לכתחילה אפגעמאכט צו שרייבען נאר אינטער זיין אייגענעם נאמען. ערשטענס, איז דער נאמען גופא געווען א גאנץ שעהנער, און צווייטענס, האט ער טאקע געוואלט, אלע זאלען וויסען, אז ער איז דאס דער שרייבער, נים ער זאל דארפען געהן מגלה זיין איטליכען זיין סוד, אז יענער און יענער איז דאס ער אליין. הויפטזעכליך אבער האט ער געוואלט צוליב מאן זיין געליבטער, וועלכע איז שפעטער טאקע זיין ווייב געווארען: ער האט געוואלט, זי זאל וויסען, אז נאך דער חתונה וועט זי טראגען דעם נאמען פון א בעוואוסטען שריי־בער (דאס איז ביי איהם דעמאלט נאר קיין ספק נים געווען, אז ער וועט ווערען בעוואוסט), און טאקע נאר בזכות זיין אויפ־וואכענדען טאלענט האט זי איינגעשטימט צו ליבען איהם.

הכלל, דאס זיינען געווען זיינע פלענער, איז אבער געקומען א רוצח א רעדאקטאר, און האט פון זיי א תל געמאכט. דאס איז טאקע געווען דער רעדאקטאר, צו וועמען ער האט געשיקט די ערשטצייטיגע פרוכט פון זיין פען.

שיקט ער צו יענעם רעדאקטאר צו איין זאך, און קרינט אן ענטפער אין בריפקאסטען אויף זיין פולען נאמען, אז די זאך אליין וואלט געווען גוט, נאר זי איז שלעכט אנגעשריבען. אזא שאנדע! וואס וועלען זיינע בעקאנטע זאגען? און איבערהויפט זיין געליבטע, וואס נאר צוליב איהר וויל ער א שרייבער ווערען! אט להכה איז ער געווען אויפ'ן רעדאקטאר, וואס ער האט נים געשאנעוועט זיינע געפיהלען און האט איהם מבזה געווען אפען פאר עלעמען! נאר האט דען א רעדאקטאר א הארץ?

ער איז אבער נים אפהענגיג געווארען. און ווען די ערש־טע בושה איז אריבער, האט ער אויסגעשיקט, און טאקע דעם

איינגענעם רעדאקטאר, איהם אויך צולהכעיס, נאך א זאך. און א בעזונדער בריוועלע האט ער דעם רעדאקטאר געשיקט, בעטענדיג איהם רחמים, אז טאמער טויג די זאך ניט, זאל ער איהם ענט־פערען אויף די ראשי תיבות פון זיין נאמען.

קריגט ער ווידער אז ענטפער אין בריף־קאסטען, און ווי אויף צולהכעיס ווידער אויף זיין פולען נאמען, אז געשריבען איז עס דוקא ניט שלעכט, נאר די זאך אליין טויג אויף כפרות.

פערשעמט ער זיך ווידער און ווערט ווידער מלא חמה אויפ'ן הארצלאזען רעדאקטאר. און דא האט נאך די געליבטע גענומען קוקען קרום אויף איהם: אז ניט קיין שרייבער, אויף וואס דארף זי איהם? איהר חבר'טע האט חתונה געהאט פאר א שרייבער, און זי מוז אויך חתונה האבען פאר א שרייבער!

האט ער דער געליבטער, ראשית, געגעבען צו פערשטעהן, אז זי האט ניט וואס פערצווייפעלט צו זיין, אז אפילו טאלסטאי און טשעכאוו האבען אויך געמוזט דורכגעהן די שבעה מדורי גיהנום פון בריף־קאסטען, ביז זיי זיינען שרייבער געווארען. און ווער ניט? והשנית, האט ער איהר בעוויזען, אז ער פראגרע־סירט, אז די ערשטע זאך זיינע איז בעצם געווען גוט, נאר זי איז געווען שלעכט געשריבען, און די צווייטע איז שוין געווען גוט געשריבען, נאר די זאך אליין טויג אויף כפרות, איז דא א האפנונג, אז די דריטע זאך וועט זיין אי בעצם גוט, אי גוט געשריבען.

און ער האט זיך אוועקגעזעצט און האט אנגעשריבען א דריטע זאך און זי אוועקגעשיקט טאקע צום זעלביגען רעדאק־טאר, צום רוצח. און ווידער א בריוועלע בייגעלעגט, און נאך אמאל רחמים געבעטען, אז דער רעדאקטאר זאל אזוי גוט זיין און ענטפערן איהם אויף די ראשי־תיבות פון זיין נאמען, און דערביי איהם גאנץ ווייך (כדי ניט צו דער'רגז'ענען איהם) אויס־גערעדט, פאר וואס ער האט פריהער ניט ממלא געווען זיין בקשה און ניט געענטפערט איהם אויף די ראשי־תיבות.

קריגט ער ווידער אַ ענטפער אין בריף־קאַסטען, און ווי־
דער ווי אויף צו־להכעיס, זיין פולער נאָמען: „עס טויג אינ־
גאַנצען ניט, ניט די זאַך גופא, ניט דאָס שרייבען, און מיר זע־
הען ניט, אַז עס זאָל פון אייך עפּעס אַרויסקומען. שרייבט
מעהר ניט: אַן עבירה די צייט און די מיה. צום סוף בעטען מיר
אייך, איהר זאָלט אונז ענטשולדיגען, פאַר וואָס מיר האָבען
אייער פערלאַנג ניט ערפילט און ניט געענטפערט אייך אויף
אייערע איניציאַלען: עס איז אונזער מנהג, ניט צו לייענען די
פערזענליכע בקשות פון די זאַכען־צושיקער, זינט איינער האָט
ביי אונז געבעטען געלט פאַר זיין שרייבען."

ער האָט אָבער ניט געפאָלגט דעם רעדאַקטאָר'ס עצה,
בפרט, אַז ער קאָן נאָך צוליב דעם פערלירען זיין געליבטע, און ער
האָט אָנגעשריבען אַ פערטע זאַך און אַוועקגעשיקט זי
דוקא צום זעלבינגען רעדאַקטאָר. נאָר אום צו בעשיצען זיך
קעגען דעם בריף־קאַסטען, האָט ער זיך אונטערגעשריבען מיט אַ
פסעוודאָנים: גמליאל בן פדהצור. זאָל דער רעדאַקטאָר מבייש
זיין איינעם אַ גמליאל בן פדהצור! וועמען אַרט עס?

און ווידער אַ ענטפער אין בריף־קאַסטען! אָבער שוין
גאָר אַן אַנדערער, אָט אַזאַ: „גמליאל בן פדהצור. — ווי איהר
זעהט, איז אייער סקיצע געדרוקט אין דעם איצטיגען נומער.
נאָר מיר ענטפערן אייך, אום צו געבען אייך מוט, אַז איהר זאָלט
שרייבען נאָך און נאָך. אייער סקיצע האָט ביי אונז זעהר און
זעהר אויסגענומען, און מיר ערוואַרטען פון אייך גאָר גרויסעס."

עס האָט אפילו פערדראָסען, וואָס „גמליאל בן פדהצור"
האָט דאָס זוכה געווען צו אַזאַ כבוד, נאָר מילא, זאָל זיין
„גמליאל בן פדהצור", אבי געדרוקט זיין. הלמאי גאָרקי, אויך
אַ פסעוודאָנים? און מאַרק טווען? אַ צרה איז נאָר געווען מיט
דער געליבטער, וואָס זי האָט ניט געוואָלט גלויבען איהם, אַז
ער איז דאָס „גמליאל בן פדהצור". האָט ער אָבער אָנגעשריבען
נאָך אַ סקיצע און זיך אונטערגעשריבען ווידער „גמליאל בן

פדהצור", און איבערלייענדיג זי אפריהער אין כתב־יד פאר זיין געליבטער, האט ער זי דערנאך אוועקגעשיקט צום זעלביגען רעדאקטאר. און זי איז ווידער געדרוקט געווארען. ערשט דאן האט די געליבטע איהם געגלויבט, און איינגעשטימט חתונה צו האבען פאר איהם, כאטש זי האט זיך אביסעל געקווינקעלט חתונה צו האבען פאר א פסעוודאנים.

אט דאס איז אינגאנצען די געשיכטע פון זיין פסעוודאנים אונטער וועלכען ער איז בעריהמט געווארען.

אז ער האט געענדיגט צו דערצעהלען, האט דער צווייטער שרייבער מיט'ן פסעוודאנים, „לארד ביקאנספילד דער צוויי־טער", זיך אפגערופען:

— און מיך האט אן אנדער צרה, דער בחור הזעצער, גע־טריבען צו מיין פסעוודאנים. יא, דער בחור הזעצער, וועלכער איז בבחינת רעדאקטאר, און מוז אויף זיין אופן פעררריכטען די אר־טאגראפיע און די ווערטער גופא און אפילו אויך גאנצע זאצען. איהר קענט דאך איהם, קאלעגען. דאס איז דער זעלבער בחור, וואס מאכט פון „אידיליע" — „אידעלע" אדער „אידישע", פון „קריזיס" — „קריטיק", פון היסטעריע" — „היסטאריע", פון „סינדיקאליסטען" — „סקאנדאליסטען", פון „פראבע" — „גראבע" א. ד. גל. און פרעגט איהם, וואס האט ער צו אונז ארימע שרייבער? נאר איך וועל אייך בעסער דערצעהלען, ווי אזוי איך קום צו מיין פסעוודאנים.

און ער האט דערצעהלט:

פון אלע מאל אן, זינט ער איז אויף דער וועלט ארויס, ביז ער האט גענומען די פען אין זיין האנט צו פעראייביגען זיין נא־מען, איז זיין נאמען געווען בערנפעלד. אונטער דעם דאזיגען נאמען האט ער צוגעשיקט א זאך אין א רעדאקציע, די זאך איז מיט מזל אנגענומען געווארען און איז אוועק צום דרוק.

אבער א שרייבער טראכט, און דער זעצער לאכט. די זאך איז אפגעדרוקט געווארען, אבער ניט „פון בערנפעלד", נאר פון

„ביקאַנספּילד". איז ער אַוועק מיט אַ קלאַג צום רעדאַקטאָר. שיקט איהם אָפּ דער רעדאַקטאָר צום זעצער, און דער „בחור" פּערענטפערט זיך פאַר איהם, אַז ער האָט גראָד פאַר דעם גע־זעצט אַן אַרטיקעל וועגען לאָרד ביקאַנספּילד, און דער נאָמען האָט זיך איהם אַזוי איינגעקריצט אין זכרון, דאָס ער האָט ניט דערזעהן „בערנפעלד" און אַנשטאָט דעם אַוועקגעשטעלט „בי־קאַנספּילד". ער האָט אָבער פערשפּראָכען, דער זעצער, אַז ווייטער וועט ער שוין ביקאַנספּילד'ען אַרויסשלאָגען פון קאָפּ, און ער וועט געדענקען נאָר „בערנפעלד".

אָבער דער זעצער האָט אַזוי איינגע'חזר'ט „בערנפעלד" און ניט „ביקאַנספּילד", דאָס צום צווייטען מאָל האָט ער ווידער אַוועקגעשטעלט: „ביקאַנספּילד". איז בערנפעלד ווידער אַוועק־געלאָפען מיט אַ יעלה אין רעדאַקציע, און דער זעצער האָט ווידער פערשפּראָכען: „בערנפעלד" און ניט „ביקאַנספּילד". און צום דריטען מאָל איז ווידער געווען „ביקאַנספּילד."

איז בערנפעלד אַוועקגעלאָפען אין רעדאַקציע און ווידער צום זעצער. און דאָ האָט איהם שוין דער זעצער איבערצייגט, אַז ביקאַנספּילד איז אַ סך אַ שעהנערער נאָמען ווי בערנפעלד, און ער האָט איהם דערביי געראַטען, אַז ווי באַלד שוין יאָ ביקאַנס־פּילד, טאָ זאָל שוין אויך זיין לאָרד, און כדי מען זאָל איהם ניט פערבייטען מיט יענעם לאָרד ביקאַנספּילד, זאָל ער זיך אונטערשרייבען: „לאָרד ביקאַנספּילד דער צווייטער".

און אַזוי האָט ער זיין פּסעוודאָנים געקראָגען.

נאָך די ביידע געשיכטעס האָט די גאַנצע קאָמפּאַניע בע־שלאָסען, אַז דער מענש האָט ניט קיין פּרייען ווילען, בפרט נאָך ער איז אַ שרייבער, און אַז אפילו אַ נאָמען קען ער זיך אויך ניט אויסקלייבען מיט זיין אייגענעם ווילען.

# אהן א נאמען.

בעקענט האט זיך מיט איהר פישקין אין א הויז אויף א „סאושעל געדהערינג“. מען האט איהם זי פארגעשטעלט, און ווי עס טרעפט זיך אין אזעלכע פעלען, האט ער איהר נאמען פערהערט, אדער די פערזאן, וואס האט פארגעשטעלט, האט דעם נאמען ניט דייטליך ארויסגערעדט. ער האט לכתחילה גלאט בעטראכט די בעקאנטשאפט מיט איהר, ניט אלס שטענדיגע, און דארום האט ער זיך ניט אינטערעסירט איהר נאמען צו וויסען. בעזאנדערס אינטערעסאנט האט זי איהם אויך ניט אויסגעוויזען אויפ׳ן ערשטען קוק.

זי האט זיך אבער גראד יא פעראינטערעסירט אין איהם, און יענעם אווענט האט זי זיך געדרעהט ארום איהם, געזוכט אלע ווײלע צו פערפיהרען מיט איהם א געשפרעך און צו פעראינטערעסירען איהם אין זיך. אבער עס איז איהר ניט געגאנגען: ער איז געבליבען כמעט ווי גלייכגילטיג צו איהר דעם גאנצען אווענט, כאטש בכלל איז ער שוין דוקא ניט גלייכגילטיג צום שעהנעם געשלעכט, און זי איז כלל ניט געווען קיין מיאוס׳ע.

ער ווייסט אליין ניט, וואס דעמאלט איז עס מיט איהם געוועזען: אפשר איז ער ניט געווען אויפגעלעגט, און אפשר, ווייל עס זיינען געווען צופיעל מיידלעך, אום ער זאל זיך פעראינטערעסירען נאר אין איינער. בכלל ווערט ער צוטומעלט,

ווען ער דערזעהט א סך מיידלעך, און ער ווייס אליין ניט, אויף וועמען בעזאנדערס זיין אויפמערקזאמקייט אפצושטעלען.

געזעגנענדיג זיך מיט איהם, האט זי איהם מיט א בעזאנדערע כונה די האנט א דריק געטאן, און געזאגט:

— א גוטע נאכט, מר. פישקין! איך בין זעהר צופרידען צו זעהן אייך ווידער...

— זעהר אנגענעהם, זעהר אנגענעהם, מיס...

און דא האט ער זיך פערהאקט און איז רויט געווארען: ער ווייס ניט איהר נאמען. ער האט זיך אבער ווי עס איז ארויסגעדרעהט פון דער פערלעגענהייט, ענדיגענדיג מיט עפעס אונטער'ן נאז. אין דעם מאמענט האט איהר בליק איהם פיל געזאגט, און נאך מעהר — דער דריק פון איהר האנט. זי האט איהם פעראינטערעסירט, און איהם האט שוין פערדראסען, וואס ער ווייס ניט איהר נאמען. פרעגען זיך, פאסט עפעס ניט, און ער האט זיך אזוי מיט איהר צושיידט, ניט וויסענדיג איהר נאמען.

נייע איינדריקען, און פישקין האט שוין אן איהר פערגעסען. נאר אין א חודש שפעטער האט ער זי געטראפען אויף א באל. זי איז מיט פרייד צוגעלאפען צו איהם, ווי צו אן אלטען בעקאנטען.

— אה, וואס מאכט איהר, מר. פישקין? אזא לאנגע צייט ניט געזעהן! ווי מיר פרעהט עס!

און זי האט מיטביידע הענט ארייננעכאפט זיין האנט, און נאר אפלאזען ניט געוואלט.

— מיר פרעהט זעהר צו טרעפען אייך, מיס...

און ווידער האט ער מיט עפעס געענדיגט אונטער'ן נאז, עס זאל אויסקומען, אז ער רעדט ארויס איהר נאמען.

— איהר געהט גארניט אריין צו די קאפלאנס? — האט זי איהם געפרעגט, שוין כאפענדיג איהם ענטציקט אונטער'ן ארים.

די קאפלאנס איז די פאמיליע, ביי וועלכער ער האט זיך מיט איהר צום ערשטען מאל געטראפען. ער האט שוין פער־שטאנען, אז זי איז דארט ביי די קאפלאנס שוין ניט איין מאל געווען נאך יענעם אווענט, און געווים מיט דער כונה צו טרעפען איהם. די דאזיגע פעראינטערעסירטקייט איהרע אין איהם האט איהם זעהר געשמייכעלט.

— ניין, עס איז מיר גראד קיין צייט ניט אויסגעקומען, ארייננצוגעהן אהין, — האט ער זיך ווי פערענטפערט.

— אזוי פערנומען זייט איהר דאס? — האט זי איהם געפרעגט, דריקענדיג איהם צו זיך, אמת, גאנץ פארזיכטיג.

ער האט זיך וועגען עפעס פערטראכט, און האט גאר איהר פראגע ניט געהערט. ער האט אבער געפיהלט איהר נאהענט־קייט.

דעם גאנצען אווענט איז ער שוין געווען איהר געפאנגע־נער, און מען קען זאגען, אז ער איז געווען צופרידען מיט איהר, כאטש געוועהנליך האט ער זיך פיינט אפצוגעבען מיט איין מיידעל. זי האט איהם שוין אויסגעזעהן צו זיין בעזאנדערס אינטערעסאנט.

נאכ'ן באל האט ער זי מיט פערגעניגען אפגעפיהרט אהיים. ווייסט ער שוין אלזא איהר אדרעס, אז זי איז א בארעדרקע ביי איינער א מרס. פיינמאן. רעדענדיג מיט איהם, האט זי איהם אגב אויך געגעבען אביסעל אינפארמאציע וועגען זיך, ביי וואס זי ארבייט, ווי לאנג זי איז אין לאנד, א. ד. גל. ער האט איהר אויך דערצעהלט אביסעל וועגען זיך און געגעבען איהר אויך זיין אדרעס.

— איך וועל אייך בעזוכען, מר. פישקין! — האט זי זיך אפגערופען.

— א, דאס וועט פאר מיר זיין דאס גרעסטע פערגעניגען,— האט ער אויסגעשריען בעגייסטערט פון איהר אנבאט. — האט איהר גאר ניט מורא ארייננצוקומען צו א בארדער?

ער האָט אַ שמייכעל געטאָן.

— איך בין ניט פון די שרעקעדיגע מיידלעך, — האָט זי כוואַטסקע געענטפערט.

— און איך גלייך אַזעלכע מיידלעך! — האָט ער געזאָגט.

און זי האָט לאַנג אויף זיך ניט געלאָזט וואַרטען: צוויי טעג שפּעטער איז זי שוין ביי איהם געווען. געזעסען, פערבראַכט, דערנאָך האָט ער זי אָפּגעפיהרט אַהיים. ביים געזעגענען זיך האָט זי איהם איינגעלאַדען צו קומען צו איהר אַמאָל אויף אַ בעזוך.

— אויף ווען זאָל איך פרעגען? — האָט ער איהר געשטעלט די פראַגע, האָפענדיג, אַז אויף אַזאַ אופן וועט איהם איצט געלינגען צו דערגעהן איהר נאָמען, וואָרים זי וועט דאָך מסתמא ענטפערן: „אויף מיס די און די...“

אָבער דער דיפּלאָמאַטישער צוג האָט זיך איהם ניט איינגעגעבען. זי האָט אויף איהם גאָר פערוואונדערט אַ קוק געטאָן, און מיט אַ בתמיה, און נאָך ווי עפּעס בעליידיגט, האָט זי אויסגעשריען:

— וואָס הייסט אויף ווען זאָלט איהר פרעגען? אויף מיר!

ער האָט פערביסען די ליפּען; הכלל, ער ווייסט ניט איהר נאָמען.

ווי דערגעהט מען אָבער פאָרט איהר נאָמען? עס איז דאָך עפּעס מאָדנע, זיין בעקאַנט מיט אַ מיידעל, און כמעט שוין נאָהענט בעקאַנט, און ניט וויסען איהר נאָמען! ער וועט גאָר אריינגעהן צו די קאַפּלאַנס, און זיך דערקונדיגען ביי מיס קאַפּלאַן, ווי אַזוי די מיידעל הייסט.

און ער האָט אַזוי געטאָן. ער האָט דערביי אָנגעווענדעט זיין גאַנצע דיפּלאָמאַטישע פעהיגקייט.

— זעהר אַ אינטערעסאַנטע מיידעל אָט יענע, וועלכע איך

האָב ביי אייך געטראָפען אויפ׳ן אָוונט, — האָט ער זיך אָפּגע־רופען צו מים קאַפּלאַן.

מים קאַפּלאַן האָט איהם מאָדנע אָנגעקוקט.

— וועלכע מיינט איהר? — האָט זי איהם געפרעגט.

— אַט די... די... די שאַטענקע... מיט די...

— וועלכע שאַטענקע? עס זיינען אַ סך שאַטענקעס גע־ווען... אַט בין איך אויך אַ שאַטענקע.

— אַט יענע... איי, איך האָב איהר נאָמען גראָד איצט פערגעסען... פון צונג האָט ער זיך מיר אַראָפּגעגליטשט...

— אז איהר קענט זיך מיט אַזוי פיעל מיידלעך, טו ווי אַזוי זשע זאָלט איהר זייערע נעמען אַלעמענס געדענקען? גע־דענקט איהר כאָטש מיין נאָמען?

— אָה, יאָ! — האָט ער מיט אַ שמייכעל געענטפערט.— אייך ניט געדענקען!

— האָב איך הייסט עס די זכיה...

— אָבער איהר נאָמען האָב איך פערגעסען... אַ אינטע־רעסאַנטע מיידעל...

— ברענגט זי אַהער, וועל איך אייך זאָגען, — האָט זיך מיס קאַפּלאַן געוויצעלט.

— סיידען אַזוי, — האָט ער געזאָגט.

הכלל, ער ווייסט ניט איהר נאָמען. היינט ווי זאָל ער אריינ־געהן צו איהר? ווי געהט מען דאָס אריין אין אַ פרעמדר הויז, און מען פרעגט אויף אַ מיידעל, ניט וויסענדיג איהר נאָמען? אָבער מען מוז געהן, און איהם ווילט זיך אויך געהן. און ער איז אַוועק.

די ווירטין פון הויז האָט איהם געעפענט די טיר, און גע־פרעגט איהם, וואָס ער דאַרף.

— איז מים...

צו זיין גליק האָט זי אַליין דערהערט זיין שטימע, און זי איז מיט פרייד אַרויסגעלאָפען איהם אַנטקעגען. אַ שטיין פון

הארצען איז איהם אראפּ. זי האָט איהם מיט שטאָלץ פאַרגע־שטעלט פאַר איהר מיסים, און איהם אריינגענומען צו זיך אין צימער.

און אזוי איז זייער בעקאַנטשאַפט געוואקסען, און זיי זיינען נעהענטער געוואָרען איינע צו די אנדערע. ער האָט גע־זעהן, אַז די מיידעל איז אין איהם ממש פערליבט איבער די אויערן, און ער האָט געפיהלט, אַז זי ליבט איהם מיט אַ צוועק.

האָט ער זי אויך געליבט? די דאָזיגע פראַגע האָט ער זיך ניט געשטעלט. איין זאַך האָט ער געוואוסט, אַז זי איז אינטע־רעסאַנט, און ער איז צופרידען, וואָס זי ליבט איהם. ער וואָלט אפילו קיין ליבע ניט זשעדנע געווען, ווען ער וואָלט עס געזוכט. אָבער ליבע, ווייס ער, ענדיגט זיך דאָס רוב מיט חתונה, און דאָס האָט ער נאָך אין זינען ניט געהאַט, ווייל ער האָט זיך ניט געוואָלט בינדען הענט און פיס, ווי ער פלעגט זיך אַליין אויס־דריקען אין זיינע געדאַנקען. האָט ער אַלזאָ קיין ליבע ניט געזוכט, און די מיידלעך, וועלכע וואָלטען גערן געווען איהם צו קריגען, האָבען ניט געיאָגט זיך נאָך איהם אזוי אָפען און מיט אזאַ עקשנות, ווי אַטאַ־די מיידעל, וועמעס נאָמען ער ווייס ניט. די עקשנות פון דער דאָזיגער מיידעל צו קריגען איהם, איז איהם זעהר געפעלען געוואָרען. דאָס האָט איהם העכסט הנאה געטאָן, און ער איז מיט שמחה געגאַנגען אַלץ ווייטער און ווייטער אין דעם נעץ, וואָס זי האָט פאַר איהם פערשפּרייט.

און ענדליך איז ער אין דעם דאָזיגען נעץ אריינגעפאַלען. זי האָט איהם ממש געפאַנגען, און ער האָט ניט געקענט ביי־שטעהן דעם נסיון, און האָט זיך איהר ערקלערט אין ליבע.

ווען ער האָט זיך אויסגעניכטערט פון דעם ערשטען ליבעס־כוס, האָט איהם שוין געגומען פערדריסען אויף דער גאַנצער געשיכטע. אָבער ער האָט באַלד צוריק אַ טראַכט געטאָן: וואָס שאַדט עס? ענדיגט זיך דען יעדע ליבע מיט אַ חתונה? און אַז אפילו חתונה האָבען, געהט ער דאָך נאָך מיט איהר ניט מאָרגען

צו דער חופה! און ווי וועט ער עס גלאָט חתונה האָבען מיט א מיידעל, וועמעס נאָמען אפילו ער ווייסט ניט? נאָר וואָס האָט ער דערוויייל וואָס צו טראַכטען? דערווייל איז אינטע־רעסאַנט. איי, איהר נאָמען? זאָל זיין אַהן אַ נאָמען!

אָבער זי האָט אַנדערש געטראַכט. זי האָט לאַנג קיין כלה ניט געוואָלט זיין, און זי האָט שוין אָפּגעמאַכט ביי זיך, ווען די חתונה זאָל זיין. און איינמאָל, פער'שכור'ט פון דער ליבע, האָט ער צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, בעת זי האָט איהם געזאָגט דעם טאָג, ווען זי רעכענט מיט איהם צו דער חופה געהן. עס איז ניט זעהר וויית געווען: סך הכל, אַ צוויי מאָנאַטען.

און זי האָט שוין מודיע געווען אַלע איהרע פריינד און בע־קאַנטע, אַז דעם און דעם טאָג אין דעם און דעם מאָנאַט זאָלען זיי זיך ריכטען אויף איהר חתונה.

און איהר נאָמען ווייסט ער נאָך אַלץ ניט. ער קושט זי און האַלזט זי, אַהן אַ נאָמען. און דאָ ווערט אַלץ נעהענטער און נעהענטער צו דער חתונה, און פישקינ'ען נעהמט קלאַפּען אין האַרצען. וועט ער טאַקע חתונה האָבען? אוים פרייער פויגעל? אַנטאָן שוין אויף זיך דעם יאָך? דאָס האָט זיך איהם זעהר און זעהר ניט געוואָלט, און ער האָט גענומען בעטען זי, די חתונה אָפּצולעגען. זי האָט עס אפילו ניט געוואָלט, אָבער מילא — וועט זי וואַרטען נאָך אַ ביסעל.

און די חתונה איז אַזוי אָפּגעלעגט געוואָרען און אָפּגעלעגט געוואָרען, און זיין ליבע האָט גענומען קיהלען און קיהלען, ביז זי איז קאַלט געוואָרען ווי אייז. די מיידעל האָט געוויינט, און פישקין, אום איהרע טרערען ניט צו זעהן, האָט גענומען זי אויס־מיידען. ענדליך האָט ער זיך געמאַכט האַרץ און איהר אָפען ער־קלערט, אַז ער האַלט ניט ביי חתונה האָבען. ער איז אוועק פון איהר, ניט וויסענדיג איהר נאָמען.

נאָר אין עטליכע וואָכען אַרום האָט ער ערהאַלטען אַ פּאַ־פּיר, אַז מיס מיני גרינהאַלץ האָט פערקלאַגט אין געריכט אייב

פישקין אויף צעהן טויזענט טאָלער שאַדענערזאַץ פאַר „בריטש אָף פּראָמיס.“ און אין דעם פּאַפּיר איז דערצעהלט געוואָרען די גאַנצע געשיכטע פון זיין ליבע מיט דער מיידעל, וועמעס נאָ־מען ער האָט ניט געוואוסט, ווי אזוי ער האָט פערשפּראָכען צו הייראטען מיט איהר און ווי ער האָט זיין וואָרט געבראָכען.

אָבער אין יענעם מאָמענט האָט איהם די גאַנצע געשיכטע ניט אינטערעסירט. און ער האָט זיך גאַרניט פערטראַכט וועגען דעם, מיט וואָס אַזאַ קיים קען זיך אַמאָל ענדיגען; איהם האָט בעת מעשה אינטערעסירט נאָר איין זאַך: איהר נאָמען.

„אַזוי! מיני גרינהאָלץ הייסט זי! מיני גרינהאָלץ... מיני גרינהאָלץ... מיני גרינהאָלץ...“

און ער האָט לאַנג גע׳חזר׳ט דעם נאָמען, גלייך ווי ער וואָלט מורא האָבען, ער זאָל איהם ניט פערגעסען...

# א מעדיצינישע טרילאָגיע.

(אַ מעשה מיט אַ סך מוסר־השכל'ס וועגען אַ אידען, וואָס האָט געקראָגען אַ קאָפּוועהטאָג, מיט איין אַלגעמיינעם מוסר־השכל, וואָס ווייזט, ווי אַזוי דאָקטוירים זוכען אַ דיאַגנאָזע און געפינען אַ קרענק, ביז דער פּאַציענט בעפרייט זיי פון אַלע טראָבעל. — צום סוף קומט אַן עפּילאָג, „ווי צו וויסען אַ קרענק", ספּעציעל געשריבען פאר פּאַבליזם).

---

1. דיאַגנאָזעס.

איך האָב געטראָפען מיינעם אַ לאַנדסמאַן. געוועזן אמאָל אַ גאַנץ קרעפטיגער איד, און איצט איז ער הויט און ביינער, חושך ווי די ערד. פרעג איך איהם:

— וואו האָט איהר אַהינגעטאָן אייער געזונד?

— ביי די דאָקטוירים, — ענטפערט ער מיר.

— אויף וואָס, אַן ערך, זייט איהר קראַנק? — פרעג איך איהם ווייטער.

— אויף דיאַגנאָזעס, — ענטפערט ער מיר.

— אויף וואָס? — פרעג איך איבער נאָך אמאָל.

— אויף דיאַגנאָזעס! — חזר'ט ער איבער נאָך אמאָל.

— וואָס איז דאָס פאר אַ קרענק? — פרעג איך ווייטער.

— דאָס איז אַזאַ קרענק, וואָס דאָקטוירים אליין ווייסען אויך ניט, — איז געוועזן זיין ענטפער.

— קענט איהר מיר ניט דערצעהלען די היסטאָריע פון איי־

ער קרענק? — האָב איך איהם געבעטען, — איהר ווייסט דאָך, אַז איך בין ניט קיין דאָקטאָר און איך וועל ביי אייך דערפאַר קיין געלט ניט נעהמען. ד'ערצעהלט, ליבער פריינד! איך דאַרף אַזוי נויטיג אַ טעמע!

— אַ, מיט פערגעניגען! — האָט ער געענטפערט, און ער האָט גענומען דערצעהלען:

— אָנגעהויבען האָט זיך מיין קרענק פון אַ קאָפּוועהטאָג. וואָס איז אַ קאָפּוועהטאָג? גאָרנישט מיט גאָרנישט! נאָר אַז די ווייב הייסט געהן צו אַ דאָקטאָר און זאָגט, אַז זי וויל ניט זיין קיין אַלמנה, פאָלג איך איהר.

קום איך צום דאָקטאָר, ערקלערט ער מיר, אַז קאָפּוועהטאָג איז ניט קיין קרענק, נאָר אַ סימפּטאָם. דערפרעה איך זיך שוין, און וויל לויפען אהיים צו מיין ווייב מיט דער גוטער בשורה. האַלט מיך אָפּ דער דאָקטאָר: „וואַרט, מיסטער! איך בין נאָך מיט אייך ניט פאַרטיג."

מענה איך צו איהם: „איהר האָט דאָך מיר נאָר וואָס געזאָגט, אַז קאָפּוועהטאָג איז ניט קיין קרענק, נאָר אַ סימפּטאָם." זאָגט ער, אַז אַ סימפּטאָם איז נאָך ערגער, ווי אַ קרענק, ווייל פון אַ קרענק קען מען פּטור ווערען, און פון אַ סימפּטאָם ניט. מיט אַ סימפּטאָם מוז מען שוין געהן צו אַ מומחה, צו אַ ספּעציאַליסט, הייסט דאָס.

„צו וואָס פאַר אַ ספּעציאַליסט שיקט מען אייך?" האָט דער דאָקטאָר גענומען טראַכטען. „קאָפּוועהטאָג, פערשטעהט איהר מיך, קען זיין אַ סימפּטאָם פון אויגענוועהטאָג, פון בויכוועהטאָג, פון לונגענפעהלער און פון וואָס איהר ווילט אין דער וועלט. נאָר לאָמיר אָננעהמען, אַז איהר ליידט פון די אויגען, און מיר וועלען אייך שיקען צו אַן אויגען־ספּעציאַליסט."

איך האָב, אמת, געוואָלט פּראָטעסטירען, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען: איך האָב געמוזט געהן צום אויגען־ספּעציאַליסט, בפרט מיין ווייב האָט מיר נאָך געסטראַשעט מיט בלינד

ווערען. דאָס רעזולטאַט איז געווען: אַ היבשע לאָך אין קעשענע. דער אויגען־ספּעציאַליסט האָט אויסגעפונען, לויט דעם אַלטען כּלל פון „יגעת מצאת", אַז מען זוכט געפינט מען, אַז דאָס לינקע אויג האַרמאָנירט ניט מיט מיין רעכטען, און איך האָב געמוזט אַנטאָן אַ פּאָר ברילען מיט׳ן פערזאָג צו קומען אין צוויי חדשים אַרום נאָך אַמאָל, צו בייטען די ברילען.

אָבער מיין קאָפּוועהטאָג האָט דער אויגען־ספּעציאַליסט מ י ר איבערגעלאָזען. לויף איך צוריק צו מיין דאָקטאָר: סטייטש? ניט ער מיר צו פערשטעהן, אַז די שווערסטע זאַך אין דער מעדיצין איז פעסטצושטעלען די דיאַגנאָזע. האַרב אָבער שטעלט מען די דיאַגנאָזע, געהט דאָס שוין ווי געשמירט. מוז ער מיך אַלזאָ שיקען צו אַ צווייטען ספּעציאַליסט, אָבער דאָס מאָל שוין צו אַ האַרץ־ספּעציאַליסט.

„אָבער מיין האַרץ איז דאָך געזונט?" טענה איך.

„דאָס איז גאָרנישט, וואָס עס איז געזונט, דער ספּעציאַליסט וועט שוין אויסגעפינען."

און איך האָב ווידער געמוזט פאָלגען. און דער דאָקטאָר האָט געטראָפען: דער ספּעציאַליסט האָט טאַקע אויסגעפונען, אַז איך האָב אַ קראַנק האַרץ, און ער האָט מיך אַוועקגעשיקט קיין קאַרלסבאַד, נאַטירליך, אויף מיינע הוצאות.

געקומען פון קאַרלסבאַד — דער קאָפּוועהטאָג ווייל אַלץ ניט אַוועקגעהן. צו וואָס פאַר אַ ספּעציאַליסט טראָגט מען איצט אַוועק דעם קאָפּוועהטאָג? מיין דאָקטאָר שיקט מיך צו אַ לונגען־ספּעציאַליסט. מען מוז פעסטשטעלען די דיאַגנאָזע, טענה׳ט ער.

אַוועק צום לונגען־ספּעציאַליסט, נעהמט ער מיך אויפ׳ן פערהער.

„וואָס פאַר אַ סימפּטאָמען, אַחוץ קאָפּוועהטאָג, האָט איהר נאָך?"

איך זאָג איהם, אַז איך האָב ניט. זאָגט ער מיר, אַז איך

מ ו ז  האבען, ווייל אזוי זאגט די מעדיציין בנוגע צו טובערקו־לאזע. פרעג איך איהם: „פון וואנען איז נעדרונגען, אז איך האב טובערקולאזע?“ ענטפערט ער מיר: „אז איהר האט ניט קיין טובערקולאזע, טו וואס זייט איהר צו  מ י ר  געקומען?“

מילא, איז געבליבען, אז איך האב טובערקולאזע. בלייבט נאר איצט איבער די סימפטאמען. פרעגט מיך דער ספעציא־ליסט:

„הוסטען הוסט איהר?“

„ניין“, ענטפער איך.

„דאס איז שלעכט. איהר מוזט הוסטען, אנדערש קענט איהר קיין טובערקולאזע ניט האבען. נו, און שוויצען ביינאכט שוויצט איהר?“

„אויך ניט.“

„מוזט איהר אלזא זעהן צו שוויצען.“

א. אז. וו., א. אז. וו., ביז איך האב פון איהם געקראגען א גאנצען צעטעל מיט סימפטאמען, און בין אוועק אהיים רייכער מיט נאך א מחלה.

בקיצור, מיט די לונגענס, מיט'ן הארץ, מיט די אויגען בין איך פערזארגט. אבער וואס טוט מען מיט'ן קאפוועהטאג? ס'איז טאקע ניט מעהר ווי א סימפטאם, אבער ער האט זיך איינגעגעסען ווי א קרענק, און וויל ניט אוועקגעהן. לויף איך ווייטער צו מיין דאקטאר. שיקט ער מיך ווידער צו א ספעציא־ליסט נאך א דיאגנאזע. דאס מאל איז עס געווען א מאגען־ספעציאליסט. און ער האט אויך געהאלטען פון דעם כלל „יגעת מצאת“, האט אומזיסט קיין געלט ניט געוואלט נעהמען און האט ענטדעקט ביי מיר א מאגען־קאטאר.

אבער אויך דער מאגען־ספעציאליסט האט ביי מיר דעם קאפוועהטאג ניט אוועקגענומען, און איך האב געמוזט געהן צו א נערוועז־ספעציאליסט נאך א נייע דיאגנאזע. און עס וועט וואהרשיינליך דערמיט זיך ניט ענדיגען: עס זיינען דא נאך

געגוג ספעציאַליסטען, און יעדערער פון זיי מוז עפּעס אויסגעפינען, אַ דיאַגנאָזע שטעלען. מיין דאָקטאָר סטראַשעט מיך, אַז אויב קיין שום ספּעציאַליסט וועט ניט קענען פעסטשטעלען מיין דיאַגנאָזע, וועט ער מיך שיקען צום דיאַגנאָסטיקער אַליין. דער גאַנצער טראַבעל מיט מיר, זאָגט ער, איז די דיאַגנאָזע. ווען ניט די דיאַגנאָזע, זאָגט ער, וואָלט איך געווען געזונט און שטאַרק.

* * *

אַז מיין בעקאַנטער איז פאַרטיג געוואָרען מיט זיין געשיכטע, האָב איך איהם אַ פרעג געטאָן:

— אָבער אַחוץ די דיאַגנאָזע, וואָס הערט זיך מיט אייער קאַפּוועהטאָג?

— מיין קאַפּוועהטאָג, — האָט ער מיר געענטפערט, — איז פערשוואונדען, אָבער איך בין נאָך אַלץ אונטער דער אויפזיכט פון דאָקטוירים, הייסט ווי קען איך געזונט זיין? און דאָן זאָגט מיין דאָקטאָר, אַז צום געזונט האָט דאָס ניט — די דיאַגנאָזע מוז מען געפינען.

---

2. דיעטימיס.

מיין לאַנדסמאַן, וועלכער האָט געביך, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, געליטען אַ לאַנגע צייט פון דיאַגנאָזעס און איז אַזוי געזונט געוואָרען אָהן אַ דיאַגנאָזע, איז ווידער, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, ניט מיט אַלעמען, און אַזוי ווי ער האָט גענומען שטאַרק באַדערן די דאָקטוירים מיט טאָלערס, מיט צוויי טאָלערס און אפילו מיט פינפערלעך, האָבען זיי איהם גענומען שטראָפען מיט דיעטעס.

און אַ דיעטע, רבותי, איז גאָר אַן אומגליק. דאָס איז אַ מכה אשר לא כתובה בתורה, און ווען טביה דער מילכיגער

לעבט, טייטשט ער עס אפ: א מכה אהן רעצעפטען און אהן רפואות. עס איז ווי אין פסוק שטעהט: את זה תאכל ואת זה לא תאכל, און טביה דער מילכיגער וואלט עס ווידער אפגע־טייטשט: ביסט ניט קראנק צו עסען קדחת מיט כשר'ע פאדים.

הכלל, ווען מיין לאנדסמאן האט דערפיהלט, אז ער איז ניט מיט אלעמען, האט ער בעשלאסען שוין מעהר ניט צו געהן צו דאקטוירים נאך דיאגנאזעס. נאר ער וועט זיך אליין שטעלען די דיאגנאזע. מילא באנקעס שטעלען, האט ער זיך גע'חקרנ'ט, קען מען אליין ניט, אבער א דיאגנאזע קען מען זיך דא יא אליין שטעלען! צו וואס באדערן אומזיסט די דאקטוירים? און דאס פאלק אליין האט דאך שוין לאנג גע'פסק'ענט: „ניט פרעג דעם רופא, נאר פרעג דעם חולה." און אט אזוי חקירה'נדיג זיך, האט ער זיך געשטעלט די דיאגנאזע, אז ער ליידט אויפ'ן מאגען.

און מיט דער דאזיגער פארטיגער דיאגנאזע איז ער אוועק ווידער צו א מאגען־ספעציאליסט.

אז ער איז געקומען צום מאגען־ספעציאליסט, האט ער גע־קראגען צו וויסען, אז אום צו קריגען א רפואה שלמה, מוז ער בעצאהלען פאר דריי וויזיטען, א פינפעריל א שטיק: איין וויד זיט — דער איצטיגער, וואס דער ספעציאליסט דארף איהם ארומפרעגען און ארומטאפען; דער צווייטער וויזיט — שטע־לען די דיאגנאזע, און ענדליך דער דריטער וויזיט — געבען די דיעטע.

רופט זיך אפ מיין לאנדסמאן: „וועלל, הערר דאקטאר! די ארבייט פון צוויי וויזיטען האב איך איך שוין איינגעשפארט. איהר ניט מיר נאך דעם דריטען וויזיט, די דיעטע מיין איך."

האט דאך איהם מסתמא דער דאקטאר אנגעקוקט ווי א משוגענעם: „וואס הייסט איהר האט מיר איינגעשפארט צוויי וויזיטען? זייט איהר שוין געווען ביי אן אנדער ספעציאליסט?"

אבער מיין לאנדסמאן איז ניט פון די שרעקעדיגע, און ער

רופט זיך אפ: „ניין, איך בין נאך ניט געווען ביי קיין דאק־טאר.“

קוקט איהם דער ספעציאליסט ערשט אן ווי א משוגע'נעם. גיט איהם מיין לאנדסמאן צו פערשטעהן, אז ער איז געקומען מיט א פארטיגער דיאגנאזע. ווערט שוין דער ספעציאליסט גאר מבולבל: „וואס הייסט א פארטיגע דיאגנאזע?“ פרעגט ער, „וואו האט איהר זי גענומען?“

— מסתמא אין א רעסטאראן, — ענטפערט מיין לאנדס־מאן.

— איך מיין, ווער האט אייך די דיאגנאזע ג ע־ ש ט ע ל ט? — פרעגט איהם דער ספעציאליסט.

— אליין געשטעלט זי, — ענטפערט מיין לאנדסמאן.

— זייט איהר אליין א דאקטאר? — פרעגט איהם דער ספעציאליסט.

— אליין קיין דאקטאר בין איך ניט, — ענטפערט מיין לאנדסמאן, — נאר א קרענק וויים איך ניט ערגער פון דעם גרעסטען דאקטאר.

דער דאקטאר האט דא דערזעהן, אז ער האט דא צו טאן ניט מיט קיין נאר א אידען, רופט ער זיך צו איהם אן:

— גוט, האט איהר געקענט אליין שטעלען די דיאגנאזע, אבער פון וואנען האט איהר געקענט וויסען די סימפטאמען? אלס דיאגנאסטיקער דארפט איהר דאך וויסען, וואס סימפטאמען איז...

— געוויס וויים איך די סימפטאמען, — ענטפערט מיין לאנדסמאן, — נאך בעסער פון א דאקטאר, ווייל דער דאקטאר דארף דאך ביי מ י ר פרעגען די סימפטאמען. און וואס דארף איך א בעסערען סימפטאם ווי בויכוועהטאג? פאלגט מיר, הערר דאקטאר, גיט מיר די דיעטע צו מאגען־קראנקהייט און באדערט זיך ניט!

— אבער מאגען־קראנקהייט איז צו אלגעמיין, — טענה'ט

דער דאָקטאָר, — עס דאַרף נאָך ספּעציפיצירט ווערן, וואָס פאַר א מאַגען־קראַנקהייט, וואָס פאַר א „איטיס". עס איז דאָ א גאַסטריטיס, קאַטאַריטיס...

— און למנצח על הגיתית, — ענדיגט מיין לאַנדסמאַן מעשה טביה דער מילכיגער, — נאָר מילא, הערד דאָקטאָר, אז איהר געטרויט ניט מיין דיאַגנאָזע, טאָ טוט מיט מיר וואָס איהר ווילט, אבי גיט מיר נאָר די דיעטע.

בקיצור, ווי איהר זעהט דאָך, האָט דער דאָקטאָר אויסגע־פיהרט, און אזוי איז דאָס געווען: דריי וויזיטען, צו פינפעריל א שטיק, ס"ה פופצעהן טאַלער. און מיין לאַנדסמאַן איז אוועק אהיים מלא שמחה, אין איין האַנט האָט ער געהאַלטען די דיעטע און אין דער צווייטער — דעם בויך, וועלכער האָט איהם זעהר שטאַרק וועה געטאָן.

די דיעטע איז געווען א גאַנצער שלחן ערוך, און ווען מיין לאַנדסמאַן האָט דאָס אהיים געבראַכט, איז די לאַנדסמאַניכע א פערצאַפּעלטע געוואָרען און האָט פּאַטעטיש אויסגעשריען:

— איך וויים ניט, צי די דיעטע וועט דיך געזונט מאַכען. אבער מיך וועט זי געווים קראַנק מאַכען. ס'איז דאָך אזוי פיעל ארבייט! האָסטו גאַרניט געקענט נעהמען ביים דאָקטאָר א פּאַרטיגע דיעטע, אן אָפּגעקאָכטע, אז איך זאָל זיך ניט דאַר־פען באַדערן? איז נאָך א פינפעריל!

און מיין לאַנדסמאַניכע האָט טאַקע געטראָפען: זי איז אליין קראַנק געוואָרען פון באַדערנדיג זיך גאַנצע טעג מיט איהר מאַנ'ס דיעטע. דאָס געדולד האָט איהר געפּלאַצט, און צורייסענ־דיג די דיעטע אויף פּיץ־פּיצלעך, האָט זי זיך אָנגערופען צו איהר מאַן:

— געה, בעט ביים דאָקטאָר אן אַנדער דיעטע, א גרינגערע.

איז ער אוועק צום דאָקטאָר נאָך א גרינגערע דיעטע.

— וואָס איז דער מער? — האָט איהם דער דאָקטאָר גע־פרעגט, — איז יענע דיעטע פאַר אייך געווען צו שווער?

— פאַר מיר ווי פאַר מיר, נאָר פאַר מיין ווייב איז זי גע־
ווים געווען צו שווער, — האָט מיין לאַנדסמאַן געענטפערט, —
צופיעל באַדער געווען.

— אָבער איהר אַליין, ווי פיהלט איהר זיך?

— נאָך הערינג פיהל איך זיך זעהר גוט.

דאָ איז דער דאָקטאָר געוואָרען אָנגעצונדענער.

— הערינג האָט איהר געגעסען, ניט די דיעטע? — האָט
ער געשריען אויף מיין לאַנדסמאַן.

— גאָט איז מיט אייך! — האָט מיין לאַנדסמאַן געלאַסען
געענטפערט, — ווי אַזוי וועל איך דאָס ניט עסען די דיעטע,
ווען זי קאָסט מיך פופצעהן בלוטיגע טאָלערם? — איך האָב
געגעסען אי הערינג, אי די דיעטע.

— אָבער איך האָב דאָך אייך אָנגעזאָגט קיין הערינג ניט
צו עסען!

— אָבער דאָס פערשאַדט מיר ניט!

— נעווער מאַינד, וואָס עס פערשאַדט אייך ניט, אָבער
איהר טאָרט קיין הערינג ניט עסען, וויבאַלד אַז אין דער דיעטע
איז עס ניטאָ.

מיין לאַנדסמאַן אָבער איז אַ איד, וואָס לאָזט זיך ניט
שפּייען אין קאַשע, רופט ער זיך אָן:

— נעווער מאַינד אייער דיעטע. הלמאי שטעהט דאָרט,
אַז איך זאָל טרינקען מילך און עסען ווייכע אייער, און נאָכדעם
שפּאָרט עס מיר אונטער'ן הארצען? פערקעהרט, קאַווע און
הארטע אייער, וואָס עס שטעהט ניט אין דער דיעטע, פערדייה
איך גאַנץ גוט.

— נעווער מאַינד, וואָס איהר פערדייהט, — האָט דער
דאָקטאָר ווידער געשריען אויף מיין לאַנדסמאַן, — אַז איך
זאָג אייך, אַז קיין הארטע אייער טאָרט איהר ניט עסען, זאָלט
איהר ניט עסען.

— מילאַ, לאָמיר ניט קריעגען זיך, הערר דאָקטאָר, —

האט זיך מיין לאנדסמאן אנגערופען, — און גיט מיר בעסער א גרינגע דיעטע פאר מיין ווייב, איך מיין, אזא דיעטע, וואס זי זאל ווייניגער באדער האבען מיט מיר.

— מילך און לויזע אייער — איז געווען דער קורצער פסק־דין פון דעם דאקטאר.

מיין לאנדסמאן האט זיך ביי איהם רחמים געבעטען, אז ער זאל איהם אזא דיעטע ניט געבען. ווייל ער איז א דער'הרג'ע־טער נאך אזא דיעטע, אבער עס האט ניט געהאלפען.

האט זיך מיין לאנדסמאן אזוי אפגעמוטשעט מיט מילך און לויזע אייער, ביז ער האט בעשלאסען צו געהן צו אן אנדער דאקטאר, און יענער האט איהם אן אנדער דיעטע געגעבען און אז. וו., א. אז. וו., א. אז. וו., ביז ער האט געקראנגען עפעס א מאדנע קראנקהייט, וואס קיין דאקטאר ווייס נאך ניט. וואס דאס איז אזוינס. מיין לאנדסמאן אבער זאגט, ער איז זיכער, אז דאס איז די מחלה „דיעטיטים“. און קומען קומט עס פון דיעטעס.

דער מוסר־השכל איז: באדער ניט די דאקטוירים, וועלען זיי דיך ניט באדערן!

---

3. רעפלעקסיע.

דער לאנדסמאן מיינער, וואס האט געליטען יאהרענלאנג פון דיאגנאזעס און דיעטעס, איז שוין עליו השלום. די דאק־טוירים האבען פריי אפגעאטעמט, און האפענטליך, אז ער וועט זיי שוין מעהר ניט באדערן. ארימע דאקטוירים!

און געשטארבען איז ער, מיין לאנדסמאן. ניט ווי ער האט גערעכענט — פון דיאגנאזעס און פון דיעטעס. נאר פון א רעפלעקסיע. די דאקטוירים האבען אפילו געזאגט, אז ער איז געשטארבען פון „קאמפליקיישאן אוו דיזיסעס“. נאר איך פרעג

איך: איז ניט גענוג אײן קראַנקהײט אויף צו טויטען אַ מענשען? צו וואָס אַלע ארבע מיתות בית דין? טאַקע דאָק־טוירים, אָבער וואו איז דאָס דער יושר אַנצושיקען אַזוי פיעל קראַנקהײטען אויף אײן מענשען. און נאָך אויף אַ געשטאָרבע־נעם, װעלכער קען זיך שוין נעבעך ניט װעהרען און ניט קלאָגען זיך און ניט אָנװײזען, וואו עס טוט איהם וועה? אַ געפאַלענעם שלאָגט מען ניט. אַז דעם דאַזיגען כלל מעגען זיך אפילו דאָק־טוירים האַלטען.

נאָר וואָס איז די רעד? ער איז טויט, מײן לאַנדסמאַן, ווי אַלע טויטע, גלײך ווי ער וואָלט אויף זײן לעבען גאָרניט גע־קרענקט. נו, פרעג איך אײך, וואָס'ט ער אויסגעפיהרט? אָפּ־געהאָוועט אַ לעבען מיט דיאַגנאָזעס און דיעטעס, און צום סוף איז ער געשטאָרבען! עט, עס לוינט זיך גאָרניט צו קרענקען, װײבאַלד דערנאָך מוז מען שטאַרבען.

איך האָב אײך דאָך געזאָגט, אַז ער איז געשטאָרבען פון אַ רעפלעקסיע אויף צו־להכעיס די דאָקטוירים. ומעשה שהיה כך היה:

אויב איהר געדענקט, איז דאָס געװען אַ קרענק אַ איד. אַלע דאָקטוירים האָט ער ממש קראַנק געמאַכט, אָבער די דאָקטוירים האָבען לכל הפחות געקראָגען פאַר דעם בעצאָהלט, און ער — אַ קרענק. יעדער דאָקטאָר האָט איהם אַן אנדער קרענק געגע־בען, אָבער אַזוי ווי ער איז געװען, ניט פאַר אײך געדאַכט, אַ איד אַ חלוש און ער האָט ניט געקענט טראָגען אין זיך אַלע קרענקען, האָט ער ענדליך אויסגעקליבען אײנע פון זײ — מאַ־גען־קראַנקהײט. פאַרוואָס עפּעס מאַגען־קראַנקהײט? ווײל נאָך זײן שכל, וועלכער איז איצט שוין לײדער אויף דער וועלט ניטאָ, איז אויסגעקומען, אַז מיט אַ מאַגען־קראַנקהײט קען מען אָפּלע־בען 120 יאָהר. פאַרוואָס? אַזוי: אַ לונגען, אַ האַרץ איז אַ געפעהרליכע זאַך, אָבער אַ מאַגען, ווער הערט איהם? ער באַ־רערט? עסט מען ניט! אַזוי האָט ער פילאָזאָפירט, און ער איז

אין זיין פילאָזאָפיע דערגאַנגגען אַזוי ווייט, אַז מען קען אינ־גאַנצען לעבען אָהן אַ מאָגען. און לעבען אָהן אַ מאָגען איז פאַר איהם געוואָרען אַ ווירקליכער אידעאַל: די עקאָנאָמישע פראַגע וואָלט דאַן געלייזט געוואָרען. אַ האַרץ, אַ לונגען בעט ניט עסען, טו זאָלען זיי זיך זיין געזונטערהייד, אָבער אַ מאָגען? צו אַלדי שווארצע יאָהר!

האָט ער זיך אַרומגעטראָגען מיט זיין מאָגען־קראַנקהייט און זיך געלעבט גאָרניט שלעכט און ער וואָלט זיך אַזוי אָפּגע־לעבט רוהיג, ביז ער וואָלט געשטאָרבען פון אַן אַנדער קראַנק־הייט, ווי אַן אַנדער דאָקטאָר האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט. האָט איהם אָבער אָנגעהויבען צו שטעכען אין ברוסט. עס שטעכט אין ברוסט, האָט ער שוין ניט געוואָלט לײדען, און ער איז אַוועקגעלאָפען מיט אַ יעלה צו זיין דאָקטאָר דעם מאָגען־ספּע־ציאַליסט:

— דאָקטאָר, עס שטעכט אין ברוסט!

ביים מאָגען־ספּעציאַליסט איז דער גאַנצער מענש בע־שטאַנען פון איינעם מאָגען. קיין אַנדערע איברים אַחוץ'ן מאָגען האָט ער גאָרניט געוואָלט אָנערקענען. די גאַנצע מענשהייט האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט אַלס איין גרויסער מאָגען, און ער, דער איינציגער דאָקטאָר. איז אַז יענער איז צו איהם געקומען מיט'ן געשריי, אַז עס שטעכט איהם אין ברוסט, האָט ער איהם אַ טאָפּ געטאָן דעם בויך, און ערקלערט, אַז ס'איז גאָרנישט.

— אָבער עס שטעכט דאָך מיר אין ברוסט, — האָט מיין לאַנדסמאַן ע"ה נע'טענה'ט.

— ניט די ברוסט טוט אייך וועה, נאָר דער מאָגען! — האָט דער דאָקטאָר שטרענג געזאָגט.

— טו פאַרוואָס שטעכט מיר אין ברוסט? — האָט זיך מיינער ניט געוואָלט בערוהיגען.

— דאָס א'יז ניט אייערע ביזנעס! — האָט דער דאָקטאָר ווידער שטרענג געזאָגט.

— וואס הייסט ס'איז ניט מיינע ביזנעס? — איז שוין מיינער אין כעס געווארען, — עס איז דאך מיין ברוסט, ניט אייערע!

— קיינער נעהמט זי ביי אייך ניט אפ! — האט דער דאקטאר געענטפערט, — האלט זיך מיט איהר געזונטערהייד!

— איך וואלט אבער געווען צופרידען, ווען מען נעהמט ביי מיר צו די שטעכעניש, און מען לאזט מיר נאר איבער די ברוסט אליין, — האט מיינער געזאגט.

— דאס וועט אוועקגעהן, — האט דער דאקטאר געזאגט,— אזוי שנעל ווי אייער מאגען וועט בעסער ווערען.

— וואס איז דער שכל דערפון? — איז שוין מייגער גלאט משיקאווע געווארען צו וויסען.

— צו וויסען דעם שכל דערפון, מוזט איהר געהן אין קא־לעדזש, — האט דער דאקטאר געענטפערט.

— אבער וואס זאל איך זאגען מיין ווייב? — איז מיי־נער צוגעשטאנען.

— זאגט איהר, אז ס'איז גארנישט, — האט דער דאק־טאר געענטפערט.

— מילא ביי מיר קענט איהר עס פועל'ן, אז ס'איז גאר־נישט, — האט מיינער געזאגט, — אבער מיין ווייב קענט איהר ניט בלאפען. איהר מוזט איהר זאגען דעם אמת, דעליווערן די גודס, ווי מען זאגט. איך מוז איהר זאגען, ווי דאס רופט זיך.

— וואס ווי רופט זיך? — האט דער דאקטאר געפרעגט.

— אט דאס וואס ס'איז מיר טוט־וועה... איך מיין, די שטעכעניש אין ברוסט. ווי זאל איך דאס איהר ערקלערען?

— צו וואס דארף זי דאס אינגאנצען וויסען?

— אט זי דארף דאס פאר די שכנות דערצעהלען.

— וועל, — האט דער דאקטאר געזאגט, — זאגט איהר,

אז ס'איז אַ רעפלעקסיע פון דעם מאָגען, ד. ה., אַז אין דער אמת'ן איז אין דער ברוסט גאָרנישט ניטאָ, נאָר די וועהטאָגען פון מאָגען רופען זיך אָפּ אויף דער ברוסט.

— איז ווי רופט איהר דאָס?

— רעפלעקסיע.

און מיינער איז אוועק מיט דער רעפלעקסיע אהיים, און עס איז אוועק אַ סדרה רעפלעקסיע. דער ווייב איז דער נאָמען שטאַרק געפעלען געוואָרען, און זי פלעגט איהם רק פרעגען: „וואָס מאַכט דיין רעפלעקסיע?" און ער פלעגט ענטפערן: „עס שטעכט נאָך!" און די שכנות פלעגען ביי דער ווייב כסדר פרעגען: „וואָס מאַכט אייער מאַנ'ס רעפלעקסיע, ניט פאַר קיי־נעם געדאַכט?" און זי פלעגט זיי ענטפערן: „אַ, פרעגט גאָרניט! דאָס איז שוין איין מאָל אַ רעפלעקסיע!" און איין טאָג האָט זיך פאַר איהר שוין אַ שכנה בעקלאָגט, אַז עס דאַכט זיך איהר, צי וואָס, אַז זי האָט שוין אויך געקראָגען אַ רעפלעקסיע. און ווייט און ברייט האָט מען גענומען רעדען וועגען דער נייער קראַנקהייט ר"ל, וואָס האָט זיך בעוויזען און וועלכע הייסט מיט אזא „פענ־סי„ נאָמען ווי רעפלעקסיע.

און מיין בעקאַנטער האָט זיך ארומגעטראָגען מיט דער רעפלעקסיע און געאָכצעט און געקרעכצעט, צוביסלעך: „אוי, מיין רעפלעקסיע!" ביז ער האָט איינמאָל אזוי הויך און שטאַרק אַ געשריי געטאָן: „אוי..." און שוין! אפילו „מיין רעפלעקסיע" ניט געענדיגט. אָבער ער האָט דאָס זיכער געוואָלט זאָגען.

מילא, זיין סוף ווייסט איהר דאָך שוין. איך וויל אייך נאָר בעמערקען, אַז דער מאָגען־ספּעציאַליסט האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז מיין בעקאַנטער איז געשטאָרבען נאָר פון'ם מאָגען. די אי־בעריגע דאָקטוירים, ווי איהר ווייסט שוין, האָבען ערקלערט „קאָמפּליקיישאַן אוו דיזיסעס", אָבער איך זאָג אייך, אַז ער איז געשטאָרבען פון דער רעפלעקסיע. זיין ווייב זאָגט דאָס אויך און אַלע שכנות זאָגען דאָס אויך, בעמערקענדיג דערביי:

„וואס איז? די דאקטוירים ווייסען דען עפעס? טראכטען אפריהער אויס א קרענק, א רעפלעקסיע, זאל גאט אויסהיטען, און ווייסען דערנאך ניט ווי צו היילען דאס!“

---

עפילאג: ווי צו ווייסען א קרענק.

אום צו ווייסען א קרענק, מוז מען ווייסען די סימפטאמען פון דער קרענק. יעדע מין קראנקהייט, אדער „איטים“, ווי דאס ווערט וויסענשאפטליך אנגערופען, האט איהרע סימפטאמען, וואס אן אנדער קראנקהייט, אדער „איטים“, דארף דאס ניט האבען. אמאל מאכט זיך, אז צוויי אדער עטליכע קראנקהייטען האבען איינע און די זעלבע סימפטאמען, קומט פאר א קאמף צווישען די קראנקהייטען איבער די סימפטאמען — איין קראנקהייט שלעפט די סימפטאמען צו זיך, און די צווייטע צו זיך — און וואס זאל נעביך דער דאקטאר טאן? פאיטען זיך אזוי ארום די קראנקהייטען, ביז דער חולה נעביך פעקעלט זיך אריבער אויפ'ן עולם האמת אדער בלייבט לעבען ביז 120 יאהר, און גארנישט.

אלזא, אום צו אונטערשיידען פון איין קראנקהייט ביז א צווייטער, זאגען מיר דא אויס די סימפטאמען פון יעדער קראנקהייט:

מ א ק ע ב ע צ י ד א י ט י ס. די סימפטאמען: קאפּווועהטאג, פערלוסט פון אפעטיט, אפטמאל אויך ברעכען, שוואכקייט, מעגליך אויך היץ א. אז. וו.

א י מ ר ו ל י י ל א ה י מ י ט י ס. די סימפטאמען: מעגליך אויך היץ, שוואכקייט, אפטמאל אויך ברעכען, פערלוסט פון אפעטיט, קאפּוועהטאג א. אז. וו.

די איבעריגע קראנקהייטען האבען אויך די זעלבע סימפּטאמען, נאר אביסעלע אנדערש. אט אזוי האט יעדע קראנק-

הייט איהרע בעזונדערע סימפטאמען, מיר וואלטען אויסגערע־
כענט נאך סימפטאמען, נאר. ליידער, זיינען זיי קיין סך ניטא.
אך! אזוי פיעל קראנקהייטען און אזוי וועניג סימפטאמען!
א סקאנדאל!
אמן סלה!

# דער הומאָר־צאַפּער.

פּאָלגענדע טעמע האָט מיר אוועקגעשענקט אַ ברודער־שרייבער, וועלכער האָט זיך קוים מיט'ן לעבען געראַטעוועט פון אַ מדינה, וואו אַלע שרייבער, די טויט־ערנסטע אפילו און להבדיל די גרעסטע קאַליקעס מוזען שרייבען הומאָר, צי מען קען, צי מען קען ניט. עס מעג געהן אַ שלאַקס־רעגען, עס מעג זיין אַ הונגער אין לאַנד, אַ שרפה, אַן ערד־ציטערניש, אַ פּאָג־גראָם, אָדער אַן אַנדער אומגליק ר"ל — מוז מען הומאָרעווען. אַזאַ מדינה איז דאָס און אַזאַ מאָדע איז דאָרטען, ניט פאַר אונז געדאַכט. צוליב צענזור־בעדינגונגען, ד. ה. פּשוט צוליב דעם, מען זאָל פון יענער הומאָריסטישער מדינה חלילה ניט קריגען אויסגעפּאַטשט, ווייל זי קען אפשר אויסגעפינען, אַז מיר לאַכען אויס איהר הומאָר, וועלען מיר זי אָנרופען: „הומאָר־לאַנד", און דעם בחור הזעצער וועלען מיר שטאַרק בעטען, אַז ער זאָל ניט מאַכען קיין „אומער־לאַנד", מיינענדיג, אַז יענע מדינה מוז שוין זיין גענוג פעראומערט פון דער שפע הומאָר, וואָס מען האָט אויף איהר ר"ל אַרויפגענאָסען.

איצט, פערשטעהט איהר דאָך, וועט איהר מיך פרעגען, ווי אַזוי שענקט דאָס אוועק איין שרייבער אַ צווייטען אַ טעמע? אדרבא, אַ שרייבער וועט גיכער צונעהמען ביי אַ צווייטען אַ טעמע, ניט נאָר וואָס אוועקשענקען! אָבער איך מוז אייך זאָגען, אַז יענער שרייבער איז אין הומאָרלאַנד פערהומאָרעוועט

געוואָרען אויף טויט, און ער האָט צוליב דעם געוואָרפען אַז אום׳חן אויפ׳ן גאַנצען שרייבער־טרייד. ער וויל, זאָגט ער, אַרויסטרייסלען פון זיך דאָס לעצטע ביסעל הומאָר, וואָס ער האָט אין זיך אָריינגעזאַפּט אין יענער מדינה, און האָדיע! זיך נעהמען צו עפּעס אַנדערש. איהר האָט איהם געדאַרפט אַנקוקען: הויט און ביינער, אַ פערזויערטער, אַ פערקרימטער פּנים, אַט דאָס האָט פון איהם די הומאָריסטישע אַרבייט גע־מאַכט!

— אַז איך בין אַנגעקומען אין הומאָר־לאַנד, — האָט ער אַנגעהויבען צו דערצעהלען, — איז גלייך דער „ליך־לאַך“, דער גרעסטער הומאָריסטישער פּייפער פון הומאָר־לאַנד, אַרויס מיט אַ נאָטיץ, אַז דער בעוואוסטער, גרעסטער אידישער הו־מאָריסט דר. לאַכמאַן איז אַנגעקומען אין הומאָר־לאַנד און ער וועט זיין אַ שטענדיגער מיטאַרבייטער פון „ליך־לאַך“.

מיין נאָמען איז טאַקע לאַכמאַן, אָבער איך בין ניט קיין הומאָריסט און ניט קיין דאָקטאָר. לויף איך אַוועק מיט כעס אין דער רעדאַקציע פון „ליך־לאַך“, און כאַפּ אַז דעם רעדאַק־טאָר פּאַר׳ן לאַץ און גיב איהם אַ טרייסעל:

„וואָס האָט איהר צו מיר געהאַט? איך בין דאָך ניט קיין הומאָריסט, אפילו ניט דער קלענסטער!“

בעפרייט ער זיין לאַץ פון מיר און כאַפּט אַז מיין לאַץ און בערוהיגט מיך מיט די ווערטער:

„זייט ניט קיין נרינער! מיר וועלען שוין דאָ פון אייך מאַכען אַ הומאָריסט. אויף דעם בין איך אַ הומאָר־צאַפּער. אפילו פון אַ שטיין, פון אַ האַלץ קען איך צאַפּען הומאָר. איהר מעגט אָנשרייבען די אומעטיגסטע זאַך, האָב איך אָבער אַ שער, וועל־כע בעוויייזט נאָר וואונדער: אַ שנייד אַהער און אַ שנייד אַהין, און עס קומט אַרויס הומאָר. ניט אומזיסט בין איך אַמאָל אַ שניידער געווען. איך אַרבייט מיט דער שער בעסער ווי מיט דער פען.“

„גוט“, האָב איך זיך אָפּגערופֿן, שוין אַביסל ווייכער, „ווערט איהר פֿון מיר צאַפּן הומאָר. וואָס קען איך העל־פֿן? אָבער צו וואָס האָט איהר מיך פֿאַר אַ דאָקטאָר גע־מאַכט?“

„וועל“, האָט ער געזאָגט, „דאָ מוז אַ שרייבער זיין אַ דאָקטאָר. שרייבעריי און דאָקטאָריע געהען דאָ האַנט אין האַנט. קיין פּליינע שרייבעריי געהט ביי אונז נישט.“

אַ לעבען האָב איך דאָך געמוזט מאַכען. מילא, בין איך געוואָרען אַ קרבן פֿון אומשטענדען און אַזוי אָרום בין איך אויך געוואָרען אַ הומאָריסט, אַז איך האָב זיך דערנאָך איינפֿאַך גע־חידוש׳ט: ווי קומט צו מיר הומאָר?

די ערשטע הומאָריסטישע זאַך האָב איך זיך געמאַטערט אָנצושרייבען לויט די הומאָריסטישע טראַדיציעס פֿון מיין אַל־טער היים. איך האָב עס געבראַכט דעם רעדאַקטאָר פֿון „ליך־לאַך“ און עס איהם איבערגעלייענט.

„וועל,“ האָט ער געזאָגט, „ס׳איז צו שאַבלאָן. ביי אונז שרייבט מען אַנדערש הומאָר. איך וועל אייך שוין ווייזען. אַט, צום ביישפּיל, ביי אייך געפֿינט זיך דער אויסדרוק: לא מיט אַן אלף. דאָס איז צו שאַבלאָן. ביי אונז שרייבט מען: לא מיט אַ בית. פֿערשטאַנען? דאָס הייסט הומאָר. אָדער ביי אייך געפֿינט זיך אַזאַ אויסדרוק, ווי: רעדט צו איהם און רעדט צו דער וואַנט. אויך שאַבלאָן. איך שרייב בכלל נישט, איך שנייד נאָר מיט דער שער. איהר זעהט, ס׳אַ גרויסע שער? אָבער ווען איך שרייב, דריק איך זיך אויס אַזוי: רעדט צו איהם און רעדט צום סילינג. איך וועל אייך שוין אויסלערנען.“

„אָבער אַזוי איז די זאַך גוט?“ פֿרעג איך ביי איהם.

ער האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ אויף ניין.

„האָב איך, הייסט עס, אומזיסט געאַרבייט?“ פֿרעג איך איהם.

„וועל“, האָט ער געענטפֿערט, „דערווייל אומזיסט.

מיינט ניט, אז דאס איז נאר מיין מיינונג אליין. איך וועל א רוף טאן גאר אן אומפארטייאישען מענשען, אט מיין שיק־באי. יא־סעל, קום נאר אהער!"

יאסעל איז אריינגעלאפען, און דער הומאר־צאפער האט זיך צו איהם אפגערופען:

„וועל, יאסעל, וויש אפ די נאז און הער אויס א הומא־ריסטישע זאך."

איך האב נאך אמאל איבערגעלייענט און געווארט אויף יאסעל'ס מבינות. יאסעל האט אבער געווארט אויפ'ן רעדאק־טאר'ס מבינות, און ווען דער רעדאקטאר האט געזאגט, אז עס טויג ניט, האט ער אויך גע'פסקנ'ט, אז עס טויג ניט.

„אן אומפארטייאישער מענש!" האט דער רעדאקטאר גע־זאגט אויף יאסלען. „האט קיין אורזאך ניט מיך צו חנפ'ענען. נעהמט איינגאנצען צוויי טאלער מיט א קוואדער א וואך. נאר וואס דארפט איהר מעהר? איך וועל א רוף טאן באלד מיין ווייב, וועט איהר אויך הערען פון איהר די זעלביגע מיינונג. גאסי! קום נאר אהער!"

איך האב איבערגעלייענט אויך פאר גאסי'ן, און עס איז געווען דאס זעלבע אורטייל וואס יאסעל'ס, ד. ה. דעם רעדאק־טאר'ס. א קאלעגע, א שרייבער הייסט עס, וועלכער איז דערביי געזעסען, אן אלטער תושב פון דער „ליך־לאך"־רעדאקציע, האט אויך ערקלערט, אז די זאך מיינע איז שוואך, זעהר שוואך, וואס דערפאר האט איהם דער רעדאקטאר מכבד געווען מיט אזא קאמפלימענט: „איהר זעהט," האט ער צו מיר געזאגט, „אט ער, אן אלטער שרייבער מיינער און א גרויסער אייזעל דערצו און האט ניט קיין שום חוש פאר הומאר, איז אפילו ער זאגט, אז עס טויג ניט. נו, וואס וועט איהר איצט זאגען?"

דער זעלביגער אייזעל האט דערנאך, אין דעם רעדאקטאר'ס אבוועזענהייט, זיך ענטשולדיגט פאר מיר פאר זיין מיינונג, ער־קלערענדיג מיר, אז צוליב דער ביטערער פרנסה האט ער צוויי

מיינונגען: איינע אין דעם רעדאַקטאָר׳ס אַנוועזענהייט, און אַ צווייטע אין דעם רעדאַקטאָר׳ס אַבוועזענהייט.

מילא, איך האָב קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט און בין אַוועק אַהיים אָנשרייבן אַ צווייטע זאַך. איך האָב די ערשטע זאַך געוואָלט צוריסן. אָבער דער רעדאַקטאָר האָט מיר ניט גע־לאָזן מיט די ווערטער:

„מען טאָר אַפילו אַ שמאַטע ניט צוריסן. עס קען נאָך צוניץ קומען. גיט עס מיר, איך וועל מיט דער הילף פון דער שער עפּעס מאַכן דערפון.“

איך האָב איהם אָפּגעגעבן די שמאַטע, די פערבראַקירטע זאַך מיינע, הייסט עס, און דאָס איז ערשינען אין דעם נעקסטען נומער אונטער׳ן רעדאַקטאָר׳ס נאָמען. פון דאַן אָן פלעגען אַלע פערבראַקירטע זאַכען מיינע ערשיינען אונטער׳ן רעדאַקטאָר׳ס נאָמען, און איך פלעג דערפאַר קיין סענט ניט קריגען. איך האָב פּרובירט איינמאָל מאָנען, אָבער דער רעדאַקטאָר האָט אויף מיר אַ געשריי געטאָן: „פאַר מיינע זאַכען זאָל איך אייך צאָהלען? נאָ סערי! מיין בלוטיגע שער האָט אויף דעם געאַרבייט! איהר זעהט די מאָזאָליעס אויף מיינע הענט?“

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף די מאָזאָליעס. ערשט איך האָב געזעהן, אַז דאָס זיינען גאָר מאָזאָליעס פון אַ שמיד, אָבער ער זאָגט, אַז ער איז געווען אַ שניידער, מוז איך איהם גלויבען.

יאָ, איהר ווילט דאָך וויסען, ווי עס איז צוגעגאַנגען מיט מיין צווייטער זאַך? אויף דער צווייטער זאַך האָב איך גאָרניט געהאָרעוועט. איך האָב גענומען און איבערגעשריבען פּאָלגענ־דען אַלטען פּסח׳דיגען וויץ (ווייל ער האָט ביי מיר געאָהרערט אַ פּסח׳דיגע זאַך, וועלכע ער האָט בעצייטענס, נאָך איידער ער האָט זי געזעהן, שטאַרק אַדווערטייזט, אַלס דאָס גרעסטע מייס־טערווערק):

אַמאָל האָט אַ ישובניק, אָפּגיסענדיג די מכות, געזאָגט: „דם, צפרדע, בנים...“

דעם ישוב'ניקס זוהן האט עס דערהערט, רופט ער זיך אן:
„טאטע, מען דארף ניט זאגען כנים, ניט בנים."

רופט זיך אן דער טאטע: „מיין זוהן! בנים איז אויך א גוטע מכה."

אז דער רעדאקטאר פון „ליך־לאך" האט עס איבערגע־לייענט, האט ער אויסגעשריען: „געניאל! אבער מיר מוזען דאס צופיקסען מיט דער שער."

און דער אלטער וויץ איז פון אונטער דער שער אזוי ארוים:

אמאל האט א ישוב'ניק, אפגיסענדיג די מכות, געזאגט:
„דם, צפרדע, בנים..."

רופט זיך אן דער טאטע: „מיין זוהן! בנים איז אויך א גוטע מכה."

דעם ישוב'ניקס זוהן האט עס דערהערט, רופט ער זיך אן:
„טאטע, מען דארף זאגען כנים, ניט בנים."

אט אזוי ארבייט דארטען די שער. יא, יענער קאלעגע מיי־נער מיט די צוויי מיינונגען, וואס איך האב אייך געזאגט, שרייבט זיך אונטער: דר. פפערד. אט אזא פערד איז דאס, אז ער וויל ניט זיין א פשוט'ער אידישער פערד, נאר דוקא „דר. פפערד". זיין טענה איז, אז פאר א פליינעם אידישען פערד וועלען אידען קיין דרך־ארץ ניט האבען, אבער פאר א דייטשען פפערד איז גאר אנדערע דיבורים.

# איך און מיין העלד.

(פון די מעמוארען פון א שריפטשטעלער.)

## 1. ער דארף בעגעהן זעלבסטמארד.

שטענדיג, ווען איך נעהם איהם, מיין העלד, אין האנט אריין, מאכט ער אויף מיר דעם איינדרוק פון א מענשען, וואס דארף און מוז בעגעהן זעלבסטמארד. נאר ער האט ניט דעם מוט דערצו. כאטש אנדערע זאגען, אז צו מאכען זיך א לעבען איז פיעל שווערער ווי צו מאכען זיך א טויט.

ס'איז אמת, אז מיין העלד איז ביי מיר אין די הענט. און, אלס שרייבער, קען איך מיט איהם טאן און האנדלען אזוי ווי איך שרייב און פונקט אזוי ווי איך הייס איהם. און אויב איך נעפין פאר נויטיג, אז ער דארף און מוז בעגעהן זעלבסטמארד, מוז ער מיר פאלגען, נעהן פאר מיר אין פייער און אין וואסער. ער קען דאך ניט איבערוואקסען זיין שרייבער. ווי זאגט דארטען דער נביא: „צי קען זיך בעריהמען די האק איבער'ן העקער?“ און איינמאל האט טאקע נעטראפען, אז איך בין ארויס פון מיין שעפפערישער נעדולד און האב אויסגעשריען צו איהם:

— נו, נענוג שוין צו מוטשען זיך אליין און איבערהויפט מיך! שוין, די מינוט זאלסטו בעגעהן זעלבסטמארד, און איך וועל זיך קענען נעהמען צו א בעסערען העלד. וואס זאל זיך ניט

פלאנען אזוי ווי דו! וואס האסטו זיך אנגעזעצט אויף מיינע קינסטלערישע יאהרען?

אז ער האט דערהערט מיין גזרה, איז ער א טויטער גע־ווארען, און איך האב געמיינט, אז איך פערליר איהם שוין אינ־גאנצען. נאך איידער איך וועל דערפיהרען די מעשה וועגען איהם ביז צום סוף, ביז צו דער זייט 160, לויט דעם קאנטראקט מיט'ן פערלעגער, וועלכער וויל, אז דאס מעשה־ביכעל זאל נאר אזוי פיעל פערנעהמען און נים מעהר. היינט ווען איך פערליר מיין העלד אינמיטען דער מעשה, וואו וועל איך נעהמען אן אנדער העלד, וואס זאל וועלען דערשפּילען די ראליע פון אזא שלימזל?

איך בין אבער :עווען זעהר קינסטלעריש נעשטימט און האב זיך איינגאנצען פערגעסען אז די פערלעגערישע טעמים. מיין קינסטלערישער קאפּריז איז אין יענעם מאמענט ביי מיר גע־שטאנען העכער פון אלץ, און אז איך זאג זעלבסטמארד, מוז זיין זעלבסטמארד!

— בענעה זעלבסטמארד! — שריי איך אויס נאך אמאל מיט אלע מיינע שעפּפערישע כחות.

איך גיב אבער א קוק: נישטא שוין צו וועמען צו רעדען, ער ליענט א גע'חלש'טער. מינטער איך איהם אפּ אויס ריין מענשליכע טעמים, שטעל איהם אוועק אויף די פיס, און שפּאר איהם צוריק דעם רעוואלווער אין האנט און שריי אויף איהם נאך שעפּפערישער:

— זאלסט מיר בענעהן זעלבסטמארד!

אבער דער פּיינליננ איז זעהר גרויס, און ער האט גענומען זוכען תירוצים, ווי מבטל צו זיין מיין גזרה. ער האט דערזעהן אז איך בין אין א העכט־קינסטלערישער שטימונג, האט ער גע־נומען אפּעלירען צו מיינע קינסטלערישע געפיהלען:

— גרויסער בעשעפער מיינער! ווי פּאסט דאס פאר אזא קינסטלער, ווי דו, צו דערענדינען דיין העלד אויף אזא שונד־

מעסינגען, מעלאָדראַמאַטישען אופן? וועט דען ניט זיין קינסט־לערישער, ווען דו לאָזט מיך לעבען אין מוטשען זיך?

— איך וויל אָבער דיך מאַכען נאָך טראַגישער ווי דו ביסט! — האָב איך אויסגערופען.

— איז דער טויט טראַגישער ווי דאָס לעבען? — האָט ער גע׳טענה׳ט.

— אָבער דו האָסט דאָך אַליין געטראַכט פון זעלבסט־מאָרד! — האָב איך געזאָגט, — זעה זייט 10...

— יאָ, — האָט ער צוגעגעבען, — געוויס האָב איך גע־טראַכט פון זעלבסטמאָרד, און איך טראַכט נאָך איצט אויך, און יעדעס מאָל, וואָס איך דאַרף פאָהרען מיט׳ן סאָבוויי צו דער אַרבייט, טראַכט איך וועגען זעלבסטמאָרד. אָבער יעדעס מאָל קויף איך צוויי טיקעטס, איינעם אויף אַהין און איינעם אויף צוריק. אַט אַזוי כסדר: צוויי טיקעטס. אַט איצטער אפילו רעדענדיג מיט דיר, האָב איך אַנגעגרייט אַ סאָבוויי־טיקעט אויף צו פאָהרען אַהיים...

— ווילסטו אויסיוזען דעם טיקעט? — האָב איך איהם מיט קינסטלערישער פעראַכטונג געפרעגט.

— איך ווייס אויך ניט, וואָס איך וויל אויסיוזען, — האָט ער געזאָגט, — עפּעס ווילט זיך אויסיוזען... איך ווייס אַליין ניט וואָס...

מיר האָבען זיך ביידע פערטראַכט. דאַן האָב איך איהם געפרעגט:

— הייסט עס, אַז דו ווילסט ניט, אָדער דו קענסט ניט בעגעהן קיין זעלבסטמאָרד?

ער האָט זיך פערטראַכט אַליין, אָהן מיר, אָהן מיין קינסט־לערישער הילף. דאַן האָט ער געזאָגט:

— דו וועסט דאָך פון מיר לאַכען, אָבער איך מוז דיר זאָ־גען, אַז איך וואָלט יאָ בעגעהן זעלבסטמאָרד, ווען איך ווייס, אַז איך וועל זיין אימשטאַנד דערנאָך איבערצולייענען אין די

ציימונגען, וואס זיי וועלען שרייבען פון מיר. עס איז אפילו א כבוד נאכ'ן טוים, אבער עס ווילט זיך איהם זעהן מיט די אויגען.

בקיצור, איך האב געזעהן, אז דער העלד מיינער האט קיין חשק נים צו בענעהן זעלבסטמארד, וואס דאס מיינט נים מעהר און נים ווענינער ווי שטארבען. אוי, שטארבען! און דאן איז מיר ארויף אויפ'ן זינען דער אפאריזם, וואס עמיצער האט געדארפט זאגען: „ס'איז פיעל לייכטער זיך אנצוטאן א נייעם בגד, ווי אנצוטאן זיך א מיתה". נים וואהר?

---

## 2. ער דארף ווערען א פערפיהרער.

דער העלד פון מיין ראמאן האט געדארפט פערפיהרען א מיידעל. ווען איך האב איהם אנגעזאגט די בשורה, האט ער גאר אזש גענומען טאנצען פאר פרייד.

— איך וועל דאס מים פערגעניגען טאן! — האט ער מיר ערקלערט, — אט אזעלכע דזשאבס גלייך איך, אבער נים צו האלטען לאנגע מאנאלאגען און צו פילאזאפירען וועגען נעכטי־גע טעג און צו גריבלען זיך אין דער איינענער נשמה, ביז עס זאל נים נוט ווערען, אי מיר אליין אי דעם לעזער. האנדלונגען— אט דאס איז וואס איך גלייך! אבער נים אזעלכע האנדלונגען, ווי בענעהן זעלבסטמארד, נאר אזעלכע האנדלונגען, ווי דו האסט מיר ערשט געזאגט. א קינסטלער דארף לאזען זיינע העלדען האנדלען...

— גענונ דיר שוין צו פלוידערן און מיר מוסר צו זאגען!— האב איך איהם איבערגעהאקט, מיין העלד, — דו פערגעסט נים פונדעסטוועגען מיט וועמען דו רעדסט! דו רעדסט מיט דיין בעשעפער... דו אליין ביסט נים מעהר ווי א גולם, נאר איך, דיין בעשעפער, מים מיין גייסט, מיט מיין קונסט, מים מיין טאלאנט טו איך אין דיר ארייגבלאזען א רוח חיים, און דו

וועסט א לעבעדיגער נפש, און דו קריכסט שיער נים ארויס פון צווישען די שורות, אין וועלכע איך מיט דער הילף פון דעם בחור הזעצער האב דיך אריינגעקלאמערט. דו אליין האסט גאר נים קיין רעכט צו רעדען. דו דארפסט נאר רעדען וואס איך לעג דיר אריין אין מויל אריין; דו דארפסט נאר טאן, וואס איך הייס דיר...

— געוויס וועל איך טאן וואס דו הייסט מיר! — האט ער מיט בעגייסטערונג מיך איבערגעהאקט, טראכטענדיג אלץ וועגען דעם, וואס איך האב איהם געזאגט, אז ער דארף פערפיהרען א מיידעל אין דעם ראמאן.

— איז נאך לאנג צוווארטען אויף דער פערפיהרונגס־סצענע? — האט ער געפרעגט אומגעדולדיג, — אין וועלכען קאפיטעל וועט דאס געשעהן? מיר האלטען איצט, דאכט זיך, ביים צעהנטען קאפיטעל אין דעם ראמאן... איך גלויב, אז איצט איז די ריכטיגע צייט, דער פסיכאלאגישער מאמענט פאר דעם. ווי דו רופסט עס אן קינסטלעריש... און אחוץ דעם פסיכאלאגישען מאמענט, האב איך שוין מעהר נים קיין געדולד צו ווארטען, ווי באלד אז דו האסט מיר שוין אויסגעזאגט...

— דאס איז שוין צופיעל חוצפה פון דיין זייט! — האב איך אויסגעשריען. — פערגעס נים, אז דו ביסט נים מעהר ווי א העלד, און אלס אזעלכער קענסטו קיין אייגענעם ווילען נים האבען, אחוץ דעם ווילען פון דיין בעשעפער, דעם פערפאסער.

ער האט טרויעריג אראפגעלאזען דעם קאפ און מיט מיין ערלויבניש א זיפץ געטאן. דאן האט ער מיט געבעטען א קוק געטאן אויף מיר, זיין בעשעפער, און איך האב איהם ערלויבט נאך אמאל א זיפץ צו טאן.

— נאר איין פראגע וויל איך דיך פרעגען, מיין בעשעפער! — האט ער זיך ביי מיר געבעטען.

איך האב איהם גנעדיגסט ערלויבט.

— וועלכע מיידעל ווילסטו מיר בעשערען צו פערפיה־

רעז? — האט ער געפרעגט, — די בלאָנדע סאַפּיע, מיט וועלכע איך האָב זיך בעגעגענט אין קאַפּיטעל צוויי, אָדער מיט דער ברונעטער טייבעל, מיט וועלכער דו האסט מיך בעקענט אין קאַפּיטעל דריי?

— נעווער מאַינד די מיידעל! — האָב איך קינסטלעריש א טופע געטאָן מיט די פיס אויף מיין העלד, — וועלכע איך וועל דיר געבען, וועט שוין זיין רעכט.

ער האָט ווידער א זיפץ געטאָן מיט מיין ערלויבניש: דאָס איז געווען א זיפץ אויפ'ן ביטערען מזל פון די העלדען נעבעך, וועלכע זיינען אין גלות ביי די פערפאַסער. ער האָט זיך אונ־טערגעגעבען זיין שיקזאל און גענומען וואַטשען, ווי איך שרייב יעדע שורה, און איך האָב געפיהלט, ווי ביי דעם אומגליקליכען צאַפּעלט דאָס הערצעל נעביך פון גרויס אומגעדולד ביים בע־גענענען זיך דאָס מיט סאַפּיע'ן, דאָס מיט טייבלען: ווען וועט שוין די גליקליכע שורה קומען, ווען איך וועל איהם הייסען ארויספוארפען זיך ווי א חיה אויף סאַפּיע'ן אָדער אויף טייב־לען? ער האָט דערפיהלט, אז באלד דארף עס קומען, דער העכסט־אינטערעסאַנטער מאָמענט, אָבער פּלוצלינג האָב איך אוועקגעלעגט די פען און האָב זיך גענומען אנטאָן.

— וואוהין געהסט אוועק אינמיטען דערינען? — האָט ער מיך א פרעג געטאָן דערשראָקען.

—דארפסט וויסען, — האָב איך איהם ווידער דערמאָנט,— אז דו ביסט ניט מעהר ווי א העלד, די אָפּשפּיגלונג פון דיין בעשעפער דעם פערפאַסער, און אלעס, וואָס דו דארפסט טאָן, מוז דער פערפאַסער אליין איבערלעבען, אום עס זאָל ארויס א ווירקליך קונסט־ווערק...

— איז וואוהין זשע געהסטו? — האָט ער מיך געפרעגט נאָך מיט מעהר שרעק.

— איך געה אליין איבערלעבען די פערפיהרונגס־סצענע.

כדי איך זאָל זי קענען נאַטור־טריי בעשרייבען, — האָב איך איהם געענטפערט.

— דאָס הייסט, ד ו ווערסט אפּריהער פערפיהרען די מיידעל? — איז ער אויפגעשפּרונגען פאַר שרעק.

— געוויס! — האָב איך ווי אַ קאַלטער גזלן געענטפערט.

— און ערשט דערנאָך איך? — האָט ער רחמים'דיג מיך געפרעגט.

— אַזוי פיהרט זיך דאָס! — האָב איך איהם אָהן אַ שום מיטלייד געענטפערט.

— דאָס איז דאָך אמת'ע גזל'עוואַיע! — האָט ער אויסגע־שריען. שוין ניט קענענדיג מעהר אויסהאַלטען. — אַזעלכעס איז געהערט געוואָרען נאָר אין די צייטען פון פעאָדאַליזם און פּאַנשטשינע, אין די צייטען פון פּרימאַ נאַקטים!...

איך האָב איהם גענומען אונטער מיין קאָנטראָל און געזעהן, אַז ער זאָל מעהר פון די האַלאַבאַליעס ניט קריכען און צופריי־דענשטעלען זיך מיט די ביינדלעך, וואָס איך וואַרף איהם צו. ליתר בטחון האָב איך איהם צוזאַמען מיט'ן מאַנוסקריפּט אַריינגערוקט אין שופלאַד פון מיין שרייב־טיש און פערשלאָסען איהם. איך האָב פון דאָרטען געהערט דערנאָך פערשטיקטע קולות: „גער ניט אַליין! נעהם מיך מיט! לאָמיר ביידע צוזאַ־מען איבערלעבען די סצענע!" איך האָב איהם אָבער ערקלערט, אַז אַלע רעכט בעהאַלט דער פערפאַסער פאַר זיך...

# יאַגענדיג זיך נאָך אַ לעזער.

(אַ מעשה'לע פון דעם לאַנד, וואו די לאָרבער־בלעטער וואַקסען).

קענט איהר דאָס לאַנד, וואו די לאָרבערבלעטער וואַקסען? אַהין, אַהין פיהר איך אַוועקעט די איצטיגע טעמע מיינע, כדי איך און אַלע אַנדערע שרייבער, וועלכע זיינען מורא'דיג האָנאָראַווע, זאָלען זיך ניט פיהלען בעליידיגט.

אין יענעם לאַנד וואַקסען גענוג לאָרבערבלעטער; גענוג, איבערגענוג, צו בעקרענצען די קעפּ פון אַלע אונזערע טאַלאַנטען, און דאָך... הערט אַ מעשה!

אַמאָל זיינען געווען צוויי שרייבער, איינער אַ גרעסערער, דער אַנדערער אַ קלענערער. ווער עס איז געווען דער גרעסערער און ווער דער קלענערער, איז ניט פאַר מיר צו ענטשיידען, ווייל איך בין אַ נוגע בדבר און וועל געווים פּסק'ענען, אַז פון יענע צוויי שרייבער בין איך, דער דריטער, דער גרעסערער. אויב ניט דער גרעסטער. אַזוי איז שוין די מענשליכע נאַטור, בפרט נאָך ווען יענע מענשליכע נאַטור ליעגט ר"ל אין א שרייבער, וואָס מאַכט זיך אַ לעבען און אַנדערע אַ טויט מיט זיין טאַלאַנט.

אַזוי ווי איך האָב זיך אריינגעמישט מיט מיין פּערזענליכקייט צווישען צוויי הויכע בערג, אַדער ריכטיגער געזאָגט צווישען איינעם אַ העכערען באַרג און איינעם אַ נידעריגערען (ווייל אין דער ליטעראַטור איבערהויפּט איז קיין צוויי גלייך הויכע

בערג ניטא), הויב איך אן די מעשה צוריק פון אנהויב:

אמאל זיינען געווען צוויי שרייבער, איינער א גרעסערער און דער אנדערער א קלענערער. ווער עס איז געווען דער גרעסערער און ווער דער קלענערער, איז ניט פאר מיר צו ענטשיידען, נאר יעדער איינער פון זיי האט זיך געהאלטען פאר'ן גרעסערען און דעם צווייטען פאר'ן קלענערען.

כנהוג, אזוי ווי עס פיהרט זיך.

אבער דער גרעסערער איז געווען גענוג גרויסמוטיג צו אנערקענען דעם טאלאנט פון דעם קלענערען און צו לויבען איהם זאגאר אין דער עפענטליכקייט. און וואס מעהר ער האט אנערקענט דעם טאלאנט פון דעם קלענערען און וואס מעהר ער האט איהם געלויבט, אלץ העכער און גרעסער האט ער זיך אליין געפיהלט.

די גרויסמוטיגקייט פון א לייב אנטקעגען א פליג!

נאטירליך האט דער גרעסערער געזעהן, אז די גרויסמוטיגקייט זאל ניט אריבערכאפען די מאס און זאל חלילה ניט פערטונקלען זיין אייגענעם טאלאנט.

„איהר האט אנגעשריבען א גאנץ נעטע זאך!“

אדער:

„אייער זאך האט אריבערגעשטייגט מיינע ערווארטונגען.“

אדער:

„איך האב זיך נארוואס אנגענומען פאר אייך: א קאלעגע האט אייך געוואלט ארונטעררייסען.“

אזוי אדער אומגעפעהר אזוי האט גערעדט דער גרעסערער צום קלענערען און זייטיגע מענשען וואס זיינען דערביי געווען און גלויבען, אז איין שרייבער מוז ארונטעררייסען דעם צווייטען, האבען נאר אנגעקוואלען פון דעם גרעסערענ'ס גרויסמוטיגקייט.

און דער קלענערער, הערענדיג די שבחים, פלעגט בעת מעשה רויט ווערען אין פנים. און די זייטיגע מענשען, וואס

גלויבען, אז שרייבער זיינען בטבע בעשיידען, פלעגען מיינען. אז דער קלענערער ווערט דאָס רויט אויס בעשיידענהייט. דער אמת איז אָבער, אז דער קלענערער פלעגט גאָר רויט ווערן פאַר חרפה, וואָס זיין טאַלאַנט דאַרף גאָר אָנקומען צו דער הסכמה פון אַזאַ טאַלאַנטלאָזען, ווי דער גרעסערער איז. ער פלעגט זיך פיהלען בעליידיגט, וואָס דער גרעסערער נעהמט איהם, הייסט עס, אונטער זיין שוץ, און ער פלעגט בעת מעשה מאַכען פויס־טען אונטער'ן טיש און טראַכטען ביי זיך:

„וואַרט, דו ניקס וואָס דו ביסט! דעם נעקסטען מאָל וועל איך פערכאַפּען די גרויסמוטיגקייט און איך וועל ד י ך נעה־מען אונטער מיין שוץ און אַזוי לויבען דיין טאַלאַנט, אַז דו וועסט צופּלאַצט ווערען! וואַרט! וועסט שוין ביי מיר גוט ליגען אין דר'ערד!“.

און אָט אַזוי האָבען דאָך ביידע שרייבער געלעבט בשלום און געווען גרויסמוטיג איינער צום אַנדערען, ביז זיי האָבען בעשלאָסען, אַז דער אידישער ליטעראַרישער הימעל איז צו קליין פאַר צוויי זונען, און — „אָדער ער, אָדער איך!“. ווער־זשע זאָל עס בעשטימען? דער לעזער! וואָו־זשע כאַפּט מען אָבער אַן אומפּאַרטייאישען לעזער, אַן אמת'ען פּשוט'ען לעזער, אַזאַ וואָס דרעהט זיך ניט אין די ליטעראַרישע קרייזען? אין טריין, פאַהרענדיג פון דער אַרבייט!

און אומר ואוכל, און ביידע שרייבער, דער גרעסערער און דער קלענערער, האָבען געכאַפּט אַ טריין און זיך אַוועקגעזעצט וואַטשען אַ נעעהרטען לעזער. וועלכער האָט איינגעגראָבען זיין קאָפּ אין זיין טעגליכען פּייפּער, און צום גליק אין דעם פּייפּער, אין וועלכען זיי ביידע שרייבען און אין וועלכען זיי האָבען גראָד ביידע יענעם טאָג געהאַט „זאַכען“. איך מאַך דאָס גראָד ווי אין אַ שונד־ראָמאַן, זאָל ניט פעהלען אַ האָר.

מיט אַ קלאַפּענדען האַרצען האָבען זיי ביידע געוואַטשט דעם נעעהרטען לעזער, ווי ער קעהרט די ציימונג אויף אַלע זייי־

טען און זוכט עפּעס. און יעדער גרעסערער און יעדער קלענער־רער פון די צוויי שרייבער האָט זיך דערפרעהט.

— ער זוכט מיין זאַך! — האָט איינער געזאָגט.

— ער זוכט מיין זאַך! — האָט דער צווייטער געזאָגט.

און יעדען האָט זיך געוואָלט אריינמישען, אנווייזען דעם געעהרטען לעזער, וואו די „זאַך“ איז. רוהען האָבען זיי ניט געקענט. אַ קליינינקייט, זייער פּאָפּולאַריטעט איז אין קאָן!

דער געעהרטער לעזער האָט ענדליך אויפגעזוכט וואָס ער דאַרף און גענומען לעזען פערטיפט און מיט צופרידענהייט. די צוויי שרייבער האָבען געכאַפּט אַ קוק און אין הארצען קלאַפּט— אַ שרעק!

— גאָר די בריף צום רעדאַקטאָר לעזט ער! — רופט זיך אָפּ איינער ענטוישט.

— אַ מאָדנער לעזער! — רופט זיך אָפּ דער צווייטער אויך ענטוישט. — רעגעלע שרייבער אינטערעסירען איהם גאָר ניט.

און שרעקליך אומרוהיג זיינען זיי געוואָרען און אומגע־דולדיג. עס האָט זיך זיי געוואָלט, דער געעהרטער לעזער זאָל וואָס שנעלער פאַרטיג ווערען מיט די בריף צום רעדאַקטאָר. אַלע סעקונדע האָבען זיי געכאַפּט אַ קוק אין זיין צייטונג, אויב ער איז פאַרטיג. דער לעזער האָט בעמערקט זייער אומרוהיגקייט, אָבער ער האָט געמיינט, אַז דאָס זיינען סתם אידען, וואָס ווי־לען כאַפּען אַ קוק אין אַ פרעמדען פּייפּער, האָט ער בעשלאָסען ניט צו קימערען זיך וועגען זיי, און ער האָט געטאָן און גע־לייענט און אַלע די בריף צום רעדאַקטאָר.

אזוי לאַנג לייענען די בריף צום רעדאַקטאָר! אונזערע ביי־דע שרייבער האָבען דאָס ממש ניט געקענט אויסהאַלטען, און דער געעהרטער לעזער האָט ענדליך דערפיהלט ווידער זייער אומרוהיגקייט און ער האָט געמאכט אַ בעוועגונג ווי אויפצו־הויבען זיך און איבערצוביי(ט)ען דעם פּלאַץ. די צוויי שרייבער

האבען זיך דערשראָקען: זיי וועלען פערלירען דעם לעזער, אַז וועלכען עס הענגט אָפּ זייער צוקונפט! ניין, זיי וועלען איהם מעהר ניט שטערען.

דער געעהרטער לעזער האָט דערזעהן, אַז מען לאָזט איהם צורוה, האָט ער גענומען ווייטער לעזען און אַלץ די בריף צום רעדאַקטאָר. און ביי די צוויי שרייבער פּלאַצט ממש דאָס גע־דולד. „ווען הויבט ער שוין אָן צו לייענען מ י י ן זאַך?“, זאָגט איינער. „ווען הויבט ער שוין אָן צו לייענען מ י י ן זאַך?“, זאָגט דער צווייטער. ענדליך האָט שוין איינער ניט געקענט אויסהאַלטען און ער גיט אַ פרעג דעם געעהרטען לע־זער:

— מיסטער, וואָס לייענט איהר אַזוי לאַנג די בריף צום רעדאַקטאָר? פאַרוואָס לייענט איהר עפּעס ניט קיין אַנדערע זאַכען?

דער געעהרטער לעזער האָט אַ קוק געטאָן אויפ׳ן פרעגער און ענטפערט זיך גאַנץ רוהיג:

— ווער איז דאָס מחויב צו לעזען פרעמדע זאַכען?

— זייט איהר אויך אַ שרייבער? — האָבען זיך די שריי־בער אינסטינקטיוו אַ כאַפּ געטאָן ביידע פאַר אַמאָל.

— ניט קיין רעגעלער שרייבער, — האָט דער געעהרטער לעזער געענטפערט, — נאָר איך שרייב אַריין אין פּייפּער אַ פּאָר מאָל דורך דער וואָך, אַזוי זיך, פאַר פּלעזשור. אָט לעזט וואָס איך שרייב... אָט איז מיין נאָמען און מיין אַדרעס אונטער־געשריבען. אויב איהר גלויבט ניט!

און ער האָט זיי אָנגעוויזען אויף אַ בריף צום רעדאַקטאָר.

— אָט, איך האָב מיר ליב אַליין צו שייוועז זיך און אַליין אַריינצושרייבען אין פּייפּער, — האָט דער געעהרטער לעזער ווייַ־טער געזאָגט. — ס׳איז אַ פּלעזשור צו לייענען אייגענע זאַכען!

— טאָמער האָבען מיר שוין געכאַפּט אַ לעזער, לעזט ער

נאָר זיינע אייגענע זאַכען, — האָט איינער פון די צוויי שרייבער געזאָגט ארונטערגעהענדיג פון טריין.

— אַז ניט געדאַכט זאָלען ווערען די סייפטי רייזאָרס און די בריף צום רעדאַקטאָר! — האָט דער צווייטער געזאָגט. — דער סוף וועט זיין, אַז באַרבער און שרייבער וועלען ארויסגע־שמויסען ווערען אינגאַנצען פון זייערע פראָפעסיעס!

# שילטען זיך איז אויך א פרנסה.

(כמעט ווי אַ ספור־המעשה, ווי אַזוי אַ אידענע פון סאַמע „עסטער קאַנער עסיק“ האָט זיך אַרויפגעאַרביים טים'ן כח פון איהרע קללות און איז געוואָרען אַ נאַציאָנאַלע פיגור גאָר להבדיל ווי טשאַרלי טשאַפלין. — אויך איז דאָ פערוויקעלט אַ מוסר־השכל, ווי דאָס יודענטום, נעבעך, קאָן אויפגעריכט ווערען דורך קללות און קנישעס, חי צוויי פראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלע קרעפטען).

צו אַלע פריינד, סימפאטייזער און פערעהרער פון אידי־שען פאָלקלאָר מאַך איך בעקאַנט וועגען דער עקזיסטענץ פון דעם „אידישען קללות־פעראיין“ — א פעראיין צו שטודירען, אויפלעבען און פערשפרייטען די אמת'ע אידישע קללות, וועל־כע ווערען בעונותינו הרבים אַרויסגעשטויסען פון די סאַבמאַ־רינס, צעפעלינס, עראָפליינס און אַלע אַנדערע מכשירים פון דער מאָדערנער, פראָגרעסיווער און העכסט־ציוויליזירטער קריעגס־פיהרונג.

דערוואוסט האָב איך זיך וועגען דער עקזיסטענץ פון דעם דאָזיגען פאָלקלאָריסטישען פעראיין אויף א שפאַציר־גאַנג אי־בער העסטער סטריט און דער סביבה, צווישען די פושקארטס. דאָס איז געווען אייגענטליך ניט קיין פראָסטער שפאַציר־גאַנג, צו שעפען פרישע לופט, נאָר א וויסענשאַפטליכע עקסקורסיע, אַזוי צו זאָגען. איך האָב געוואָלט זעהן, צי די אימיגראַנטען־

פּרעסער זיינען גערעכט מיט זייער טענה, אַז די אימיגראַנטען רייסען אַרויס דעם ביסען פון די עכט־אַמעריקאַנישע מיילער.

שפּאַציר איך מיר אַזוי און איך זעה, אַז אחינו בני ישראל, זאָלען לעבען און געזונט זיין, האָבען אַראָפּגעבראַכט אַהער זייערע היימישע פּרנסות. מעהר נישט, זיי האָבען דאָס טייל־ווייז פערפושקאַרטיזירט, כדי דעם פּאָליסמאַן זאָל זיין לייכטער צו טרייבען זיי פון איין אָרט צום צווייטען.

נאָך אַמאָל: שפּאַציר איך מיר אַזוי און איך קלייב נחת. וואָס אידען מאַכען ביזנעס אפילו פון אַן עק פון אַ הערינג און פון אַ שאָלעכץ פון אַ ציבעלע, ערשט אַ זעץ אין מיין אָרימען רוקען האָט מיך אויפגעוועקט פון מיין טיף־ערנסטען שטודיום.

וואָס איז געשעהן? גאָרנישט. אַ פּושקאַרט האָט דאָס מיך אַ שטויס געטאָן. פערשטעהט זיך, אַז דער פּושקאַרט האָט דאָ נאָר געטאָן די שליחות פון זיין פיהרער (זעה מיין אַרטיקעל „די מאַסען און די פיהרער“, וועלכען איך וועל אי״ה אָנשרייבען). און דער פיהרער (פּראָסט גערעדט, דער אונטערשטופּער) איז סך־הכל געווען אַ דאַרער, אַ קוואַרער אידעל, וועלכער האָט זיך קוים אַרויסגעזעהן פון אונטער זיין קאַפּעליוש, דאָס איז טייטש אויף פליין מאַמע־לשון: העט. נאָר דאָס האָט ניט צום ענין.

וואָס זשע וועל איך שרייען אויפ'ן פּושקאַרט? נאָר עס איז מיר גלאַט פערשפּאַרט געווען צו שרייען, וואָרים פון אונטער'ן קאַפּעליוש האָט זיך באַלד דערהערט אַזוי ווי אַ מין ביי־קול:

— איהר זעהט גאָרניט, ווי איהר געהט, מיסטער? די אויגען זיינען אייך אַרויס?

מילא, איך זעה דאָך, אַז ער איז גערעכט, היינט וואָס וועל איך זיך מיט איהם אַמפּערן? איך האָב איהם אָבער נאָר געוואָלט איין זאַך קאָרעגירען, דהיינו וועגען מיינע אויגען. רוף איך זיך אָפּ:

— מיין ליבער איד, איהר האָט אַ טעות, זאָלט איהר מיר

מוחל זיין! מיינע אויגען זיינען מיר נאך ניט ארויס, נאר זיי געפינען זיך, ליידער בלויז פון פארענט, און אייער פושקארט, זאל ער מיר מוחל זיין, איז גראד געגאנגען פון הינטען.

איך האב זיך פאר איהם געוואלט ענטשולדיגען און דער־מיט סעטלען דעם אינצידענט, נאר באלד האט זיך ווידער דער־הערט א קול פון אונטער'ן קאפעליוש:

— אזוי זאגט איהר? אייערע אויגען געפינען זיך נאר פון פארענט? מעגען זיי דאך אייך טאקע ארויס, און ניט פון פא־רענט און ניט פון הינטען, נאר טאקע באקום!

וויל איך שוין ווערען אין כעס, און רוף זיך אפ:

— וואס זשע שילט איהר זיך נאך?

רופט זיך אפ דאס קול פון אונטער'ן קאפעליוש:

— איך שילט זיך? דאס איז אויך מיר געשאלטען! אפילו אויף א צאהן וועט דאס אייך ניט קלעקען. אט איך וואלט אייך אויף טשיקאוועס ברעננגען מיין ווייב, וואלט איהר ערשט גע־הערט וואס שילטען זיך הייסט! נאר אומזיסט קענט איהר איצט ביי איהר קיין קללה ניט קריגען, באדאי איהר זאלט קראפי־רען! נימא אמאליגע יאהרען, וואס זי פלעגט ווארפען רעכטס און לינקס איהרע פערלדיגע קללות, חנם אין כסף — איצט מוזט איהר בעצאהלען נוט געלט. זי שילט אויף בילעטען, פער־שטעהט איהר מיך: א רענגעלע משארלי משאפלין. נאר יענער מאכט מיט די פיס און מיט די הענט, און זי מיט'ן מויל. אמע־ריקע — אלץ איז דא א סחורה, אפילו קללות!

פערשטעהט זיך, אז איך האב דעם אידען ניט פערשטא־נען, און איך האב איהם געוואלט פרעגען, ווי אזוי מען מאכט דאס געלט פון קללות. אבער דער איד האט נאך ניט געענדיגט רעדען.

— איך אפילו, — האט גערעדט זיין קול פון אונטער'ן קאפעליוש, — קען ביי איהר איצטער קיין קללה ניט קריגען, סיידען בעצאהל איהר. איבער פינף און צוואנציג יאהר האט זי

מיך אפנעשאלטען, מיט דער פולער האנט קללות גענעבען, ניט געזשאלעוועט. עפעס אן אייגענער מאן דאך, ניט קיין פרעמ־דער חלילה... און איצט? קיין ברעקעל קללה קען איך ביי איהר ניט קריגען! איך פערבענק זיך אמאל נאך איהרע קללות, און בעט זיך ביי איהר ווי ביי א גזלן: שימע־מושע, זאג איך, איין קללה'צקע גיב מיר פון דיין פערלדיגען מויל, האב רחמנות! און זי — ביסט ניט קראנק צו בעצאהלען אזוי ווי אלע, קויף א טי־קעט, וועסטו קריגען אזוי פיעל קללות, אז עס וועט דיר פון האלז קריכען. טענה איך דאך: אן אייגענער מאן, סטייטש! האסט דאך מיר קיינמאל ניט געזשאלעוועט! און זי, שטעהט זיך די הענט אין די באקעס, מעשה עקטערקע... פיישע־פיטשע, זאגט זי, ניטא אמאליגע צייטען! אזוי פיעל קללות פאר'ן שווארצען יאהר ארויסגעווארפען! איצט וועסטו ביי מיר פגר'ן נאך א קללה!... טוט איהר עפעס! אז לייט צאהלען איהר...

— פארט ווי אזוי? — האק איך איבער דאס קול פון אונ־טער'ן קאפעליוש.

— אט אזוי איז דאס! — ענטפערט דאס קול פון אונ־טער'ן קאפעליוש, — א סאסייעטע אזא, יו נא... מען בעגילט זי, און זי דארף נאר שילטען איין מאל א וואך.

— וואס פאר א סאסייעטע? — פרעג איך שוין מיט אומ־נערולד.

— א סאסייעטע אזא, וואס קלייבט קללות — ענטפערט דאס קול פון אונטער'ן קאפעליוש, — זיי טוען דאס, זאגען זיי, צוליב אידישקייט, דאס אידישקייט זאל ניט אונטערגעהן. אלערליי אידישקייט איז דא, איז קללות אויך א אידישקייט. אמעריקע גנב! איז אלע פריימאנ־צו־נאכט דינגען זיי א האל און אדווערטייזען אין די פייפערס, אז די בעריהמטע שילטער־קע שימע־מושע, מיין אידענע, הייסט דאס, וועט שילטען מיט אמת'ע אידישע קללות פון ווילנער פישמארק. איינטריט צעהן סענט. און דער עולם צאהלט און מיין ווייב שילט זיך און מען

פּאַטשט בראַוואָ. די סאָסייעטע וועט נאָך אָפּדרוקן איהרע קללות אין אַ בוך מיט איהר פּיקטשע און מען וועט דאָס פערקויפען אַזוי ווי תחינות. אַמעריקע! שימע־מושע אויך אַ מענש! וואָס רעדט איהר? פון אַנדערע סאָסייעטעס קומט מען זיך צו איהר בעטען, אַז זי זאָל צו זייערע קאָנצערטען געהן. אונזערע קאַנדרילאָווקער לאַנדסלייט האָבען זי צו זייער באָל אַדוועטייזט... איהר גלויבט נים? אַט נאָט אייך, לייענט אַליין!

און ער האָט ארויסגעשלעפּט פון קעשענע אַ הענדביל, און איך האָב איבערגעלייענט, אַז אויפ׳ן קאָנצערט און באָל פון די קאַנדרילאָווקער וועט אַנטייל נעהמען „אונזער בעליעבטע לאַנדס־פרוי, די וועלט־בעריהמטע קללות־טשעמפּיאָן שימע־מושע“. און זיי לאַדען איין אַלעמען, וועלכע ווילען זיך אַמוזירען, צו קומען אָפּנעהמען אַ גרוס פון דער אַלטער היים און קוויקען זיך מיט שימע־מושע׳ס אמת־היימישע קללות.

— איהר זעהט? — האָט דאָס קול פון אונטער דעם קאַפּעליוש אויסגעשריען נצחונ׳דיג. — און ווילט איהר וויסען, ווי אַזוי מען האָט אויסגעפונען מיין ווייב׳ס טאַלאַנט? אַט טאַקע דאָ ביי דעם פּושקאַרט! איך האָב זי איינמאָל געלאָזען שטעהן מיט׳ן פּושקאַרט, איז פאַרביי־געגאַנגען אַזאַ ספּאָרט ווי איהר, און האָט דערהערט, ווי מיין שימע־מושע האַלט אין שילטען אַ אידענע פון אַן אַנדער פּושקאַרט. אַ נאָווינע ביי מיין שימע־מושע שילטען זיך? אָבער דער ספּאָרט האָט זיך אָפּגעשטעלט און ארויסגענומען אַ ביכעלע און גענומען שרייבען. מיין שימע־מושע שילט און שרייבט. ביז זי האָט דאָס דערזעהן. זאָגט זי: פערשרייבען זאָל מען אייך, מיסטער, אַ שוואַרץ יאָהר. נעהמט ער און פערשרייבט דאָס אויך. בקיצור, וואָס זאָל איך אייך אַ סך בראַיען? דער ספּאָרט האָט איהר געזאָגט, אַז ער קלייבט אידישע קללות, און ער וועט איהר דערפאַר בעצאָהלען, און גיט איהר טאַקע גלייך אַ טאַלער. איז דאָך מיין שימע־מושע געוואָרען מסתמא צוטומעלט, און עס איז געוואָרען אַ רעדעל. ווייבער

האבען דערזעהן דעם טאלער און דערהערט, אז איינער א משוגע־נער צאהלט געלט פאר קללות, האט איטליכע געגומען ווייזען וואס זי קען. אבער דעם ספארט איז געפעלען געווארען נאר מיין שימע־מושע'ס קללות. בקיצור המעשה, ער האט מיט איהר גע־מאכט אן אפאינטמענט, און אט אזוי ווי איהר זעהט...

— און איהר שלעפט נאך דעם פושקארט? — האב איך איהם א פרעג געטאן, נאכדעם ווי די זאך איז שוין מיר קלערער געווארען.

— וואס קען דאס שאטען? — האט ער געענטפערט. — און מיין שימע־מושע זאגט מיר אויך: פיישע־פיטשע, דו וואדף נאך ניט אוועק דעם פושקארט, טאמער וועט זיי נמאס ווערען מיינע קללות! עס איז דאך אלץ סטייל! אט היינט איז קללות אין סטייל, און מארגען וועט זיך יאווען אן אנדער משוגעת... און מיין שימע־מושע, יו נא, איז ניט קיין נאר א אידענע, פאלג איך איהר... טשארלי טשאפלין, זאגט מען, וועט אויך ארוים פון סטייל, ביז אן אנדער משוגע'נער וועט זיך יאווען...

דא האט זיך אונזער געשפרעך געענדיגט, ווייל א צוויי־טער פושקארט־פעדלער האט זיך ארייננעמישט מיט א ווארנונג צו מיין בעל־דבר, אז ער זאל זיך ניט לאזען אפנארען, ווארים ער דערקענט אין מיר, זאגט ער, א שרייבער פון א פייפער, וואס ער זוכט א „סטארי", און אז אויב איך זוך, זאגט ער, א „סטארי", בין איך ניט חולה צו בעצאהלען. אין אמעריקע גיט מען ניט אומזיסט. אזוי זאגט ער. איהם אליין, זאגט ער, האט מען אויך אמאל בעצאהלט פון א פייפער געלט פאר א „סטארי". ניש־קשה, די פייפערס מעגען בעצאהלען, זיי נעהמען צו ביי אלע אידען די פענים.

אז מיין פיישע־פיטשע האט דאס דערהערט, האט ער זיך א קראץ געטאן אונטער'ן קאפעליוש און אפגעזאגט וועגען מיר בזה הלשון:

— אזוי גאר? ער איז פון א פייפער? אבי איך האב גע־

מיינט, אז ער איז אזוי א איד! אויב אזוי, טו זאל ער מיר טאקע געהן אין דר'ערד!

און מעהר האט ער מיר וועגען זיין שימע־מושען ניט נע־וואלט דערצעהלען. צו בעקענען זיך געהנטער מיט איהר טא־לאנט, האב איך געמוזט בעצאהלען פאר א טיקעט און וואס זאל איך אייך זאגען? עס איז ווערט געווען! אחוץ שימע־מושעס קללות האב איך אויך א לעקטשור דארט געהערט. און דער לעק־טשורער האט געשאטען פעך און שוועבעל אויף די אידישע פאלקלאריסטען, וואס זיי האבען פערנאכלעסיגט אזא וויכטי־גען טייל פון דעם אידישען פאלקלאר ווי די אידישע קללות, און ער האט געענדיגט מיט די ווערטער, אז נאר דורך די אידישע קללות און דורך די היימישע קנישעס קען געזיכערט ווערען די אידישע צוקונפט אין אמעריקע, און אז יעדע אנדערע נאציא־נאלע ארביים איז קיין שוםפולווער ניט ווערט.

און צו בעווייזען דעם עולם, אז ער מיינט וואס ער רעדט, האט ער געענדיגט מיט אן עכט־אידישער קללה און פערביסען מיט א היימישען קניש.

# די דיסקרעדיטירטע דזשעקס.

דאָס פאָלגענדע היים איך דערצעהלען אַ באַי וואָס איז אַקאָרשט געקומען פון קאַונטרי פול מיט איבערלעבונגען, ער־פאַהרונגען, פּאַסירונגען, וועלכע זיינען פיעל און פול אין דער קאַונטרי, כאַטש שאָר/זיי צונויף הויפענווייז. דער באַי, וואָס מוז נעבעך דערצעהלען וואָס איך היים איהם, האָט געהאַט דאָס גליק ביז אַ געוויסער צייט צו זיין דער איינציגער באַי אויף אַ פאַרם צווישען אַזוי פיעל מיידלעך און דאָס אומגליק צו רו־פען זיך „דזשעק“.

מילא, אז דער שרייבער הייסט דערצעהלען, מוז מען דער־צעהלען, מעג עס זיין אפילו אזעלכעס, וואָס ליעגט אונטער'ן נאָגעל און וואָס אפילו די שעהנסטע נעגעלפוצערין וועט עס ניט קענען ארויסנעהמען. הייבט זיך אָן מיט שרייבער!

— זיץ איך אַזוי איינמאָל אין אַ פינסטערען אָוועגט נאָך סאַפּער, — דערצעהלט מיין העלד אויף מיין בעפעהל, — אין אַ ראָקער אויפ'ן פּאָרטש און וויג זיך מיר און וואַרט, אז אַ מיי־דעל זאָל צוקומען צו מיר און נעהמען צערטלען מיינע געקרייז־זעלטע האָר, וועלכע קענען ניט פערדרייהען קיין אנדער זאַך, ווי ליידים־פינגער. אַזוי ווי איך בין געווען איין זכר אין מאַסקווע, ווי מען רופט עס, פלעג איך אימער וואַרטען, אז די מיידלעך זאָלען קומען צו מיר, ניט איך צו זיי, בפרט נאָך, אז סטאַטיס־טיקער האָבען שוין לאַנג בעוויזען, אז ניט נאָר ביי אונז אויפ'ן

פאַרם, נאָר בכלל אויף דער גאַנצער וועלט, ווי גרויס זי איז, זיי־נען דאָ מעהר נקבות ווי זכרים. בין איך דאָך געווים אַ יחסן!

און איהר זאָלט ניט מיינען, אַז דאָס איז הוילער ענאַ־איזם! דאָ איז נאָך אויך אַן אַלטרואיסטישער מאָטיוו געווען. נאָך מיין רעדען זעהט איהר דאָך שוין, אַז איך בין ניט פון די פּראָסטע באַיעס. וואָס פאַר אַן אַלטרואיסטישער מאָטיוו? אַז איך זאָל צוגעהן צו איין מיידעל, וועט דאָך די צווייטע פאַר־איבעל האָבען. צו וואָס זאָל איך פערשאַפען די איבעריגע ענמת נפש? האָב איך ביי זיך אָפּגעמאַכט: איך געה ניט צו איין, נאָר איהר קומט צו מיר און האָט זיך פּאַראיבעל איינע אויף די אַנדערע. איך בין אומפּאַרטייאיש, מיידעלעך! איך זיץ מיר אויף מיין ראַקינג־טשער און איהר קעמפט פאַר'ן בעזיץ פון מיין פּערזענליכקייט. וועלכע האָט דאָס גליק, געלויבט איז גאָט, צו טראָגען אַ פאַר הויזען. וועמעס גליק עס וועט זיין, דער וועט בעזיצען מיין פּערזענליכקייט. איך דריק זיך אויס „בעזיצען מיין פּערזענליכקייט", ווייל איך בין אַ דזשענטעלמען און וויל אייך ניט בעליידיגען, אַניט זאָג איך נאָר „בעזיצען מיין פּעי־ענווע־לאָפּ." איך גלויב נאָך אין אייער אידעאַליזם!

אַלזאָ, זיץ איך אין ראַקינג־טשער יענעם אָווענט און וואַרט און וואַרט... קיינער קומט ניט! וואָס איז דאָס, טראַכט איך מיר, אַ סטרייק קעגען דער מענער־העררשאַפט? און יענע שוואַר־צע מיידעל אויך. וואָס זי פּלעגט זיך מיט אַ כיון שטעלען די לעצטע אין דער „ליבע־ליין". כדי צו זיין די לעצטע אין מיינע אָרימס, און זאָל זיך ניט דאַרפען איילען צוליב'ן נעקסט? וואָס קען דאָס זיין?

שטעלט אייך פאָר, כ'האָלט דאָס מיר איינפאַלען (ווי יצחק אייזיק שרייבט), אַז דער פאַרמער האָט אַראָפּגעבראַכט אַ ניי־עם באָרדער און אַז אַלע מיידלעך, אפילו יענע שוואַרצע, זיינען איהם בעפאַלען ווי די ביהנען? ניין, בין איך אויף דעם גראָד ניט איינגעפאַלען, און איך האָב אַלץ געטראַכט מי יודע וואָס.

בקיצור, איך האב דערזעהן מיין קאנקורענט, איז מיר גע־ווארען קאלאמוטנע אויפ'ן הארצען, און איך האב צו זיך גע־זאגט: „דזשעק, ביסט שוין אויס קעניג! אט איז דיר טריי־קייט און איבערגעבענקייט פון א מיידעל!". און איך לויף די ערשטע זאך אריבער צום פארמער מיט קולות: „סטייטש, איהר האט דאך מיר געזאגט, אז איך וועל זיין ז'ער איינציגער באי אויפ'ן פארם?" און דער פארמער פערענטפערט זיך, אז די מיידלעך האבען איהם ניט געלאזט לעבען, אז ער זאל אויס־שרייבען פאר זיי כאטש נאך איין באי, ווארים איך נעהם זיך איבער צופיעל מיט מיין איין־איינציגער באיעשקיים.

אזוי? האב איך מיר געטראכט. הינטער מיינע פלייצעס? און די שווארצע מיידעל אויך? סטייטש, אזעלכע קושען, אזא ארומנעהמען! איך געה צו צו די מיידלעך און וויל אויסשריי־ען: פערראט! אבער זיי זעהען מיך קיינער ניט. זיי זיינען אלע פערטאן אין דעם נייעם באי. קוים מיט צרות האבען זיי מיך דערזעהן און האבען אויסגעשאסען מיט א געלעכטער. מיר דאכט, אז די שווארצע אויך. אה, מיין פרעסטיזש!

מילא, פערפאלען. מיין איינציגער געדאנק איז געווען כאטש די שווארצע ארויסצוראטעווען. די שווארצע איז מיר עפעס אין יענעם מאמענט אין הארצען איינגעבאקען געווארען. ווי אזוי זשע שלעפט מען זי ארויס פון דעם קראוד, וואס שטעהט און בוקט זיך פאר'ן נייעם אפגאט אין הויזען? גיב איך א גע־שריי אויס צו דער שווארצער, אלע זאלען הערען און זאלען צופלאצט ווערען פאר קנאה: „שווארצע! קומט פאר אן אטא־מאביל ראיד!"

איך האב מיט א כיון אויסגעשריען „שווארצע", פאמיליאר, אז ער, מיין קאנקורענט, זאל זעהן, וואס פאר א מאכט איך האב איבער זיי.

די שווארצע האט זיך גלייך ארויסגעכאפט, געשמייכעלט פון דעם, וואס פון אלעמען האב איך זי איינע אויסגעקליבען

און אז זי וועט ביי מיר זיין היינט די איינציגע, די ווירקליך איינציגע. עס האבען זיך אנגעבאמטען נאך מיידלעך, אבער איך האב זיי אלעמען אפגעשטויסען. נקמה!

אין אטאמאביל האט די שווארצע צו מיר זיך צוגעטוליעט נאך מעהר ווי אימער. מיר האט אבער אין הארצען געברענט אויף איהר, פארוואס אויך זי האט געוואגט מיך אויסצובייטען אויף יענעם, וואס איך וויל גאר זיין נאמען ניט וויסען. איך האב איהר דאס ענדליך געזאגט. זי פערענטפערט זיך: הלמאי רופט מען מיך דזשעק? פרעג איך: „און אז דזשעק איז וואס?" גיט זי א זיפץ: „אה, ווען איהר זאלט וויסען!". פרעג איך: „אודאי דזשעק דהי ריפער?" ענטפערט זי, און טוליעט זיך דערביי נאך שטארקער צו מיר: „ניין! ווען איהר זאלט וויסען! עפעס א פאראורטייל האב איך געגען די דזשעקס!". זאג איך צו איהר: „געווגג שוין ציהען די עצמות! בקיצור, וואס איז די מעשה?". אזש זי כליפעט זיך דאס פאנאנדער און דערצעהלט מיר, אז שוין פינף דזשעקס האבען זי אפגענארט און זי האט מורא, אז א זעקסטער דזשעק וועט אויך זי אפנארען. שפרינג איך אויף און שריי אויס: „ווער? איך?". און זי גיט מיך א כאפ צוריק אין איהרע ארימס און טוליעט זיך צו מיר נאך שטארקער: „אה, דזשעק! הלמאי רופט מען אייך דזשעק?".

פרעג איך זי: „וואס־זשע זאל איך טאן?". זאגט זי: „אויף אייך איז אויסגעפאלען צו ראטעווען די עהרע פון די דזשעקס און חתונה האבען מיט מיר!". גיב איך נאך אמאל א שפרונג אויף און א געשריי אויס: „אה, דזשעק דער ריפער, דזשעק ראוז און איהר אלע אנדערע דיסקרעדיטירטע דזשעקס! פארוואס זאל איך אויסקויפען אייער אלעמענס זינד און חתונה האבען מיט אט דער שווארצער מיידעל?". און די שווארצע גיט מיך ווידער א כאפ אין איהרע ארימס און בעדעקט מיך מיט קושען און שעפטשעט: „אה, דזשעק, ראטעווע דעם נאמען דזשעק! דער לעצטער, פאר דיר, איז געווען אזא פייער. אזא

ברען! ווען ער פּלעגט אַ קוש טאָן, ווען ער פּלעגט מיך צו זיך אַ דריק טאָן! ווען ער פּלעגט אויסשרייען: „ציגיינערקע!“ פּלעג איך מיינען, אַז ער שלינגט מיך איין! דזשעק! האָב מיט מיר חתונה!“. און זי טוליעט זיך און קושט און ברענט ווי אַ פייער.“ — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיין העלד וויל מעהר ניט דערצעהלען. איך האָב אָבער מוֹרא, אַז דער נאָמען דזשעק איז געבליבען דיסקרעדיטירט, און יענע מיידעל טראָגט אַ שנאה אויף אַלע דזשעקס.

האָט וועלכע עס איז אַנדער מיידעל אַ טענה צו די דזשעקס?

# דער טשערמאַן פון די פּאַראַדאָקסען.

— מיינע פריינדע, ליידיס ענד דזשענטעלמען! — האָט אנגעהויבען דער טשערמאַן — איידער איך וועל ערעפענען דעם מיטינג...

— איך פּראָטעסטיר געגען אַזאַ אַרטאָדאָקסישען אויס־דרוק! — איז אויפגעשפּרונגען אַ ליידי.

— שאַראַפּ! — האָט אויף איהר אָנגעשריען אַ דזשענ־טעלמען, דעם טשערמאַנ'ס אַ פּאַטריאָט, — אונזער זאַגענאַנ־טער טשערמאַן איז אַ אינטעליגענטער מענש און מען דאַרף איהם ניט לערנען ווי צו רעדען. ווער האָט אונז אויסגעלערנט די זאַגענאַנטע ווערטער, אויב ניט ער?

— אָרדער! — האָט דער טשערמאַן אַ קלאַפּ געטאָן מיט'ן האַמער און אַז קלאַפּ האָט מען געקענט זעהן, אַז ער איז טאַקע אַ אינטעליגענטער מענש — מען מוז זיין טאָלעראַנט אפילו צו אַ נעגגערקע, ניט נאָר צו אַ געגנער. מען דאַרף ניט האָבען קיין גרעסערע נעגנערקע ווי מיין זאַגענאַנטע ווייב. פונדעסטוועגען הער איך זי תמיד מיט אכטונגספאָל אוים. ווי געפעלט אייך דער דזשאָק? אָרדער, פּליז! מיינע פריינדע, איך בעט אייך צו קו־מען צו אַ שטילשטאַנד, אויב ניט וועל איך ניט קענען פיהרען אונזער פערזאַמלונג. איך האָב אייך שוין איין דזשאָק דער־צעהלט, און אויב איהר וועט זיין גוטע באָיעס, וועל איך אייך נאָך אַ דזשאָק דערצעהלען.

— דערצעהלט דעם דזשאַק! — שרייען קולות.

— אָרדער, פּליז! — שרײַט דער טשערמאַן — איך בעט אייך נאָך אַ מאָל צו קומען צו אַ שטילשטאַנד! איך בעט אייך מיט אכטונגספאָל, מיט גוטען הייסט עס, איידער איך וועל זיין געצוואונגען צו אַטאַקירען אייך מיט מיין האַמער. די זאַגענאַנטע לײדי האָט דזשאַסט בעפאָר פּראָטעסטירט, אָדער אינטעליגענטער געזאָגט איגנאָרירט, געגען מיינעם אָן אָרטאָדאָקסישען אויסדרוק. איך וועל אַלזאָ, מיינע פריינדע, אַנהויבען פון אַנהויב, כדי די זאַגענאַנטע לײדי זאָל קענען נאָך אַ מאָל פּראָטעסטירען. אַזוי פיהרט זיך אין אַלע זאַגענאַנטע פּאַרלאַמענטען און קאָנגרעסען, אפילו אין דעם אידישען קאָנגרעס, אַז אַפּריהער צופּאַיט מען זיך, כדי אַנצוהויבען פון אַנהויב. אַלזאָ, מיינע פריינדע, לײדיס ענד דזשענטעלמען, איידער איך וועל ערעפענען דעם מיטינג... איצט זאָל די זאַגענאַנטע לײדי פּראָטעסטירען!

— איך פּראָטעסטיר געגען אַזאַ אָרטאָדאָקסישען אויסדרוק! — איז די לײדי ווידער אויפגעשפּרונגען. — איך פּראָטעסטיר געגען דעם אויסדרוק ערעפענען. וואָס עפענען ע ר עפענען? רק ע ר און ע ר און ע ר! זאָל ז י אַמאָל אויך עפענען! וואָס עפענען איהר מענער האָט אַלעם פערכאַפּט? ע ר ציהען, ע ר רייכען... מיר ווייבער קענען אויך. אין נאָמען פון אַלע אונזערע לײדיס מאַך איך צום פאָרשלאַג, אַז פערזאַמלונגען זאָל מען מעהר ניט ע ר עפענען, נאָר ז י עפענען, און קינדער זאָל מען מעהר ניט ע ר ציהען, נאָר ז י ציהען. נידער מיט׳ן ע ר!

— אָרדער פּליז! מיינע פריינדע! — האָט דער טשערמאַן שוין גענומען אַטאַקירען מיט׳ן האַמער — איהר האָט אַלע געהערט דעם מיט אכטונגספאָלען פאָרשלאַג פון דער זאַגענאַנטער לײדי. אַבער בעפאָר איהר נעהמט רעדען, וואָלט איך אייך וועלען זאָגען אַ פּאָר ציוויליזירטע ווערטער. אָרדער פּליז!

פיהרט זיך אויף ווי אינטעלינענטע לייטע! איך וויל אייך זאגען, אז מיר לעבען איצט אין דער עפאכע פון דער איצטיגער צייט, וואס די סאפראדזשעטקעס האבען זיך זעהר ענטוויקעלט אויף א זעהר גרויסען מאסשטאב. פערשטעהט זיך, אז מיר דארפען זיין דזשענטעללייטע און געבען זיי מעהר רעכטע. מיין עפענט־ליכע מיינונג איז, אז ווען מיר וועלען געבען די פרויען רעכטע, וועלען מיר האבען רעכטע פרויען. דאס איז שוין ניט קיין א ר־ט א ד אקסישער אויסדרוק, נאר א פ א ר א ד אקסישער. אלזא, אלס ציוויליזירטע מענשען מוזען מיר זיין פ א ר א ד אקסען, ניט קיין א ר ט א ד אקסען.

— הוריי פאר די פאראדאקסען! — האט די פראטעסטי־רענדע לידי אויסגעשריען.

— ארדער פליז! — האט דער טשערמאן אויסגעשריען— אלזא, פריינדע פאראדאקסען...

— איך פראטעסטיר נעגען דעם אויסדרוק! — האט זיך אויפגעכאפט א מעמבער — מיר ווילען גאר קיין אקסען ניט זיין, נאר פליינע מעמבערס!

— שאראפ! — האט אויף איהם אנגעשריען דער אווי־בענדערמאנטער דזשענטעלמען, דעם טשערמאנ'ס פאטריאט,— איהר האט קיין רעכט ניט צו פראטעסטירען נעגען דעם טשער־מאן אהן דעם טשערמאנ'ס ערלויבניש.

— ארדער פליז! — האט דער טשערמאן אויסגעשריען,— איך וויל ערקלערען דעם מעמבער, אז איך האב ניט געזאגט, דאס מיר זיינען פראסטע אקסען. איך האב געזאגט, אז מיר זיינען פ א ר א ד אקסען.

— אבער מיר ווילען ניט זיין אפילו קיין פאראדנע אק־סען! — האט געשריען דער אויבענדערמאנטער מעמבער.

— אלזא מיר וועלען נעהמען מיין שטאנדפונקט צו אפ־שטימונג! — האט אויסגעשריען דער טשערמאן מיט'ן הא־

מער — ווער עס וויל זיין א פאראדאקס, זאל אויפהויבען די האנט! דאגעגען? קיינער. דאמיט פאסירט!

— ווארט א ווײלע, מיסטער טשערמאן! פאסירט ניט אזוי שנעל! — האט געשריען די אונז שוין גוט בעקאנטע פראטעס־טירענדע לײדי — איך וויל נאך אמאל פראטעסטירען אין דעם נאמען פון די לײדיס!

— ארדער פליז! — האט דער טשערמאן ווידער אטאקירט מיט'ן האמער — וואס וויל ווייטער די זאגענאנטע לײדי?

— איך פראטעסטיר געגען דעם נאמען פאראדאקסען פון אונזער לײדי'שען שטאנדפונקט! — האט די לײדי געשריען — גלייכע רעכטע הארף זיין גלייכע רעכטע, און אויב עס זיינען דא אויף דער וועלט פאראד א ק ס ע ן דארפען אויך זיין פאראד ק י ה. ניין, איהר וועט אונז ניט פערשווייגען! און אז איך שטעה שוין אויפ'ן פלאר, וויל איך, מען זאל סעטלען די פראגע וועגען ערעפענען. מיסטער טשערמאן, נעהמט עס צו אפשטימונג!

— אלזא, מיינע פריינדע! — האט דער טשערמאן ווידער געשריען מיט'ן האמער.

— איך האב א פארשלאג! — האט איינער פון די „פריינ־דע“ אויסגעשריען: לאמיר זיין נייטראל! לאמיר די פער־זאמלונג ניט ע ר עפענען און ניט ז י עפענען, נאר פראסט עפענען און געסעטעלט.

— ניין! — האט געשריען די אלטבעקאנטע לײדי — איך בין געגען אזא סעטלמענט!

— אלזא, מיינע פריינדע! — האט הער טשערמאן ווידער געשריען מיט'ן האמער — איך וועל מאכען א פשרה, דאס הייסט קאמפראמעטירען: צוטיילען אויף העלפט, איין פער־זאמלונג זאל מען ע ר עפענען און א צווייטע ז י עפענען! ווער עס איז דאפיר, זאל אויפהייבען די האנט! דאגעגען?

דאָמיט פּאַסירט! און איצט מײַנע פֿרײַנדע פּאַראַדאָקסען, זועל איך אײַך פֿאָרשטעלען דעם זאַגענאַנטען רעדנער. און דאָס איז ניט קיין אַנדערער, ווי אונזער זאַגענאַנטער פֿרײַנד מיסטער יאַמראַך...

# אן אָריגינעלער שרייבער.

(דערצעהלט פון אַ רעדאַקטאָר)

ליבע לעזער! איך בין אַ רעדאַקטאָר, וואָס האָט צו טאָן, ווי איהר ווייסט, מיט אַלערליי שלעק, אנערקענטע און ניט אנ־ערקענטע.

איינמאָל האָב איך בעגאַנגען אַ נאַרישקייט אָפּצודרוקען אַ זאַך פון איינעם אַ קרענק, וועלכער האָט מיך צום טויט פערמור־טשעט מיט זיינע „גייסטיגע קינדער“, וועלכע ער פלעגט רעפּ־ראָדוצירען אָהן שום רחמנות, ניט אַכטענדיג אויפ׳ן גרויסען פּאַפּיר־יקרות.

— האַלט איהר גאַרניט פון געבורט־קאָנטראָל? — האָב איך איהם איינמאָל געפרעגט, ווען איך האָב דערזעהן, אַז עס איז גאָר קיין סוף ניטאָ צו זיין פּרוכטבאַרקייט.

— ניין! — האָט ער תקיפ׳דיג געענטפערט.

— פאַרוואָס?

— גאָר פשוט, ווייל דאַן וואָלט איך אויף דער וועלט ניט געוועזן, מחמת איך בין דאָס פינפטע קינד געבאָרען געוואָרען ביי מיין טאַטע־מאַמע, און עס וואָלטען אויך ניט געבאָרען געוואָרען אנדערע גרויסע גייסטער, וועלכע זיינען געבאָרען געוואָרען אַרי־בער דער פּראָצענט־נאָרמע פון געבורט־קאָנטראָל.

— אָבער איהר אַליין זייט דאָך שוין דאָ אויף דער וועלט,

טו זעהט כאָטש אייער גייסט צו קאָנטראָלירען, ער זאָל ניט בעַ־לעסטיגען די רעדאַקציעס מיט אַזוי פיעל קינדער! — האָב איך זיך ביי איהם געבעטען.

ניין! ער קען ניט קאָנטראָלירען זיין גייסט. ער מוז שאַפען!

און אַזוי האָט ער מיר געבראַכט איין גייסטיג קינד זיינס נאָכ'ן צווייטען, און אַלץ אזעלכע קריפּעלס, דאָס ניט אכטענ־דיג אויפ'ן גרויסען פּאַפּיר־יקרות האָב איך זיי געמוזט וואַרפען אין קאָרב, פיעלע ניט איבערלעזענדיג אפילו, און פאַר איהם אין די אויגען טאַקע. איהם האָט עס גאָרניט געאַרט. מעהר נישט איינמאָל האָט ער סאַרקאַסטיש מיר בעמערקט:

— לייענט פונדעסטוועגען אַפריהער איבער: איהר קענט נאָך אַ מייסטערווערק אריינוואַרפען!

— וואָס איהר וועט איבערשרייבען פון געדרוקטע? — האָב איך, בדרך הלצה הייסט עס, איהם געפרעגט.

ער האָט זיך אָבער ניט בעליידיגט — ווי אימער. האָט איגנאָרירט מיין קיבעץ, און נאָכדעם מיט אַ סטראַשונאַק צו מיר געזאָגט:

— וואַרט, איהר וועט מיך נאָך דרוקען!

און כך הוה: ער האָט געבראַכט אין אַ צייט אַרום אַ גייסטיג קינד נאָך אַ לענגערע געבורט־קאָנטראָל און נאָכדעם ווי מיין כעס אויף איהם איז שוין פאַראיבער. ער האָט מיך געבעטען, איך זאָל איהם טאָן די טובה בלויז דאָס איין מאָל און אויסהערען זיין זאַך. איך בין גראַד געווען אויפגעלענט, און האָב אויסגעהערט די זאַך. ערשט גאָרניט קיין שלעכטע זאַך! ער האָט מעפיסטאָפעליש טריאומפירט, ווען איך האָב ביי איהם צוגענומען די זאַך און געזאָגט, אַז עס וועט געדרוקט זיין.

און — ס'איז אָפּגעדרוקט געוואָרען. און, איך זעה דאָך, ליבע לעזער, אַז איהר טרעפט דעם סוד, ס'איז אַזוי איינפאַך:

די זאַך, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז געווען פון אַ בעַ־וואוסטען שרייבער!

אַז ער איז דערנאָך געקומען צו זיך, און איך האָב אויף איהם גענומען שרייען „גנב“, איז ער גאָר ניט נתפּעל געוואָרען.

— איך האָב איך נאָר געוואָלט ווייזען, — האָט ער גאַנץ קאַלט געזאָגט, — אַז איהר וועט מיך דרוקען, און טאָמער ניט, וואָלט איך זיך מיט אייך גערייצט, אַז איהר זייט ניט קיין מבין אויף ליטעראַטור, און איהר וואַרפט מייסטערווערק פון בעַ־וואוסטע שרייבער אין פּאַפּיר־קאָרב.

אָבער די דאָזיגע אָפּגעדרוקטע גע'גנב'עטע זאַך האָט פאַר איהם געעפענט אַ טיר אין אַנדערע רעדאַקציעס. יענע האָבען זיך צו דער גנבה ניט צוגעקוקט, און מיינענדיג, אַז זיי האָבען פאַר זיך אַן אַנערקענטען שרייבער, האָבען זיי צוגענומען זיינע גייס־טיגע קינדער, ווער מעהר, ווער ווענינער.

דאַן ערשט פלעגט ער קומען רייצען זיך מיט מיר, און וויי־זען מיר די אַלע אָפּגעדרוקטע זאַכען זיינע, וועלכע איך האָב פערבראַקירט, און דאַן פלעגט ער אַ כאַפּ טאָן מיינע אַ צייטונג און אויסשרייען מיט נצחון:

— איך וועל אייך ווייזען, ווי אַלע שרייבער אייערע טוען מיר נאָך, שרייבען מיר נאָך וואָרט פאַר וואָרט! קיין טאַלאַנט האָב איך אפשר ניט, אָבער אַז איך בין אָריגינעל, וועט איהר דאָך אויך מוזען צוגעבען.

מיין חוש פאַר הומאָר האָט איינגעהאַלטען מיין כעס, און איך האָב זיך צו איהם אָפּגערופען:

— נו, אדרבא, ציינט, וואו מאַכען איך נאָך מיינע שריי־בער?

— אַט שרייבט צום ביישפּיל אייערער אַ שרייבער, — האָט ער געזאָגט, — אַז דער באַי האָט אַ קוש געטאָן די מיידעל. איך זאָג אייך, אַז דאָס וואָלט איהם קיינמאָל ניט איינגעפאַלען צו שרייבען אַזוי, ווען ניט איך. דאָס האָט ער ביי מיר דער־

זעהן דעם אויסדרוק, האט ער עס איבערגעשריבען. אדער אט א צווייטער שרייבער אייערער בענוצט זיך מיט מיין אויסדרוק: „די בוימער האבען זיך געשאקעלט“. און א דריטער שרייבער אייערער געברויכט פונקט אזוי פיעל פינטעלעך ווי איך. איך האב איבערגעצעהלט! און א פערטער שרייבער אייערער געברויכט דיזעלבע דרוקפעהלערן וואס איך. און א פינפטער דיזעלבע פראגע־צייכענס און אויסרוף־צייכענס, און אזוי אלע אייערע שרייבער טוען מיר נאך. און ניט נאר אייערע שרייבער, נאר אויך די שרייבער פון די אנדערע צייטונגען. אלע טוען מיר נאך. באשר איהר האט מיך ניט געוואלט דרוקען און געצוואונגען מיך צו ווערען איינמאל א גנב! וואס איז? איך דארף דען ביי וועמען גנב'ענען? איך האב אימער געהאט גענוג אייגענע זאכען צו דרוקען, באשר איהר האט מיך ניט געוואלט דרוקען און געטריבען מיך צו גנב'ענען ביי פרעמדע! זאל אויף אייער קאפ פאלען די עבירה! איך האב עס געמוזט טאן, כדי צו צווינגען אייער חברה מיך צו דרוקען. איצט זעהט, אז איך שאף שולע אין דער ליטעראטור, אלע טוען מיר נאך, און די קריטיק מאטערט זיך צו געפינען מיין גרויסקייט, און קען ניט! א מכה וועט זי געפינען, די קריטיק, מיין גרויסקייט! זי איז נאך ניט דערוואקסען צו פערשטעהן מיך! איין קריטיקער שרייבט, למשל, אז ער לייענט מיך און פערשטעהט קיין איין ווארט ניט. געווים פערשטעהט ער ניט!

און אז ער האט געענדיגט, האב איך ארויסגעשטעקט מיין קאפ דורכ'ן פענסטער און אויפגעהויבען מיינע אויגען צום הימעל און געפרעגט:

— רבונו של עולם! מוזען דאס טאקע אלע זיין שרייבער?

# אלישע.

וואס איז אייער מיינונג, ליבע לעזער, ווענען אזא נאמען ווי אלישע? גארניט קיין פאפולערער נאמען, טו איך ערקלע־רען אין אייער נאמען, ליבע לעזער, אזוי ווי מען טוט ערקלע־רען נאך פיעלע זאכען אין אייער נאמען, און איך הער אייך זאגענדיג, אדער עס דוכט זיך מיר אוים, אז איהר זאגט: אלישע! אויך מיר א נאמען! אזא נאמען האט זיך געקענט פערגינען צו טראגען נאר אזא פארמער, ווי דער אונז אלעמען שלעכט־בעקאנטער נביא. און אויך, ווען איז דאס געווען? גאר אמאל אין די ביבלישע צייטען, אין די צייטען פון פדהצור, נחבי בן ופסי, חשים, חבקוק, שדרך, משך ועבד נגו. אמאל, ווען מען פלעגט ניט שלעפען קיין נעמען ביי טויטע פון קברים! היינט וועט קיין רעכטדענקענדער איד זיך ניט געבען פלוצלונג א נאמען אלישע. אן עכטער יענקי, א פערוואָרפענער פארמער מוז מען זיין, אום צו טראגען אזא נאמען, אדער צו בעלעסטיגען א קינד, אן עופה׳לע נאך, וואס קען זיך נעבעך ניט ווערען, מיט אזא מין נאמען.

אלישע!

אבער מיינט ניט, ליבע לעזער, אז איך מיין דא צו קיבע־צען די אידען, פארוואס זיי האבען זיך דערוויטערט פון דער ביבעל. איך בין דא גאנץ אביעקטיוו. איך קאנסטאטיר דא נאר א פאקט, ווי גוט בעוואוסטע פובליציסטען זאגען, מיט דער האפ־

נונג, אז דער בחור הזעצער וועט עס מיר לאזען קאנסטאטירען און ניט צווינגען מיך צו „קאנסטאנטינגען". איך וויל ניט זיין אין דער לאגע פון קאנסטאנטינגען פון גריכענלאנד.

אלזא, איך קאנסטאטיר דא א פאקט, אז קיין אידישע אלישע'ס האב איך אין לעבען ניט בעגעגענט. ביז... הערט א געשיכטע!

אין אונזערע צייטען און אין אונזערע טעג איז געווען א אידיש פאר־פאלק, שטארק אמעריקאניזירט, אבער אזוי אמע־ריקאניזירט, אז א נאש בראט, וואס רעדט אידיש און נאך מיט די הענט דערצו, איז ביי זיי געווען א „קאיק". און איך מוז דא ווידער ערקלערען, אז איך מיין דא ניט וועמען צו זאגען מוסר, נאר אז איך קאנסטאטיר דא א פאקט און אז. וו., ווי איך האב שוין אויבען באריכות ערקלערט. עס טוט מיר אפילו זעהר לייד, וואס איך מוז אזוי פיעל מאל קאנסטאטירען, אבער אז מען מוז, מוז מען. דער בחור הזעצער זאל נאר זיין א גוד באי און קאנס־טאטירען, וועט שוין אלעס זיין גוט.

אלזא, צוריק צום אמעריקאניזירטען פאר־פאלק, ויהי היום האט זיי נאט געהאלפען מיט א בן־זכר. דארף מען דעם בן־זכר געבען א נאמען. וואס־זשע פאר א נאמען גיט מען איהם, ניט קיין נאמען פון א „קאיק"? טראכטען די גליקליכע טאטע־מא־מע. און איך לאז זיי טראכטען, ווי איהר קענט זיך איבערצייי־גען פון די פאלגענדע פאסיקלעך: — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

וואס האבען זיי אויסגעטראכט?

אדרבא, לאמיר הערען! סעם? אייבי? איזי? בעני? טשארלי? לואי? דזשייק? פע! דאס זיינען דאך עכטע אידישע נעמען, און די באבע — אך, די באבע! — קען נאך איהם רו־פען: סעמעלע אדער סעמקע, אייבעלע, איזועלע אדער איזינ־קע, בענעלע, טשאלינקע, לואינקע, דזשייקעלע. די באבע! אך, די באבע! וואלט עס נאך געווען ז י י ן מאמע, הערט מען

זי ווי די שוויגער, אבער דאס איז די אייגענע מאמע, א י ה ר מאמע! וואס טוט מען מיט דער מאמע'ן? זי פערשווארצט זיי דאס פנים איבער דער גאנצער „נעיבארהוד“: דזשעניצע, פא־גיטשע, רומסען... אזוי רעדט זי, די מאמע!

— שא! — רופט זיך אפ דער מאן — לאמיר איהם גאר א נאמען געבען סידני!

— סידני! — גיט זיך די ווייב א קרים. — עני קאיק רופט זיך שוין סידני.

— נו, טו זאל זיין מילטאן! — רופט זיך אן ווידער דער מאן.

— מילטאן? — זאגט די ווייב. — איט יוזד טו בי עי נאיס נעים, עי ריעל אמעריקען נעים, באט איצט איז עס שוין טו מאטש דזשואיש, עניבאדי איז מילטאן.

— נו, טו זאל זיין גאר דזשאהן! — שלאגט פאר דער מאן.

— דזשאהן?! — גיט זיך א כאפ די ווייב. — וואו האסטו געפאקט דעם נאמען? אויף העסטער סטריט? וועלכער ריעל אמעריקען רופט זיך דאס איצט דזשאהן? איך האב אפגע־טראכט א בעסערען נאמען! טאקע א ריעל אמעריקען נעים! געדענקסטו דעם פארמער דעם גוי, וואו מיר זיינען פאראיאה־רען זומער געווען?

— יעס! — ענטפערט דער מאן. — אלישע האט מען איהם גערופען, אבער עס איז א פאני נעים!

— פאני נעים!? — קרימט איהם איבער די ווייב. — אלישע איז א ריעל אמעריקען נעים. מיר וועלען איהם א נאמען געבען אלישע, און קיינער וועט ניט זאגען, אז ער איז א דזשו. סידני, מילטאן, דזשאהן וועט מען גלייך דערקענען, אז ער איז א דזשו, אבער אלישע? נעוואר!

און אזוי איז דאס געבליבען: אלישע!

די באבע האט אפילו פרובירט פראטעסטירן: סטיימש, וועלכער איד רופט זיך דאס אלישע? פארוואס אזא גוי'איש נאמען? און וואס פעהלט לואי, סעם, טשאלי, בעני? זי האט געוויינט, די אלטע, וואס מען דערוויטערט זיך פון אידען. איזי איז אידישער ווי אלישע... עס האט ניט געהאלפען! אלישע — און דהאט'ס אלל!

און אלישע איז אזוי געוואקסען און טאטע־מאמע האבען נעקוואלען. מיט איין ווארט: אלישע! זיי האבען געביט אלע אידען מיט זייער אלישענטום! וואו איז נאך א איד מיט'ן נא־מען אלישע? און אלישע האט זיך געטאן ווייטער דאס זייניגע— איז געוואקסען און געוואקסען, ביז ער איז אויסגעוואקסען, און איז געקומען מיט טענות צו טאטע־מאמע'ן: פארוואס האט מען איהם געגעבען אזא פאני נעים, ווי אלישע? דאס איז דאך א פארמער־נאמען! טשאלי, בעני, לואי, איזי, סעמי און אפילו אזעלכע „קאיקס" ווי מילטאן און סידני לאכען פון איהם... אבער טאטע־מאמע האבען איהם געטרייסט און געגעבען צו פערשטעהן די אמעריקאנער בעדייטונג פון אלישע, אז דאס איז ניט קיין אי־דישער נאמען, ניט קיין „קאיק".

און עס איז אזוי אריבער נאך אביסעל צייט, ווי עס דער־צעהלט זיך, און עס וואלט זיך אלעס געענדיגט בשלום ושלוה און דער אמעריקאניזם וואלט טריאומפירט. איז אבער געקומען א סענטימענטאלער העברעאיסט און רופט זיך אנ'עט צום גליק־ליכען טאטע־מאמע:

— אזוי? אלישע? אייער זוהן רופט מען אלישע? זעהר שעהן פון אייך! דאס איז דאך אן עכט־אידישער נאמען! א קליינינקייט: אלישע הנביא!

זאל איך אייך נאך דערצעהלען, אז טאטע־מאמע זיינען גלייך נעפאלען אין חלשות? אבער איך מוז עס טאן, כדי צו קאנסטאטירען נאך א פאקט.

און ווען זיי זיינען צו זיך געקומען, שטעל איך מיר פאר,
ווי זיי האבען ביי זיך געטראכט:

„ניט אויסצוהאלטען פון די קאיקס! אלע נעמען האבען
זיי פערכאפט! קיין איין רעכטער נאמען איז ניט געבליבען...“

# הונדערט יאָהר הויזען.

לייענענדיג אין די צייטונגען וועגען דעם הונדערט־יעהרי־גען יובילעאום פון אונזערע פיעל־געפּרעסטע הויזען, בין איך געוואָרען מעהר הויזענבעוואוסטזיניג ווי אימער, האָב זיי אויס־געפּרעסט לכבוד יום־טוב מיט א פיינעם קנייטש און בין ארויס פּראָנטעווען איבער די גאַסען, צו ווייזען די מאכט פון דעם גע־עהרטען יובילייאַר.

„שוין הונדערט יאהר, ווי עס הויזענט זיך !", האָב איך מיר שטאָלץ געטראַכט, שפּרייזענדיג פריי מיט מיינע בעהויזענטע פיס.

און אזוי הויזענדיג, בעגעגען איך מיין לאַנדסמאַן משה־יאָסעל, וועלכער איז פּעסימיסטיש געשטימט ווי אימער און גיט זיך קיינמאָל ניט אָפּ מיט'ן הויזען־קולט. פאַרוואָס ? גאַנץ פּשוט, ווייל ער האָט א ווייב, וואָס ז י טראָגט די הויזען— און צו וואָס זאָל ער פּרעסען פּרעמדע הויזען ? הכלל, ער איז פון די הויזענלאָזע מענער, און די ראָזינע הויזענלאָזינקייט האָט אויף איהם אַן אומעט אויסגעגאָסען און די גאַנצע מאַנסבילשע גבורה אוועקגענומען.

און אז ער האָט אויף מיר דערזעהן די פּריש־אויסגעפּרעס־טע הויזען, האָט ער טיף א זיפץ געטאָן און זויער מיך א פרעג געטאָן :

— וואָס איז אויף דיר היינט די שמחה ?

— וואס הייסט? — האב איך זיך בעליידיגט, וואס ער ווייס ניט פון אונזער שמחה, — ביסט גאר קיין מאנסביל ניט? ווייסטו דען ניט, אז ס'איז שוין הונדערט יאהר געווארען, ווי מיר טראגען הויזען?

מיין משה־יאסעל קוקט מיך אן ווי א משוגע'נעם.

— וואס הייסט הונדערט יאהר ווי מיר טראגען הויזען? — האט ער ענדליך ארויסגערעדט. — און ביז מיט הונדערט יאהר צוריק, הייסט עס, זיינען מיר במחילה געגאנגען אהן הויזען?

— חלילה! — האב איך זיך אפגערופען. — ווי פאלט דאס דיר איין צו דענקען אזוי שלעכט וועגען אונז? ווי הייסט געגאנגען אהן הויזען? מיר האבען יא עפעס געטראגען, דהיינו, תחתונים, פלודערן, מייטקעס, אבער דאס זיינען אלץ ניט גע־ווען קיין הויזען, ביז עס איז געקומען דער היסטארישער טאג, נעדענק־זשע, דער 19טער אקטאבער 1816, און מיר האבען אריינגעמופט אין אונזערע איצטיגע הויזען, אין וועלכע מיר פראגרעסירען פיעל שנעלער ווי אין די אלטפרענקישע תחתונים, פלודערן אדער מייטקעס. פערשטעהסטו שוין?

— יא, איך פערשטעה — האט ער געענטפערט. — דיר איז גוט, אז דו האסט קיין ווייב ניט און דו קענסט פראנק און פריי טראגען די הויזען און ס'איז ניטא, ווער עס זאל זיי ביי דיר ארפשלעפען... אבער ווען דו האסט אזא געגענשטאנד ווי איך האב, וואלסטו גאר אנדערש גערעדט...

— וואס פאר א געגענשטאנד איז דאס, וואס עס לאזט דיר קיין הויזען ניט טראגען?

— האסט גאר פערגעסען אז מיין ווייב?

— וואס־זשע עפעס רופסטו זי געגענשטאנד?

— וואס איז זי דען, אויב ניט קיין געגענשטאנד? ווייסט דאך, אז אימער שטעלט זי זיך מיר געגען! א ווייב איז דער ריכטיגער געגענשטאנד און א שווערער געגענשטאנד! יא, ג ע ג ע נ ש ט א נ ד!

ער האָט זיין פילאָלאָגישע ענטדעקונג שטאַרק בעטאָנט, און געקוקט מיר אין די אויגען, אויב איך האָב עס געכאַפּט.

— וועל — זאָג איך — אייב מען האָט אַזאַ שווערען גע־נענשטאַנד, קויפט מען צוויי פּאָר הויזען פון שלום־בית וועגען, טראָגסטו איין פּאָר און זי איין פּאָר.

— ווייסט דאָך, אַז איך האָב פיינט קאָמפּראָמיסען. איך האַלט פון מאָנאָהויזענטום. איין פּאָר הויזען פאַר יעדען מאַן־און־ווייב, און אָדער ער, אָדער זי! ס'איז אַן אייביגע מלחמה, יו נאָו. און אפילו, אַז עס הערשט פרידען, איז עס ניט מעהר ווי אַ בעוואַפענטער פרידען, וועלכער קען פּלאַצען צו יעדער מינוט, אַזוי שנעל ווי ער אָדער זי ווערט בעוואוסטזיניג. ניין, ברודערקע, איך האַלט ניט פון צוויי פּאָר הויזען!

— טו פאַרוואָס האָסטו אָפּגעגעבען דער ווייב די הויזען?

— איך האָב אָפּגעגעבען? — האָט ער זיך אַ כאַפּ גע־טאָן. — זי האָט ביי מיר צוגענומען. אין איין שעהנעם פריה־מאָרגען האָב איך זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז ס'איז גאָר אַ שאַנדע צו זאָגען. שריי איך צו איהר: „ביילע, גיב מיר אָפּ די הויזען! איך דאַרף דאָך געהן אין שאַפּ אַריין!" און איך האָב זיך אַ לאָז געטאָן נאָך מיינע הויזען. האָט זי געמאַכט אַ גוואַלד, אַז זי איז אַ שוואַכע פרוי און איך וויל זי דער'הרג'ענען און בערוי־בען זי פון איהר רעכט... מילא, איך האָב ניט געוואָלט מאַכען קיין לייטישע געלעכטער און האָב איבערגעלאָזען די הויזען ביי איהר, און איך וואַרט, ביז איך וועל קריגען געגנוג כח אָפּצונעה־מען ביי איהר מיינע הויזען, סיידען זי וועט די הויזען מיינע אָפּגעבען אַן אַנדער מאַן, אַזוי ווי עס האָט זיך געטראָפען ניט פאַר קיינעם געדאַכט מיט אונזער'ן אַ שכנ'ס הויזען. ס'זיינען דאָ אַזעלכע ווייבער, וואָס רעוואָלטירען געגען דער הערשאַפט פון דעם אייגענעם מאַן, אום איבערצוגעהן אונטער דער הערשאַפט פון אַ פרעמדען מאַן.

פון זיינע פּעסימיסטישע רייד האָט גענומען איינפאַלען דער

קנייטש אויף מיינע יום־טוב׳דיגע אויסגעפרעסטע הויזן. אונ
אפצושוואכן דעם איינדרוק פון זיינע רייד אויפ׳ן הויזן־
קנייטש, האב איך זיך אנגערופען:

— וועל, דאס איז אלץ פון סוביעקטיווען שטאנדפונקט.
אביעקטיוו אבער זיינען מ י ר די הויזענטרעגער, און די הוי־
זען זיינען דער סימבאל פון מאכט.

— מאכט, זאגסטו? — אט דו האסט קיין ווייב ניט,
קענסטו, דאכט זיך, אפארדען צו זיין אינדעפענדענט און אפהי־
טען דעם פרעסטיזש פון דיין הויזענטום. פונדעסטוועגען, ווי
ריינע הויזען דערזעהען נאר א ליאדע קליידעל, אזוי ווערען
זיי ביי זיך געפאלען און וואלגערען זיך אין שטויב פאר׳ן קליי־
דעל און קושען דעם זוים פון קליידעל... שטאלצע, מעכטיגע הוי־
זען, זאגסטו? ניין! — האט ער זיך צושריען. — איך וועל
פאר זיי קיין יובילעאום ניט מאכען! איך האב חרטה, וואס איך
האב זיי גאר ווען געטראגען, און זאלען זיי טאקע בלייבען ביי
מיין ווייב. אויף כפרות!

און איך פערענדיג סימבאליסטיש: דער יום־טוב׳דיגער
קנייטש אויף מיינע הויזען איז אינגאנצען פערשוואונדען גע־
ווארען. ארימער יובילאר!

19 אקטאבער, 1916.

# יאָגענדיג זיך נאָכ'ן לעבעלע ברויט.

די בעקער האָבען אָפּגעקניפּען אַ
אונץ פון לעבעלע ברויט — און
פאַרטזעצונג פאָלגט.
(פון די ציימונגען אָבער אַ פאַקט).

בעוואָפענט מיט אַ מיקראָסקאָפּ, האָב איך זיך אַ לאָז געטאָן זוכען דאָס לעבעלע ברויט, ביי וועלכען די בעקער האָבען אראָפּגעריסען חיים טובים. איך האָב פשוט געוואָלט זעהן דעם אַלטען פריינד פון דער מענשהייט, זעהן ווי ער פיהלט זיך נאָך דער אָפּעראַציע.

אין געוועהנליכע צייטען וואָלט איך געגאַנגען זוכען ברויט אין אַ רעגעלער בעקעריי, אָבער אַזוי ווי עס איז יקרות, האָב איך בעשלאָסען צו זוכען עס אין די צירונג־געשעפטען. אַ קלייניגקייט ברויט! מיט גאָלד גלייך און אפשר נאָך טייערער! וואו קען עס ליעגען, אויב ניט אין אַ דזשועלערי־סטאָר? און איך האָב טאַקע געטראָפען, וואָרים אויפ'ן וועג צו טיפאַני האָב איך דערהערט ציימונגס־איננלעך שרייענדיג: „עקסטרא! האָלד־אַפּ אויף אַ דזשועלערי סטאָר!“. קויף איך די עקסטרא און לייען איבער, אַז צוויי באַנדיטען אין אַן אָטאָמאָביל האָבען געמאַכט אַ האָלד־אַפּ אויף אַ דזשועלערי סטאָר און צונעכאַפּט צוויי מיט דריי־פערטעל גראַם ברויט. יעדערער האָט געלייענט די עקסטרא און די סלינע געשלונגען. יעדערער האָט די באַנדיטען מקנא געווען.

„רבונו של עולם!“ — האָב איך זיך געוואָלט אויס־טענה'ן, „וואָס פאַר אַ וועלט איז דאָס געוואָרען?...“

נאָר טענות אהין, טענות אהער — מען דאַרף דאָך געהן זו־כען דאָס שטיקעלע ברויט. וואָס וואַרט אפשר, אַז מען זאָל עס בעפרייען פון די הענט פון די בעקער, וועלכע האַלטען עס אין איין קנייפּען? און אפשר גלייכט דאָס לעבעל ברויט, אַז מען זאָל עס יאָ קנייפּען, פּונקט ווי יענע מיידעל, וועלכע מיר האָבען אמאָל געקענט?

איך בין אריין אין דזשולערי סטאָר. דער סטאָרקיפּער האָט מיך געפרעגט וואָס איך דאַרף. איך האָב איהם געזאָגט: „אַ לע־בעל ברויט.“

— אַ לעבעל ברויט? — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַר'ן קאָפּ. — איהר מוזט מיינען מסתמא אַ לעבעלע?

— ענטשולדיגט! — האָב איך זיך פערענטפערט, — איך האָב טאַקע געמיינט אַ לעבעלע. דאָס האָט זיך נאָר אַזוי אויס־גערעדט ביי מיר לעבעל, לויט אַלטער געוואוינהייט. ס'איז נאָך גוט, וואָס ביי מיר האָט זיך ניט ארויסגערעדט לאַבען. געוועזן, דאַכט זיך אמאָל אזא זאַך?

— יאָ! — האָט דער סטאָרקיפּער אַ זיפץ געטאָן. — עס איז געוועזן אמאָל אַ לאַבען! אַלזאָ, איהר ווילט אַ לעבעלע ברויט? פּאַרטין קערעט מעהל, צי מעיד אין דזשוירמעני?

— דאָס רענעלע ברויט, — ענטפער איך און שטעק שוין אויס די האַנט.

— וואַרט נאָך אַ ווײַלע! — קיהלט אָפּ דער סטאָרקיפּער מיין בעגייסטערונג. — ווילט איהר עס בלויז אָנקוקען, צי טאַקע אויך עסען, ווי אמאָל אין די גוטע צייטען?

— וואָס איז אייך דער אונטערשייד? — פרעג איך.

— מיר איז גאָר קיין אונטערשייד נים, — ענטפערט ער. — איך מיין אייער אונטערשייד, אייער טובה, הייסט עס... אויב איהר' ווילט טאַקע עסען, וואָלט איך אייך בעסער געראַטען

נעהמען אַ דימענט, וועט איהר זיך לכל הפחות קענען אַנעסען. ביי מיר איז ראיעל, יו נאָו, איך האָב ליב, אַז מיינע קונדען זאָ־לען צופרידען זיין.

איך האָב אָבער דאָס לעבעלע ברויט געוואָלט זעהן. רוף איך זיך אָן מיט עקשנות:

— ניין, איך וויל בלויז אַנקוקען!

ווייזט ער מיר אָן אויף אַ ברעקעל, וואָס איז געלעגען אין אַ קעסטעל אונטער אַ גלאָז. איך האָב גלייך גענומען מיין מיק־ראָסקאָפּ און דאַוואַי קוקען!

לאַנג אָבער האָט ער מיך ניט געלאָזען קוקען. איך האָב באַלד זיין שטים דערהערט:

— גענוג צו קוקען, מיסטער! איהר קענט נאָך דאָס גאַנצע לעבעלע אויסקוקען און עס וועט מעהר פאַר קיינעם ניט בלייבען!

און גלייך האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— נעקסט!

איך גיב אַ קוק — אַ רעגעלע ברעדלאַין!

איך האָב זיך אָבער ניט געקענט אָפּרייסען פון'ם לעבעלע ברויט. שריי איך אויס צום סטאָרקיפּער:

— איך קויף אָפּ!

טויזענדער פויסטען האָבען זיך אַנגעשטעלט אויף מיר.

— וועסט ניט קויפען! — האָבען זיך קולות דערהערט.

און איין בחור האָט געשריען העכער פון אַלעמען:

— קיינער וועט ניט קויפען! איך מוז עס האָבען! מיין גליק העננט אָן דעם אָפּ. איך וועל דאָס לעבעלע ברויט קויפען און מיין הערצענסגעליבטער צו די פיס לעגען, וועט זי מיין לי־בע ערווידערען און צו מיר גלייך אין די אָרעמס פאַלען!

עס איז געוואָרען אַ גאַנצע באַטאַליע. האָר און ציינער זיי־נען אין דער לופטען געפלויגען, און געזיגט האָט די ליבע!

דער בחור, אַ צוקיילטער, אַ צוביילטער, האָט זיך געלאָזט

לויפען מים'ן לעבעלע ברויט, האַלטענדיג עס ווי אַ שמעק טאַ־
באַק צווישען צוויי פינגער. — — — — — — — — — — — — — — —

דעם סוף פון דער געשיכטע האָב איך געלייענט דערנאָך
אין די עקסטראַס פון די צייטונגען, אַז דער בחור האָט אריינגע־
זעצט דאָס לעבעלע ברויט אין אַ רינג, אַנשטאָט אַ דימענט, און
עס אַנגעטאָן דער מיידעל אויפ'ן פינגער, און זיי זיינען גלייך
אוועק און האָבען ארויסגענומען מערידזש־לייסענס און חתונה
געהאַט. און זיי לעבען אין גליק און אין פרידען עד היום הזה.

— אַך, דאָס שטיקעלע ברויט!

.1916

## צוויי וואָס זיינען געגאַנגען.

אנטקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט, אז עס הערשט צוטרויען פון מענש צו מענש. הערט א געשיכטע, וואָס איז מיר איינגע־פאַלען צו שרייבען:

אמאָל אין א שטאָק־פינסטערער נאכט זיינען צוויי מענ־שען געגאַנגען אהיים. אום צו מאַכען די זאַך נאָך שרעקליכער, מוז איך אייך זאָגען, אז עס איז אויך געווען שפּעט ביי דער נאַכט, און די גאַס, מיט וועלכער מיינע צוויי העלדען זיינען געגאַנ־גען, איז דערצו נאָך געווען א פערוואָרפענע, אן איינזאַמע, א העק, כאַטש קוילע דאַרטען א מענשען.

די צוויי מענשען, וואָס זיינען געגאַנגען, זיינען ניט גע־גאַנגען זאַלבענאַנד, נאָר איינער איז געגאַנגען אפריהער און דער אַנדערער נאָך איהם. מסתמא האָבען זיי זיך ניט אָנגעקעהרט איינער דעם אַנדערן. ווילד־פרעמדע געווען, אומבעקאַנטע, וועל־כע האָבען זיך איינציגווייז אָפּגעריסען פון גרויסע שטיקער מענשהייט און זיינען צופעליג פערוואָרפען געוואָרען אַט אויף דער איינזאַמער גאַס, וואָס פיהרט זיי ביידען אהיים.

אויף ביידען האָט געציטערט די הויט, און זאַלבענאַנד וואָלט געווען פרעהליכער צו געהן, אָבער דערצו דאַרף מען זיך אָפּשטעלען און צוזאַמענרעדען: אפשר איז מען גאָר שכנים, אפשר וואוינט מען ניט ווייט איינער פון אַנדערן? נ:, האָט דערצו, דעם מענשען וואָס איז געגאַנגען אפריהער, געפעהלט

צוטרויען צום מענשען, וואס איז געגאנגען פון הינטען, ווארים אזוי איז שוין די מענשליכע נאטור צו פערדעכטיגען דעם וואס געהט פון הינטען, אפשר טראגט ער מיט זיך א מעסער און איז גרייט צו בעפאלען. נו, און דער מענש, וואס פון הינטען, האט דוקא יא געהאט צוטרויען צו דעם מענשען, וואס פון פארענט, אבער עס האט איהם געפעהלט מוט אפצושטעלען יענעם און פארשלאגען איהם צו געהן זאלבענאנד. וואס הייסט אפשטעלען גלאט א מענשען, וועלכען איך קען ניט און איך וויים ניט און זאגען צו איהם: „העי, לאמיר געהן זאלבענאנד!" יענער וועט דאך אנקוקען איהם ווי א משוגע'נעם, אדער וואס נאך ערגער — שטעמפלען איהם אלס פייגלינג. און אפשר האט דער מענש, וואס איז געגאנגען פון הינטען, געוואוסט די מענשליכע פסי־כאלאגיע, צו בעטראכטען דעם מענשען, וואס געהט פון הינטען, ווי א געפעהרליכען מענשען?

זיינען זיי אזויביידע געגאנגען מיט מורא אין הארצען — דער ערשטער, וואס איז פאראוים געגאנגען, האט מורא גע־האט פאר דעם צווייטען, וואס איז פון הינטען געגאנגען, און דער צווייטער, וואס איז פון הינטען געגאנגען, האט גלאט מורא געהאט, ווייל עס איז געווען א מורא צו געהן אין אזא פינסטע־רער נאכט. און אפשר האט זיך איהם אפגערוכט, עמיצער געהט איהם אויך נאך פון הינטען? און אפשר איז איהם טאקע עמי־צער נאכגעגאנגען פון הינטען, און יענער האט אויך מורא גע־האט פאר עמיצען, וואס געהט נאך פון הינטען און אזוי כסדר... אך, די מורא פאר'ן מענשען, וואס געהט נאך פון הינטען!

דער ערשטער, וואס איז געגאנגען אפריהער, איז לכתחילה געגאנגען זעהר שנעל, כמעט ווי געלאפען — געלאפען פאר'ן מענשען, וואס געהט פון הינטען. אבער וואס מעהר ער איז גע־לאפען, אלץ מעהר איז געלאפען נאך איהם דער מענש, וואס פון הינטען. דער מענש וואס פון פארענט, האט געמיינט, אז דער מענש וואס פון הינטען לויפט דאס נאך איהם, אום צו כאפען

איהם און איהם עפּעס טאָן. אָבער דער מענש, וואָס הינטען איז פּשוט געלאָפען נאָכ'ן מענשען וואָס פון פאָרענט, ווייל ער האָט מורא געהאַט אליין צו בלייבען. דער מענש וואָס איז גע־גאַנגען אפריהער, איז ממש זיין שוץ געווען. און אפשר איז ער געלאָפען, ווייל איהם האָט זיך אָפּגעדוכט, אז אויך נאָך איהם יאָגט זיך א מענש פון הינטען? ווער ווייסט די מענשען מיט זייערע שרעקען, מיט זייערע רעכענונגען?

אז דער ערשטער, וואָס איז געגאַנגען פאָראויס, האָט דער־זעהן, אז דאָס לויפען העלפט איהם ניט, האָט ער גענומען געהן נאָר לאַנגזאַם. ער האָט גערעכענט: זאָל יענער, וואָס געהט פון הינטען, איהם אריבעריאָגען, וועט ער בלייבען פון הינטען! צו געהן פון הינטען איז זיכערער, האָט ער געטראַכט. אָבער, קענ־טיג, אויך דער וואָס איז געגאַנגען פון הינטען, האָט עפּעס גע־טראַכט, דען ווי דער ערשטער האָט גענומען געהן לאַנגזאַם, אזוי האָט ער אויך גענומען געהן לאַנגזאַם.

איז דעם ערשטען גאָר איינגעפאַלען די דמים. „הייסט עס", האָט ער געטראַכט, „איז מיין פערדאַכט טאַקע ניט אומ־זיסט? הינטער מיר געהט א געפעהרליכער מענש, וועלכער היט מיר מיינע טריט, און זוכט נאָר א געלעגענהייט, אָדער דעם גינסטיגען מאָמענט, ווי צו בעפאַלען מיך..." און ער האָט גע־נומען זוכען עפּעס אין קעשענע, מיט וואָס צו פערטיידיגען זיך על כל צרה שלא תבוא. אָדער אפשר האָט ער געזוכט דאָס נאָז־טיכעל זיך אָפּווישען דעם שוויים, וועלכער האָט איהם געשלאָ־גען פון פּנים?

און אז דער מאַן, וואָס איז געגאַנגען פון הינטען, האָט דערזעהן, ווי יענער זוכט עפּעס אין קעשענע, איז איהם אויך געוואָרען די געשיכטע פערדעכטיגט. האָט ער אויך גענומען זוכען אין קעשענע עפּעס מיט וואָס צו פערטיידיגען זיך על כל צרה שלא תבוא. אָדער אפשר האָט ער אויך געזוכט דאָס נאָז־

טיכעל זיך אפווישען דעם שוויים, וועלכער האט איהם געשלאגען פון פנים?

זיינען זיי אזוי ביידע ווייטער געגאנגען, האלטענדיג פאר שרעק די נשמות אין די הענט, ביז דער צווייטער פון זיי, דער וואס איז פון הינטען געגאנגען, האט ענדליך זיך פריי אפגע־אטעמט און איז שנעל פערשוואונדען געווארען אין א הויז, וואו ס'איז קענטיג זיין היים געוועזן. דער וואס איז געגאנגען אפריי־הער, ניט הערענדיג מעהר קיין טריט פון הינטען, האט זיך צום ערשטען מאל אומגעקוקט: דער געפעהרליכער מענש איז ניטא! ער האט אויך פריי אפגעאטעמט און האט גענומען דרייסטער שפאנען אהיים, וואס ס'איז שוין געוועזן ניט ווייט. די מורא איז פערשוואונדען געווארען, ווייל אין גרונט גענומען, איז ער געוועזן זעהר א מוטיגער מענש, און ער האט זיך מעהר געשראָ־קען פאר דעם מענשען וואס פון הינטען, ווי פאר דער פינסטער־קייט פון דער נאכט.

באלד אבער איז איהם איינגעפאלען א געדאנק, אז דער מאן וואס פון הינטען איז גארניט פערשוואונדען געווארען, נאר ער האט זיך בעהאלטען ערגעץ און וואטשט איהם, וואוהין ער וועט אריינגעהן, דאן וועט ער זיך אריינרייסען אין הויז צו איהם און בעפאלען איהם מיט זיין גאנצער פאמיליע, דער גע־דאנק האט איהם ניט אפגעלאזען, און ער איז אריינגעלאפען צו זיך אין הויז ניט טויט, ניט לעבעדיג און קוים ארויסגעפלים־טערט צו זיין ווייב:

— א געפעהרליכער מענש איז מיר נאכגעגאנגען פון הינ־טען. מיר דארפען זיין די נאכט אויף דער וואך...

און אויך דער מענש וואס איז געגאנגען פון הינטען האט מיישב געוועזן זיך אראפצוגעהן אונטען א קוק טאן, צי דער מענש וואס איז געגאנגען אפריהער איז ניט געבליבען שטעהן אין דרויסען ביים הויז און ווארט ביז זיי וועלען אלע איינשלאפען און דאן וועט ער ארויף טאן זיין געפעהרליכע ארבייט...

— וואוהין געהסטו ? — האָט איהם די ווייב א דערשראָ־קענע געפרעגט.

— א געפעהרליכער מענש איז מיר פאַראויסגעגאַנגען — האָט ער געענטפערט, — וויל איך זעהן, צי ער איז ניט אוועק.

— נאר איינער ! — האָט איהם די ווייב פּרובירט בערו־היגען. — א געפעהרליכער מענש געהט פון הינטען, ניט פאַר־אויס...

— אָבער אפשר איז ער מיט א כיון פאַראויס געגאַנגען, ניט פון הינטען, כדי אָפּצוציהען מיין פערדאכט ? — האָט ער פּרובירט ארגומענטירען, — ווייסט דאָך, אז מען קען א מענשען ניט טרויען...

— נו, ווייבאַלד אז אזוי, — איז שוין ביי דער ווייב רעכט געוואָרען, — טו געה בעסער ניט אראָפּ... מאַלע וואָס א גע־פעהרליכער מענש קען טאָן...

— אָבער מיר מוזען זיין וואך די גאַנצע נאכט... — האָט ער געזאָגט.

און די צוויי וואָס זיינען געגאַנגען האָבען ביידע ניט גע־שלאָפען יענע נאכט אין שרעק איינער פאר'ן אנדערען...

# דער גלגול פון אן אָקס.

קודם כל מוז איך ערקלערען, אז דער העלד פון מיין הייני־טיגער געשיכטע איז ניט קיין אָקס אויף פיער פיס, נאָר אן אָקס אויף צוויי פיס, און איך האָף, אז דאָס וועט קיינעם ניט איבערראַשען, און קיינער וועט ניט לויפען קוקען אויפ'ן בייז וואונדער, וואָרים ס'איז, דאַכט זיך, אזא געוועהנליכע זאך — אן אָקס אויף צוויי פיס בפרט און צוויי־פיסיגע חיות בכלל. מיר זעהען זיי אויף שריט און טריט — אוי, זעהען מיר זיי!

און אום איהר זאָלט ניט מיינען, אז איך בעליידיג דאָ מיין העלד, מיין מעשה־ידי, אַנרופענדיג איהם אָקס, ערקלער איך אייך, אז ער האָט זיך אליין, מיט זיין אייגענעם ווילען, און נאָך מיט גרויס פאַראַד און פייערליכקייט, פראָקלאַמירט אלס אָקס.

די געשיכטע איז אזוי געוועזן:

ווען ער איז אַנגעקומען פון רוסלאנד קיין אמעריקע, האָט ער געטראָגען דעם זעהר ניט־שמייכעלהאפטען נאָמען ביק, וואָס דאָס איז אויך ניט מעהר ווי אן אָקס, נאָר פון דער רוסישער פאַראַדע. די ניט־מענשליכקייט פון זיין נאָמען האָט איהם אָבער ניט געבאָדערט, און ער האָט זיך אפשר וועגען דעם קיינמאָל ניט פערטראַכט, ווייל ער האָט געהאַט גענוג אנדערע דאגות, דאגות פרנסה איבערהויפּט, וואָס האָבען איהם ניט געלאָזט טראַכטען וועגען אזא קלייניגקייט, וואָס ער איז געבאָרען גע־וואָרען מיט אזא נאָמען ווי ביק, און ניט מיט קיין שעהנערען

נאמען, ווי גאלדשטיין, למשל. ניט אלע קאנען דאך געבארען ווערען גאלדשטיינ׳ס, עס מוזען דאך אויך ביקעס זיין אויף דער וועלט! סיידען אפשר אין דער סאציאליסטישער ארדנונג וועט צוזאמען מיט דער אלגעמיינער גלייכהייט אויך איינגעפיהרט ווערען די גלייכהייט פון פאמיליען־נעמען און עס וועלען מעהר קיין ביקעס ניט זיין אויף דער וועלט, ווי מיין פריינד דער אגי־טאטאר פערזיכערט אין זיינע טראק־רעדעס בעת׳ן קעמפיין.

נאר ווי איך האב אייך שוין געזאגט, האט זיך מיין ביק ניט געקימערט וועגען זיין נאמען, און ער האט געזוכט בעסער ארויפצוארבייטען זיך אין דער גאלרענער מדינה. ווען זיינער א לאנדסמאן האט איהם איינמאל אויפמערקזאם געמאכט, אז אמעריקע איז א פרייע מדינה און ער איז דא ניט מחויב צו טראַ־גען אזא קאצאפסקען נאמען ווי ביק, וויבאלד „עני־באדי קאן דא טשענדזשען זיין נאמען אויף וועלכען ער וויל,“ האט איהם מיסטער ביק געענטפערט, אז ער קעהרט ניט פאר „פענצי“ נעמען, אז ער דארף די ערשטע זאך ארויפארבייטען זיין באנק־ביכעל, און דאן וועט ער זעהן.

און ווען ער האט ארויפגעארבייט זיין באנק־ביכעל, האט ער זיך ארומגעזעהן, אז ביק איז טאקע א צו קאמענער נאמען, און ניט קיין אמעריקאנער. האט ער גענומען טראכטען וועגען בייטען זיין נאמען, און ער האט גענומען קלייבען נעמען.

אין יענער צייט איז א דייטש נאך ניט טרייף געווען אין־אמעריקע, און א דייטשער יאהודי איז געווען דער סימבאל פון עכטען אמעריקאניזם, און מר. ביק׳ס אידעאל איז געווארען צו ווערען א דייטשער יאהודי. גלייך ווי ער האט זיך ארויפגע־ארבייט, האט ער זיך גענומען שניידען אויף א דייטשען יאהודי, פער׳פתח׳ן די ליטווישע קמצ׳ען, אין שאפ צו זיינע ארבייטער (רוסישע אידען אזוי ווי ער) נאר „דויטש געשפראכען“, כדי זיי זאלען ביי זיך אראפפאלען און פאר איהם מעהר דרך־ארץ הא־בען. הייגט צו פערשטארקען זיין דייטשישען יאהודענטום, איז

ער אוועק פון זיין ליטווישער ארטאדאקסישער קאנגרעגיישאן „וקבצנו יחד אנשי פיטשערישאק“ און איז געווארען א מעמבער פון א רעפארם־טעמפעל.

דער נאמען ביק פלעגט איהם שטארק פערדראסען. ער מוז זיך בייטען דעם נאמען אויף אן אמעריקאנער נאמען, מען זאל זעהן, אז ער איז אן עכטער אמעריקאנער, א דייטשער יאהודי. האט ער זיך דערמאנט, אז ער האט אין זיינע גרינע יאהרען גע־ארבייט אין א שאפ ביי א דייטשען יאהודי, וואס זיין נאמען איז געווען אקס, מ י ס ט ע ר אקס, ווי מען פלעגט איהם רופען, כדי צו אונטערשיידען איהם פון אן אקס, וואס געהט אויף פ י ע ר פיס. חברה לצים פלעגען אפילו דענסטמאל אין שאפ זיך וויצלען איבער'ן נאמען, אבער מיסטער ביק איז געווען קלאסענבעוואוסט און עס האט איהם אימער געצויגען צו זיינע ברידער אקסען, און ער פלעגט דארום פערטיידיגען זיין באס מ י ס ט ע ר אקס, אויף וואס די ארבייטער, די חברה לצים, פלעגען בעמערקען: „א ביק שטעלט זיך איין פאר אן אקס“. און מיסטער ביק פלעגט נעהמען בעווייזען, אז מ י ס ט ע ר אקס מיינט ניט דאס וואס אן אקס אין פליין אידיש, ווארים אן אקס אין דייטש, שטויסט ער זיך אן, דארף זיין אקס, און ווי־באלד אז ער איז א דייטשער יאהודי און ער הייסט אקס, מיינט דאס עפעס אנדערש, און אז עס איז דא צווישען די דייטשע יאהודים א סך אקסען.

און מיסטער אקס האט זיך דאס אלעס דערמאנט, ווען ער האט זיך ארויפגעארבייט און האט גענומען זוכען א נאמען, וואס זאל פאסען פאר א דייטשען יאהודי. און גלייך איז איהם איינ־געפאלען, אז דער בעסטער אמעריקאנער נאמען וואלט געווען פאר איהם אקס, אזוי ווי דער דייטשער יאהודי אקס, ביי וועמען ער האט אמאל גרינערהייד געארבייט און וועמען ער האט זיך גענומען אלס מוסטער אין זיין אמעריקאניזירען זיך. און

ער האט זיך געטראכט: „אויב שוין יא א ביק, איז בעסער אן אקס, און זאל מען זעהן, אז איך בין א דייטשער יאהודי."

און אומר ואוכל — מיט'ן הכשר פון קאורט איז מיסטער ביק געווארען מיט מזל מיסטער אקס. מיסיס ביק איז אפילו ניט געווען צופרידען מיט דער ענדערונג. איבערהויפט האט איהר לאגיק פראטעסטירט געגען דעם, אז זי, א פרוי, זאל הייסען מי־סיס א ק ס. מיסטער ביק האט געזוכט זי צו איבערציינגען, אז מיסיס ביק איז פונקט אזוי ניט לאגיש ווי מיסיס אקס, וואָ־רים א ביק איז דיזעלבע זאך וואס אן אקס. אבער מיסיס ביק האט זיך ניט געקאנט בערוהיגען. און דאן וויל זי ניט זיין קיין בהמה, ווארים אז דער מאן איז אן אקס, מוז די ווייב זיין א בהמה. אבער עס האט ניט געהאלפען: זי האט געמוזט ווערען מיסיס אקס, און איהרע לאנדסלייט האבען זי גערופען „מיסיס בהמה."

מיסטער אקס איז געווען צופרידען מיט זיין נייעם נאמען, און ער האט איבעראל געזוכט צו בעווייזען, אז ער איז ניט קיין א ר ט א ד אקס, נאר א ר ע פ א ר ם - אקס, אזוי ווי עס פאסט פאר א דייטשען יאהודי.

און אזוי איז ער געווען מיסטער אקס, ביז אמעריקא איז אריין אין קריעג מיט דייטשלאנד, פערטשעפענדיג אויף אזא אופן אויך דאס דייטשע יאהודענטום. מיסטער אקס האט זיך געפלייסט צו בעווייזען, אז ער איז אן אמת'ער פאטריאט, און אז ער האט מיט דייטשלאנד קיינמאל ניט געהאט צו טאן, מעהר נישט אמאל זיינען די אקסען געווען אין מארע, איז ער אויך געווארען אן אקס. ער האט די ערשטע זאך גענומען פער־בייטען צוריק די פתח'ן אויף קמצ'ען און גענומען פליין אי־דיש רעדען, אזוי אז זיין ווייב האט זיך גאר פשוט מחיה געווען, ווארים זי האט זיך גענוג אנגעמוטשעט פאר דער צייט פון זייער דייטשער יאהודים'שאפט, צוברעכענדיג וויפיעל סעטס צייהן אויף די פתח'ן.

פטור געווארען פון די פתח'ן, האט מיסטער אקס גענומען זוכען ווי פטור צו ווערען אויך פון זיין נאמען אקס, וועלכער קלינגט אזוי דייטשיש. ער האט געוואלט ווערען צוריק א ביק, ווייל רוסלאנד איז דאך פארט אן „עליי", און איידער צו זיין אין אזא צייט א דייטשער אקס, איז פאטריאטישער צו זיין א רוסישער ביק. די קינדער האבען זיך אבער איינגעשטעלט: זיי ווילען ניט זיין קיין ביקעס! און ס'איז געבליבען, אז מיסטער אקס זאל ווערען מיסטער ב ו ל. די קינדער האבען בעוויזען, אז ענגלאנד הייסט דאך אויך דזשאן בול, נו, וועט שוין קיינער ניט צווייפלען אין זייער פאטריאטיזם.

און אזוי איז מיסטער אקס נעגאנגען פון איין גלגול צום צווייטען, אבער ער איז געבליבען דערזעלבער אקס עד היום הזה.

# מיין געליבטע.

שעהן איז מיין געליבטע און גראציעז און שלאנק און אז. וו. — אן אמת'ע שולמית פון שיר השירים! — אזוי האב איך אנגעהויבען אין יענער פינסטערער נאכט, אין דער נאכט פון שרעק, פערוויסטונג און טויט...

אן אמת'ע שולמית פון שיר השירים איז מיין געליבטע! די זעלבע פערגלייכונגען, וואס דער אמאל פערליבטער אידישער קעניג האט געמאכט, שילדערענדיג זיין געליבטע, קען איך אויך מאכען, און עס וועט אסור זיין איבערטריבען. איין פערגלייכונג אבער זיינע קען איך ניט מאכען, און דאס איז זיין פערגלייכונג: „לסוסתי ברכבי פרעה דמיתיך רעיתי!“ — צו מיין פערדינע און פרעה'ס רייטוואגען פערגלייך איך דיך, מיין ליבסטע!

(לינגוויסטישע ענטשולדיגונג: פאר'ן כבוד פון די פרויען האב איך דא ניט געברויכט דאס זעהר פאפולערע, אבער גאר ניט עסטעטישע און מוזיקאלישע ווארט „קליאטשע“ אדער „שקאפע“, און איך האב פון פערד געמאכט פערדינע, א שטיינער ווי פון העלד — העלדינע, פריינד — פריינדינע און אז. וו., און האפענטליך, אז דאס ווארט וועט געפינען חן ביי אלע מוזיקאליש־דענקענדע מענשען).

ניין, צו שטאלץ איז מיין געליבטע, אום צו געהן אין שפאן, ווען אפילו אין א קעניגליכען רייטוואגען.

אויב איינער פון אונז מוז געהן אין שפאן, וויל זי, אז איך

זאָל עס טאָן, ווייל, זאָגט זי צו מיר, „אַלעס, וואָס דו בעוואוג־דערסט אין מיר, איז מיין קערפּער, היינט ווי וועסטו קענען צו־זעהן די סימנים, וואָס דער שפּאַן וועט מאכען אויף מיין קער־פּער? און מיין ליבּ איז דאָך אַזוי צאַרט און ריין, אַז דער מינדסטער דריק מאכט אַ סימן און דער קלענסטער פלעק בלייבט...“

און אַן עהרע האָט זי — אַן עהרע, וואָס יעדערער זוכט עס צו פערשוועכען. איהר עהרע מוז פערטיידיגט ווערען. אָבער זי אַליין איז צו שוואך, אום צו פערטיידיגען איהר עהרע, מוז איך, אַלס דער שטאַרקער, די דאָזיגע עהרע פערטיידיגען.

איך מוז איהר ריטער און איהר בעשיצער זיין!

איך זאָג צו איהר איינמאָל:

— מיין ליבסטע! די וועלט איז אַזוי שלעכט און ניט פער־גינעריש. קיינער פערגינט מיר ניט מיין גליק, וואָס איך פער־מאָג אַזאַ אוצר ווי דיך. און אַלע לויערן אויף דיין עהרע, און דיין עהרע איז שטענדיג אין געפאַהר, און איך מוז כסדר וואכען אויף דיין עהרע און פערטיידיגען זי נעגען אַלע אַנפאַלער ביז מיין לעצטען טראָפּען בלוט. הייסט דאָס, אַז איך וועל אַמאָל מוּ־זען פאַלען אין קאַמף פאַר דיין עהרע...

— געוויס! — ענטפערט זי מיט שטאָלץ און עהרענבע־וואוסטזיין. — דאָס איז די פליכט פון יעדען ריטער און בעשי־צער צו דער דאַמע פון זיין האַרץ.

— און איך וועל שטאַרבען פאַר דיין עהרע, — פּרוביר איך ווייטער רעדען און איך פיהל ווי די קניע ברעכען מיר זיך אונטער פון שרעק פאַר דעם איין געדאַנק וועגען טויט. — און דו וועסט נעביך בלייבען אַליין מיט דיין עהרע, אַליין מיט דיין עהרע אויף אַזאַ שלעכטער וועלט, וועלכע איז אויסגעשפּרייט מיט אַזוי פיעל געפאַהרען פאַר דיין עהרע... וואָס וועסטו דאַן טאָן, מיין ליבסטע? וואָס וועסטו טאָן אָהן אַ ריטער און אָהן אַ בעשיצער? ווער וועט פערטיידיגען דיין עהרע?

ניט זי מיר א גלעט איבער׳ן קאָפּ און נעהמט מיך טרייס־טען:

— האָב קיין מורא ניט, מיין ריטער! עס וועט זיך נאָך דיין טויט געפינען א מוטיגער ריטער, וואָס זאָל דעם ארויסגע־פאַלענעם שווערד פון דיין האַנט אויפהויבען און דיין פּלאַץ פערנעהמען צו פערטיידיגען ווייטער מיין עהרע... מיין עהרע וועט אַליין ניט בלייבען, אויב מיין קערפּער וועט נאָך גענוג יונג און פריש זיין. מעגסט רוהיג שטאַרבען!

עס נעהט מיר ווידער א שווידער איבער מיין ניט־צאַרטען לייב, דערמאַנענדיג זיך אַז דעם גורל, וואָס עס ערוואַרט מיך, אַלס ריטער. איך הויב אויף מיט שרעק די אויגען צו דער דאַמע פון מיין הארץ און שטעל איהר די ניט גאַר מוטיגע פראַגע:

— און וואָס וועט מיין בעלוינונג זיין?

און מיין געליבטע צינדט זיך אַז מיט א הייליגען צאָרן און שרייט אויס:

— וועניג גליק האָב איך דיר געגעבען? וועניג פערגעניגען האָב איך דיר פערשאַפט?

— יאָ, דאָס איז אמת! — גיב איך שרעקעדיג צו, — אָבער וואָס פאַר א בעלוינונג וועל איך האָבען נאָך מיין העלדישען טויט?

— איך וועל דיך אין מיין הארצען טראָגען... — זאָגט זי מיר צו.

— בעת דו וועסט אַז אנדער ריטער צום זעלבען הארצען דריקען? — וואָג איך צו פרעגען.

זי געפינט ניט פאַר נויטיג צו ענטפערן מיר אויף מיין פראַגע, און זי זאָגט מיר ווייטער צו גליקען נאָך מיין העלדישען טויט:

— איך וועל קומען אויף דיין קבר א קראַנץ בלומען צו לעגען...

— געארעמט מיט דיין נייעם ריטער? — וואג איך ווידער צו פרעגן.

דאס מאל ענטפערט זי מיר נאאיוו:

— נו, געווים, אין בעגלייטונג פון דעם נייעם ריטער מיין בעשיצער! קענסט דאך ניט ערווארטען, אז איך, א הילפלאזע, א שוואכע, זאל ריזיקירען מיט מיין עהרע צו געהן איינע אליין אויף א בית־עולם! איך מוז האבען א בעגלייטער... אימיצער קען דאך נאך בעפאלען מיך, און מיין עהרע וועט זיין קאפוט...

— א, דיין עהרע! — האק איך זי איבער.

— אדער איך קען נאך חלש'ן — זאגט זי ווייטער, — און עס מוז דאך אימיצער זיין, וואס זאל מיך אפמינטערן...

איך זעה שוין, אז איך וועל זיך שוין פון טויט ניט ארויס־דרעהען: אזוי איז שוין אפנים דאס שיקזאל פון אלע ריטער און בעשיצער!

— הייסט דאס, אז איך מוז שטארבען פאר דיר? מיין לע־בען אפגעבען פאר דיר? אפפערען זיך פאר דיר? — פרוביר איך פונדעסטוועגען פרעגען.

— געווים! — ענטפער איך שארף, — דיין פליכט איז צו אפפערן זיך פאר'ן גליק פון אנדערע. אויף דעם ביסטו א ריטער! יא, פאר'ן גליק פון אנדערע...

— וואס וועלען קומען נאך מיר, — ענדיג איך איהר פראזע, — און וועלען געניסען דיין ליבע...

— עגאאיסט! —ווארפט זי מיר פאר.

דער שרעק פאר'ן טויט איז אבער אין מיר אזוי שטארק, אז איך דערשרעק זיך ניט פאר איהר פארוואורף, און איך שריי אויס אין גרוים פערצווייפלונג:

— לאז מיך בעסער לעבען פאר דיר, איידער שטארבען פאר דיר!

זי גיט אויף מיר א טופע מיט איהר צארט פיסעלע און רופט זיך אן:

— אום צו בעווייזען דיין גרויס ליבע צו מיר, מוזטו שטארבען, ניט לעבען! אזוי האבען אלע ריטער פון אייביג אן געטאן, און דו קענסט קיין אויסנאהם ניט זיין. געדענקסט די מעשה מיט'ן רינג, וואס יענע דאמע האט געווארפען פאר די לייבען, אויפפאדערענדיג איהר ריטער, ער זאל איהר צוריק־ברענגען דעם רינג, כדי צו זעהן, אז ער האט זי באמת ליב?

— יא, איך געדענק — האב איך געענטפערט מיט א זיפץ, — אבער לעבעדיגערהייד קען מען דאך בעסער ארויס־ווייזען די ליבע, ווי טויטערהייד!

— פיינלינג! — האט זי אויף מיר א געשריי געטאן — האסט מיך ניט ליב! א ריטער דארף פאר זיין געליבטע שפרינגען אין פייער און אין וואסער... נאר מיט דיין טויט קענסטו דיין ליבע צו מיר בעווייזען!

אזוי פאדערט פון מיר מיין געליבטע...

* * *

און אז מיין געליעבטע האט דאס איבערגעלייענט, האט זי צוטוליענדיג זיך צו מיר, א זאג געטאן:

— מיין ליבסטער! ניט מיך האסטו דאך דאס געמיינט, נאר דאס פאטערלאנד...

11 אויגוסט, 1917.

# די עפּענטליכע מיינונג.

אזוי האָט זיך די עפּענטליכע מיינונג וועגען איהם ווע־ניג וואָס געקימערט, אפילו ווען זי פּלעגט איהם זעהן געהענדיג אין צוריסענע הויזען במחילה. צוריסענע הויזען! דאַרף מען נאָך ערגערס דערפון? אזאַ זאַך דאַרף דאָך געוויס שאָקירען די עפּענטליכע מיינונג, וועלכע איז בכלל און בפרט העכסט אָנ־שטענדיג און צניעות'דיג, און צוריסענע הויזען זינדיגען געוויס געגען די עלעמענטאַרסטע כללים פון אנשטענדיגקייט און צניעות... אָבער די עפּענטליכע מיינונג פּלעגט פערקוקען זיינע צוריסענע הויזען און גאַנץ רוהיג זיך געהן איהר וועג. קנאַפּ טרעמפּס זיינען דאָ אויף דער וועלט? און קען דען די עפּענטליכע מיינונג בעזאָרגען אַלעמען מיט גאַנצע הויזען?

אָבער איינמאָל, אין אַ בייזער שעה, האָט זיך איהם גע־דאַרפט טרעפען אַ פאַמיליען־אומגליק, אַ גרויסער בראַך, און די עפּענטליכע מיינונג איז אויפגעטרייסעלט געוואָרען און האָט איהם בעמערקט. צום ערשטען מאָל האָט די עפּענטליכע מיי־נונג ערפאַהרען, אז ער האָט אַ נאָמען — קאַסלוכים, לאָמיר זאָגען.

איז די עפּענטליכע מיינונג געקומען שאָקלען מיט'ן קאָפּ אויף קאַסלוכים'ס אומגליק און אויסדריקען איהם מיטגעפיהל און טרויער איין נאָמען פון דער גאַנצער מענשהייט. און אז דער אָרימער קאַסלוכים, פון נאָט און לייט פערגעסענער, האָט דער־

זעהען, אז די עפענטליכע מיינונג אינטערעסירט זיך מיט איהם און פיהלט איהם מיט זיין גרויסען בראך, איז ער גאר אזש לע־בעדיג געװארען, און זיינע פערװיינטע אויגען האבען גענומען פרעהליך גלאנצען. האט דאס די עפענטליכע מיינונג בעמערקט, האט זי דעם ארימען קאסלוכים פירגעהאלטען פאר'ן פרעהליכען גלאנץ אין די אויגען.

—עה, מיסטער! — האט זי גע'טענה'ט, — זיינט איהר דאך ניט ערנסט אין אייער טרויער! הייסט עס, אז איהר נעהמט ניט טיף צום הארצען אייער אומגליק... זייט פארזיכטיג, װארים די עפענטליכע מיינונג קען אייך נאך פערדאמען... א לייטישען מענשען, אז עס טרעפט אזא אומגליק, װערט ער װיים װי א טויב אין איין נאכט, און אייערע האר זאל דאס גאר אנהויבען צו אהרען!

— דאס אומגליק האט מיר טיף ביים הארצען אנ־געריהרט... — האט קאסלוכים װי געפרואװט פערענטפערן זיך.

— נו, ביים הארצען איז אויך אלראיט, — האט די עפענט־ליכע מיינונג גנעדיג בעמערקט, — אבער איהר מוזט אומבע־דינגט זעהן, אז אייערע האר זאלען אויך געריהרט װערען פון דעם אומגליק און — װיים װערען... דאן װעט די עפענטליכע מיינונג װיסען, אז איהר זיינט אן ערנסטער מענש.

— איך װעל זיך זעהן סטארען, — האט קאסלוכים געענט־פערט און טיף פערנייגט זיך פאר דער עפענטליכער מיינונג.

די עפענטליכע מיינונג איז אװעק צופרידען. אין עטליכע טעג ארום איז זי װידער געקומען געװאהר װערען דעם אומ־גליקליכען קאסלוכים.

— איהר זעהט גאנץ שעהן אויס אין פנים, — האט זי מיט אומצופרידענהייט בעמערקט.

— װאס קען איך העלפען? — האט זיך דער ארימער קאסלוכים פערענטפערט.

— אזא אומגליק איבערלעבען און אזוי שעהן אויסזעהן !— האט די עפענטליכע מיינונג זיך ווי געוואונדערט.

— נו, וואס זאל איך טאן ? — האט קאסלוכים נע'טענה'ט. — איהר מיינט, אז איך האב ניט דערפון קיין הארצ־וועהטאג ? וואס איך לעב איבער, און דער רוח נעהמט מיך גאר־ניט !

— ווייטער, אז איך וועל צו אייך קומען, זאלט איהר זעהן אויסצוזעהן חושך אין פנים ! — האט די עפענטליכע מיינונג געווארענט דעם ארימען קאסלוכים, — ס'איז ניט שעהן אויס־צוזעהן אין פנים אזוי שעהן נאך אזא גרויסען אומגליק...

— אבער גלויבט מיר, אז דאס הארץ טוט מיר אזוי וועה!— האט זיך קאסלוכים גענומען בעטען.

— ווער קען זעהן, וואס ביי אייך אין הארצען טוט זיך ?— האט די עפענטליכע מיינונג געזאגט. — מיר, די עפענטליכע מיינונג, קענען זיך ניט רעכענען מיט הערצער ; מיר אורטיי־לען נאך די פנימ'ער... דאס אויסערליכע איז פאר אונז אימער א מאסשטאב צו אורטיילען מענשען... מיר האבען אזא ווער־טעל : דאס פנים איז א מסור... געדענקט זשע, אז מיר זעהען נאר דאס אויסערליכע...

— און מיינע אויסערליך צוריסענע הויזען האט איהר וועך בעמערקט ? — האט קאסלוכים א פרעג געטאן.

— בע... מע... המ... מניא... — האט די עפענטליכע מיי־נונג גענומען שטאמלען, — מיר האבען אימער געמיינט, אז איהר בעלאנגט צו די סאנקילאטען... א פארטיי אזא, ווי איהר ווייסט מסתמא... א פרינציפ־זאך איז עפעס אנדערש. זעהט זשע, איהר זאלט ערגיץ גנב'ענען א פאר גאנצע הויזען, וועלען מיר שרעקליך אויפגערעגט זיין... אבער דאס האט ניט צום ענין. מיר רעדען איצט וועגען אייער אומגליק, זאגען מיר אייך, אז עס איז ניט שעהן פאר אייך אין אייער צושטאנד אויסצוזעהן אזוי שעהן אין פנים, און מיר פערהאפען, אז איהר וועט ווייטער זעהן

צופרידענצושטעלן די עפענטליכע מיינונג און אויסזעהן חושב'ער... און מיר האפען אויך, אז איהר וועט זעהן אטענדען אויך צו אייערע האר, זיי זאלען שטימען מיט אייער אומגליק.

מר. קאסלוכים איז געווארען זעהר גערירט פון דער אויפ־מערקזאמקייט, וואס די עפענטליכע מיינונג שענקט איהם, און פון דער גרויסער אינטערעסע, וואס זי נעהמט אין איהם, און ער האט ווידער אמאל בעשלאסען נאכצוקומען מיט אלע כוחות די פאדערונגען פון דער עפענטליכער מיינונג. ענדליך זיינען זיינע בעמיהונגען געקרוינט געווארען מיט ערפאלג. און זיינע האר האבען גענומען וויים ווערען און זיין פנים חושך ווערען, אזוי ווי עס פאסט פאר א מענשען, וואס איז געשטראפט געווארען פון דעם שיקזאל.

די עפענטליכע מיינונג האט מיט גרויס אינטערעס נאכגע־פאלגט די אויסערליכע ענדערונגען, וואס זיינען אין איהם פאר־געקומען, און איז געבליבען העכסט צופרידען.

— אט דאס איז א מענש! — האט די עפענטליכע מיינונג געזאגט, רייבענדיג די הענט פאר גרויס צופרידענהייט.

און די עפענטליכע מיינונג האט פאר גרויס מיטלייד מיט'ן ארימען קאסלוכים נאך מעהר גענומען שאקלען מיט'ן קאפ און טשמאקען מיט די ליפען, און אין איין שעהנעם אדער מיאוס'ען פריהמארגען האט זי עפענטליך ארויסגעטראגען איהר אורטייל:

— דער ארימער מיסטער קאסלוכים וועט זיין אומגליק ניט קענען איבערטראגען! ער וועט זיך נעהמען דאס לעבען! זעהט, וואס איז פון דעם מענשען געווארען!

און דער ארימער קאסלוכים, וואו ער איז געגאנגען און וואו ער איז געשטאנען, האט ער געהערט אלץ דעם טויט־אור־טייל פון דער עפענטליכער מיינונג:

— ער וועט זיך נעהמען דאס לעבען! א קלייניגקייט אזא אומגליק! ווי קען דאס גאר א מענש איבערלעבען?

— זאל איך טאקע בעגעהן זעלבסטמארד? — האט דער

אָרימער קאַסלוכים זיך געטראַכט אין זיין האַרצן, אָבער ער האָט דאָס ביי זיך ניט געקענט פּועל'ן.

און די עפּענטליכע מיינונג האָט איהם ניט אויפגעהערט צו פערפאָלגען און יעדעס מאָל, וואָס זי האָט איהם בעגעגענט, פלעגט זי פערוואונדערט פרעגען זיך אַליין אַזוי הויך, אַז דער אָרימער קאַסלוכים זאָל הערען:

— ער לעבט נאָך?... ער מוז זיין שטאַרקער פון אייזען...

אַז און אַז דער אָרימער קאַסלוכים פלעגט דאָס דערהער־רען, פלעגט ער זיך דערפיהלען מאָדנע אומבעקוועם, עפּעס ווי שולדיג געגען דער עפענטליכער מיינונג... טאַקע, ווי אַזוי לעבט ער דאָס נאָך? ניין, ער קען ניט איינרייסען מיט דער עפּענטלי־כער מיינונג! וואָס איז דאָס לעבען אין פערגלייך מיט אַ רעפּו־טאַציע? ניין, ער מוז אָנהאַלטען די רעפּוטאַציע פון אַ ליידענ־דען מענשען ביז צום סוף! ער מוז בלייבען אַ שעהנער מענש!

ער וועט זיך שיסען! אָבער וואו נעהמט מען געלט אויף אַ רעוואָלוועד? זאָל ער אפשר געהן בעטלען ביי דער עפּענטליכער מיינונג? נאָר, טראַכט ער זיך, צו אַזאַ מדרגה פון וואוילטעטיג־קייט און גוטהאַרציגקייט האָבען נאָך מענשען ניט דערגרייכט, אַז זיי זאָלען בעזאָרגען נויטליידענדע זעלבסטמאָרד־קאַנדידאַ־טען מיט רעוואָלווערן... נאָר ס'איז דאָ גענוג אומזיסטע זעלבסטמאָרדען, וואָס קאָסטען ניט קיין פּעני געלט, דהיינו פון אַ דאַך פון אַ הויכען הויז זיך אַרונטערוואַרפען... ניט אַלע מענ־שען קענען דאָך האָבען דאָס גליק צו בעגעהן זעלבסטמאָרד מיט אַ רעוואָלווער...

און דער אָרימער קאַסלוכים האָט בעשלאָסען איין מאָל פאַר אַלע מאָל יוצא צו זיין קעגען דער עפּענטליכער מיינונג, און ער האָט בעגאַנגען ענדליך זעלבסטמאָרד דורך אַרונטערוואַרפען זיך פון אַ דאַך.

די עפענטליכע מיינונג איז אין גרויסע מאַסען אָנגעקומען באַלד אויפ'ן פּלאַץ פון דעם עקסידענט, און האָט שאַקלענדיג מיט'ן קאָפּ מיט גרויס צופרידענהייט אויסגערופען:

— אָבער מיר האָבען געזאָגט, אז ער וועט דאָס אומגליק נים אריבערטראָגען... אָרימער קאַסלוכים, זאָל דיר די ערד גרינג זיין נאָך אזאַ שווערען לעבען!

# דאָס שטאַרקע געשלעכט.

דער געשלעכטס־בעוואוסטער מאַן האָט מיט שטאָלץ א קוס געטאָן אויף זיינע הויזען און האָט אַזוי געזאָגט צו זיין פרוי:

— אודאי זיינען מיר מענער דאָס שטארקע געשלעכט, און איהר פרויען — דאָס שוואכע געשלעכט.

מיר די העלדישע, מוטיגע מענער!

אַט האָט א לעבענס־פערזיכערונגס־קאָמפּאַניע פערעפענט־ליכט א סטאטיסטיק, וועלכע צייגט, אז די צאָהל זעלבסטמער־דער איז גרעסער צווישען מענער ווי צווישען פרויען. דאָס איז נאָך א בעווייז אויף אונזער שטארקייט, העלדישקייט, מוטיג־קייט און זעלבסטשטענדיגקייט.

חוה! ברעך מיר אויף די אייער... וואָס לאַכסטו אזוי? וואָס זאָגסטו? דו זאָגסט, א מאַן, וועלכער בעריהמט זיך מיט זיין גבורה, דארף אַליין האָבען כח אויפצוברעכען זיך א פּאָר ווייכע אייער?

אך, איהר הילפלאָזע בעשעפענישען! איהר פרויען זיינט דאָך אזוי הילפלאָז? וואָס וואָלט איהר אָהן אונז מענער גע־טאָן? נו, גענוג שוין צו רייצען זיך מיט מיר, חוה! ברעך אויף די אייער! דו ברעכסט אויף צי ניט, דו הילפלאָז בעשעפעניש? אַלראַיט, איך וועל עס היינטיגס מאָל אַליין טאָן, דו זאָלסט זעהן, וואָס מיר מענער זיינען... אך, צו אַלדי שווארצע יאָהר! דאָס איי האָט זיך פערגאָסען אויפ'ן טישטוך... וואָס האָב איך דיר

נעזאנט, חוה? אז דאס איז פּאַרט ניט קיין מאַנסבילישע אַר־בייט... ווען דו אָבער עפענסט די אייער, וואָלט דאָס טישטוך געבליבען ריין... אַך, ווייבער! ווייבער! איהר הילפלאָזע בע־שעפענישען... איהר זיינט דאָך הילפלאָז אָהן אַ מאַן!

דו ווייסט, חוה, איך האָב בעגעגענט היינט אין גאַס שלו־מיאלן. אַ תל איז פון איהם געוואָרען זינט זיין ווייב איז אַוועק פון איהם... ער קען, זאָגט ער, קיין כּאַר וועש זיך ניט געפינען אָהן איהר. היינט דאָ פעהלט אַ קנעפּעל און דאָרט איז צוריסען, און ס'איז ניטאָ, ווער עס זאָל דאָס אַלעס צו רעכט מאַכען... ער האָט די גאַנצע צייט קיין וואַנע זיך ניט גענומען, ווייל ס'איז ניטאָ, ווער עס זאָל איהם אָנגיסען וואַסער אין וואַנע. היינט האָט ער זיך קאַליע געמאַכט דעם מאָגען פון עסען אין די רעס־טאָראַנען. היינט איז ניטאָ, ווער עס זאָל איהם אויפוועקען אינ־דערפריה צו דער ארבייט... וואָס לאַכסטו? אודאי זיינען מיר מענער שטאַרק און זעלבסטשטענדיג! וואָס קענט איהר פרויען טאָן אָהן אונז מענער? איהר זיינט דאָך אַזוי שוואַך און הילפ־לאָז, אַז עס איז ממש אַ גאָט'ס רחמנות אויף אייך! דערלאַנג מיר אַ גלאָז טיי, חוה!

גוט! קוועטש מיר אריין דעם לעמאָן... לעג אריין צוקער... מיש אוים... אָט אַזוי! ניין, טרינקען וועל איך שוין אַליין...

אַך, מיר די העלדישע, מוטיגע, שטאַרקע און זעלבסטשטענ־דיגע מענער! ווי קומט איהר זיך צו גלייכען צו אונז מענער? מיר זיינען דאָך עפּעס דאָס שטאַרקע געשלעכט! און איהר וואָס? גיב נאָר אַ קוק: הויט און ביינער ביסטו דאָך... דו זאָגסט, איך האָב אויפגעגעסען דאָס פלייש? ניין, איהר זיינט מאַקע פון דער נאַטור שוואַכע, הילפלאָזע בעשעפענישען...

הההההאַאַך! עס שלעפערט זיך מיר... מען דאַרף מאַקע געהן שלאָפען. הערסט, חוה? זאָלסט מיך היינטיגע נאַכט ניט וועקען, ווען דאָס קינד וועט שרייען. איך האָב קיין כח ניט. דו זאָגסט, אַז עס איז שוין די דריטע נאַכט, ווי דו שלאָפסט ניט

איבער'ן קינד ? אבער איך האב קיין כח ניט... יא, ס'איז טאקע אמת, אז איך בעלאנג צום שטארקען געשלעכט, און דו צום שוואכען... געה טענה זיך אוים מיט דער נאטור, וואס זי האט אייך בעשאפען שוואכער ווי די מענער ! איך בין ניט שולדיג, וואס איך בעלאנג צום שטארקען געשלעכט, און איך מוז שלאפען אכט שטונדען. איהר פרויען קענט אלעם אריבערטראגען טראץ אייער שוואכקייט. איך האב געלייענט אן ארטיקעל פון א דאקטאר וועגען דעם. היינט האסטו געלייענט, אז עס איז דא אויף דער וועלט מעהר אלמנות ווי אלמן'ס ? דאס בעווייזט, אז מיר מענער שטארבען פריהער ווי איהר פרויען, אז מיר געהען אזוי אוים פון צופיעל שטארקייט...

אה, חוה, איך בין אזוי מיד ! רוק זיך צו צו מיר און לאז מיר אנשפארען מיין מידען קאפ אויף דיין ברוסט... אט אזוי... ס'איז צו שווער פאר דיר, זאגסטו ? הויב זיך אן מיט'ן שוואבען געשלעכט : נאר עפעס האבען זיי קיין כח ניט ! עך, ווייבער ! גיב א קוק אויף אונז ! זעהסט מוסקלען ? אהא, מיר דאס שטארקע געשלעכט !

טו מיר אוים די שיך, חוה ! מיר איז שווער זיך איינצובויגען... עך, איהר הילפלאזע, שוואכע בעשעפענישען !

דו מוזט מיך אפהיטען, חוה, צוזעהן מיך, געבען מיר וואוילטאג און מיר מאכען זים דאס לעבען... אויב ניט, קען איך נאך בעגעהן זעלבסטמארד... האסט געלייענט די סטאטיסטיק, אז די צאהל זעלבסטמערדער איז גרעסער צווישען מענער ווי צווישען פרויען ? זעה היט זיך ! ווארים, ווען איך בעגעה זעלבסטמארד. וועסטו דאך בלייבען אזוי הילפלאז...

# ווי שרייבער זוכען טעמעס.

(א בריוועלע פון דער קאָונטרי).

אויב איהר ווייסט ניט, ליבע לעזער, זאָלט איהר דאָס וויסען, אז א שרייבער פאָהרט אין קאָונטרי ניט צו ערהוילען זיך און ניט אנצוקלייבען געזונד, נאָר אנצוקלייבען „שטאָף", טעמעס הייסט עס.

א טעמע איז ביי א שרייבער דער גאנצער צוועק פון זיין לעבען. צוליב א טעמע איז ביי איהם רעכט אפילו חתונה צו האָבען, כדי ער זאָל קענען שרייבען וועגען די צרות און נחת פון פאמיליען־לעבען. די גאנצע וועלט איז פאַר איהם איין טעמע, פון די הימלען און אלע זייערע הערשאַפטען ביז צו דער ערד און אלעס, וואָס ווידמעט זיך און פרוכפערט זיך אויף איהר. אלצדינג איז פאָר איהם א טעמע.

וואָס דאַרפט איהר מעהר, ליבע לעזער? נעהמט אזא זאך ווי קושען זיך מיט א מיידעל... אייך האָט זיך מסתמא געמאכט אין אייער לעבען אזא געלעגענהייט? שעמט זיך ניט! ווערט ניט רויט אין פנים! און צוליב וואָס האָט איהר זיך געקושט? פשוט, ווייל איהר האָט געוואָלט פערגעניגען האָבען. א שרייבער אבער קען זיך דעם לוקסוס ניט פערגינען. ווען ער קושט א מיידעל, איז עס צוליב דער ביטערער פרנסה נעביך, אָדער צוליב דער קונסט, כדי איבערצוגעבען דערנאך פאַר די לעזער דעם טעם פון קושען א מיידעל, קינסטלעריש פעראייביגען דעם קוש.

און אז איך האלט שוין אין אויסזאָגען סודות פון דער פראַ־

פעסיע, וועל איך אייך דערצעהלען א מעשה מיט א שרייבער, וואס די ווייב האט איהם געכאפּט קושענדיג זיך מיט אן אנדער פרוי. האט די שרייבערקע מסתמא פערגעסען, אז זי איז א שרייבער'ס א ווייב, און האט געמאכט גוואלדען, ווי א פּראסטען בשר ודם'ס ווייב. „סטייטש?" האט זי גע'טענה'ט, „אט אזוי געטריי ביסטו דאס מיר, אז דו קושט גאר א פרעמדע פרוי?" אבער אונזער שרייבער האט זיך ניט פערלארען און האט זיך אנגערופען צו זיין ווייב: „א פרעמדע פרוי זאגסטו? אט דאס איז ביי דיר א פרוי? דאס איז דאך א טעמע!" אפּגעזאגט, און ער האט זיך געוואלט נעהמען ווידער צו דער טעמע, אבער די טעמע איז שוין ניט געווען. איז דער שרייבער ארויפגעפאלען מיט קולות אויף זיין ווייב: „גוואלד, גזלנ'טע! איבער דיר איז דאך מיין טעמע אנטלאפען! גיב מיר אן אנדער טעמע!" זאגט זי: „נעהם מיך!" זאגט ער: „אה, דו ביסט אן אלטע טעמע, און דער רעדאקטאר האט מיר אנגעזאגט, אז איך זאל זיך נעהמען צו נייע טעמעס."

איך דערצעהל דאס אייך אלץ, ליבע לעזער, כדי איהר זאלט פערשטעהן די וויכטיגקייט פון א טעמע פאר א שרייבער, און איהר זאלט ניט זאגען: „אה, וואס פעהלט איהם, דעם שרייבער? ער זיצט זיך אין קאונטרי און האט פּלעזשור, און מיר, די ארימע לעזער, דארפען נעביך זיצען און שוויצען אין שטאט און לייענען די פּייפּערס!" זאלט איהר וויסען, אז ניט פאר פּלעזשור פאהרט דער שרייבער אין קאונטרי אריין, נאר פאר טעמעס, און אויב איהר זייט נאך א מיידעל, ליבע לעזער, און איהר האט ברעה חתונה צו האבען פאר א שרייבער, זאלט איהר ניט שטערען איהם צו זוכען א פרישע טעמע. איהר ווייסט דאך שוין, וועלכע טעמע איך מיין? אט די וואס מיט די צוויי אויגען, שווארצע ווי קויהל א. אז. וו. איהר מעגט זיך אויך האבען צוויי שווארצע אויגען, אבער אייערע אויגען וועלען דאך שוין זיין אויסגעקוקטע, שוין עטוואס אהן א גלאנץ.

הכלל, איך בין אין קאונטרי שוין צוויי טעג, און פאר די צוויי טעג האב איך שוין צוויי באַרדינג־הייזער געביטען. וואס איז די מעשה? דאס עסען געווען ניט גוט, אדער עפּעס אנ־דערש? ניין! אַלץ צוליב די פערפלוכטע טעמעס!

אז איך בין אַנגעקומען אין דעם ערשטען זומער־פּלאַץ, האט מיר דער פאַרמער פערזיכערט, אז איך וועל האבען ביי איהם „פּלענטי שטאַף“. ער האט, זאגט ער, היי־יאַהר באַרדערס און באַרדערקעס, וואס עס איז זיי א מצוה צו בעשרייבען.

— אַט, צום ביישפּיל, — האט ער צו מיר געזאגט, — איהר זעהט דאַרטען א פאַרפאַלק? זיינען זיי פּאַראַיאַהרען אויך געווען ביי מיר. האבען זיי זיך געהאַלטען אין איין קריגען זיך. אַבער זי האט זיך מיט איהם אזוי לאַנג געקריעגט, ביז זי איז הייזעריג געווארען. היי־יאַהר זיינען זיי אויך געקומען צו מיר, אבער זי איז הייזעריג ווי די וואַנט, און די דאַקטוירים האבען איהר פערבאטען צו רעדען. זיצט ער נעביך און שווייגט אין גע־האקטע צרות. ער גיט איהר סטאַק, און זי מוז שווייגען...

— האט איהר עפּעס בעסערע טעמעס? — האק איך איהם איבער.

— שא, — רופט ער זיך אַן, — אַט געהט דאַרטען א מיי־דעל, זעהט איהר?

איך קוק זיך צו צו דער מיידעל, אויף ווי ווייט מיין אויג קען זי כאַפּען, און זאג אזוי ווי פאר זיך: „נישקשה פון א טע־מע...“

— און ווי געפעלט אייך מיין נייער דזשאַק? — האקט ער מיר איבער דער פאַרמער פון מיין בעאבאכטונג.

— וואס פאר א דזשאַק? — פרעג איך.

— עס איז שוין איין מאַל א דזשאַק! זאגט ער. — איהר מעגט דאס אריינשרייבען... איהר ווייסט דאך די צוויי גלעקער, וואס רופען צום עסען? איינס א קליין גלעקעל פאר די קינדער און דאס צווייטע גלעקעל א גרעסערם פאר די גרויסע.

זאג איך: דאס קליינע גלעקעל רופט די קעלבער און דאס גרויסע — די אקסען מיט די בהמות. א פיינער דזשאק, הא? כאטש א פארמער, קען איך אויך זאגן א דזשאק. באשר איהר ווילט ניט לאכען! איך וויים, אז א שרייבער גלייכט נאר צו לאכען פון זיינע אייגענע דזשאקס.

בקיצור איך האב גערעכענט שוין צו פערבלייבען ביי איהם, ערשט עס געהט צו מיר שפעטער צו א בארדער, און צווישען אונז ביידען קומט פאר אזא דיאלאג:

ע ר: געקומען אהער קלייבען געזונד?

א י ך: ניין, קלייבען שטאף צום שרייבען. און איהר, ערהוילען זיך?

ע ר: ניין, מאכען א פאוקער.

א י ך: וועל איך דא עפעס קענען מאכען ביזנעס?

ע ר: איך וויים ניט, צי איהר וועט דא גוט אויסמאכען.

דער פלאץ, יו נאו, איז שוין אן אויסגעיוזטער: ערשט לעצטע וואך איז פון דאנען אוועקגעפאהרען א שרייבער און האט די גאנצע טעמעס מיט זיך אוועקגעשלעפט. צוויי וואכען דא געוועזען און האט געהאלטען אין איין אינטערוויוען יעדען בארדער, יעדע בארדערקע, יעדען פערד, יעדע בהמה און וועמען ניט: פון איטליכען האט ער געקליבען שטאף. גלויב איך קוים, אויב עס איז עפעס פאר אייך איבערגעבליבען.

אלזא, בין איך אוועק אין אן אנדער זומער־פלאץ, אבער דארטען האב איך שוין געטראפען א שרייבער קלייבענדיג יאגעדעס, מיידלעך און טעמעס. קריכען אויף יענעם'ס פלאץ וויל איך ניט, און איך בין אוועק אין אן אנדער בארדינג־הויז, און, — מיינע ליבע לעזער, איהר זאלט וועלען וויסען, אז איך שלאף קיין נעכט ניט, אלץ צוליב אייך. די טעמעס ווילען ניט וויסען, אז זיי זיינען אין קאונטרי, און מען דארף זיך לענען פריה און אויפשטעהן גלייך מיט דער זון. זיי לענען זיך דא זעהר

שפעט שלאפען די טעמעס, ווייל עס איז דא טענץ און אנדערע אמיוזעמענטס, גאר פונקט ווי אין שטאט. און די וואס מאכען א קערטעל, קענען דאך געווים ניט געהן שלאפען פריהער ווי דריי פארטאג. און איך מוז ווארטען ביז אלע טעמעס צוגעהען זיך שלאפען, און ערשט דאן געה איך אליין שלאפען.

אט אזוי געביך הארעוועט מען, ליבע לעזער, אין דער קאונטרי!

# אויפ'ן הויכען בארג, אויפ'ן גרינעם גראז...

**(קעטסקיליאדע).**

אויפ'ן הויכען בארג, אויפ'ן גרינעם גראז — אוי, מאמע־לעך, וואס דארטען האט זיך צוטאן!

ווי נאך א שלאכט זעהט דארטען אויס. איך זעה וואלגע־רענדיג זיך סואווענירס, וואס זיגערס און בעזיגטע האבען גע־ווארפען אין דעם ברען פון דער אטאקע אדער ריקצוג.

איך זעה א האר־שפילקע וואלגערענדיג זיך אויף א שטיין, וועלכער איז איינגעפאסט אין גראז. אין שטאט א האר־שפיל־קע, וואס וואלגערט זיך אין גאס, וועט אייער אויפמערקזאמ־קייט ניט ציהען. אבער דא אין קאנטרי, אויפ'ן שויס פון דער נאטור, ווייט פון מואווינג פיקטשורס און ציוויליזאציע, איז א האר־שפילקע פאר אייך אן אאזיס אין דער וויסטע, ווי מען רופט עס.

איהר מוזט ניט ווילענדיג אויפהויבען די שפילקע און פער־טראכטען זיך... און טראכטענדיג אזוי קריכען אייך פערשיידע־נע געדאנקען אין קאפ, סיידען איהר זייט חלילה פון די מענ־שען, וואס טראכטען אהן געדאנקען. און פונקט ווי האמלעט איבער'ן שארבען, אזוי שטעהט איהר און פילאזאפירט איבער דער שפילקע: אין וועמעס שעהנעם קאפ האר האט זי געשטעקט די שפילקע? וואס פאר אן אקסלען האבען דעם קאפ געטראגען? וואס פאר אן ארעמס האבען זיך ארונטערגעלאזען פון די אקס־

לען? וועמעס האלז האבען די אָרעמס ארומגענומען? און פאר־
וואס איז יענער גליקליכער האלז ניט געווען אייערער?

אט אזעלכע פילאָזאָפישע געדאנקען דריקט איהר אויס, איהר דער מאדערנער האמלעט! און פילאָזאָפירענדיג אזוי, נעה־מען אייך די געדאנקען ווייזען מואווינג פיקטשורס פון א קאנט־רי־ראמאן, וואס געדרויערט ניט לעננער ווי דאס לעבען פון א שמעטערלינג. און וואס ווייטער ווערט איהר אלץ סענטימענ־טאלער און סענטימענטאלער און אנגעפילט מיט ליבע און מיט־לייד צום גאנצען שוואכען געשלעכט, צו די אלע אפעליעס און איהר וואלט מיט זיי אלעמען וועלען חתונה האבען, אז זיי זא־לען מעהר ניט דארפען פאהרען אין קאנטרי צו טרייען זייער מזל.

און איהר גיט נאך אמאל א קוק אויף דער האר־שפילקע, מיסטער האמלעט, און איהר טראכט ווייטער: וואו איז זי איצט די אפעליע, וועלכע האט די האר־שפילקע געטראגען אין איהר קאפ? זי זיצט אודאי אין שאפ און בעריהמט זיך פאר איהר חבר'טע מיט'ן „גוד טאים“, וואס זי האט געהאט אין קאנטרי, וועגען די אויטאמאביל־ראידס און וועגען דעם באי און וועגען יענעם באי... און איבערהויפט איז געווען איין באי — איי, א באי! א לעבעדיגער אזא! א דאל! (אודאי אט דער באי, איבער וועמען זי האט די האר־שפילקע פערלארען!) און נאך איהר התפעלות פון יענעם באי, „די דאל“, מיינט איהר חבר'טע, אז זי דארף שוין איהר מקנא זיין און זי פרעגט, אויב ער האט שוין „פראפאוזד“. אפעליע — לאמיר זי אזוי רופען — פערטראכט זיך און זאגט קאפריזנע: „איך בין נאך יונג! איך האב נאך צייט! איך וויל נאך האבען א גוד טאים, אויסלעדיגען די פאקעטס ביי די באיעס!“ די חבר'טע, וועלכע איז עלטער פון איהר און ערפאהרענער, וויל איהר דערצעהלען וואס באיעס זיינען, אז זי האט שוין גענוג געקאנטרעוועט אויף איהר לעבען

און אויך גענוטיימעוועט, און איצט וואס ?... און אפעליע צו־לאכט זיך הויך אויפ'ן קול און גיט א זאג : „אי דאנ'ט קער !"

נאר איך פערשטעה גלאט ניט, וואס'ט איהר זיך אריינגענומען אין קאפ, אז די וואס האט פערלארען די האר־שפילקע, וואס איהר האלט איצט אין האנט, איז אן אפעליע, א יונגע און א שעהנע און זי „קערט" נאר פאר א טריט און פאר א גוד טאים ? ווייסט איהר ניט, אז אין קאנטרי זיינען באיעס ניט קיין איבערקלייבער, און דארום קען טאקע זיין, אז יענע מיידעל, פון וועלכער איהר טרוימט איצט מיט דער האר־שפילקע אין האנט, איז ניט קיין יונגע און ניט קיין שעהנע און האט דוקא יא ארויסגעקוקט, אז ד ע ר באי אדער אן אנדער באי זאל איהר „פראפאוזען", און אז זי איז געקומען אהיים פון קאנטרי, האט איהר מאמע זי געפרעגט : „נו, מיין טאכטער, עס האט זיך עפעס געמאכט ?" און דערהערענדיג פון דער טאכטער, אז ניין, האט די מאמע זיך אפגערופען : „טו וואס איז דער יוז צו פאהרען אין קאנטרי און צו ספענדען אומזיסט געלט ?" און אז די טאכטער זאגט איהר : „איך האב אבער געהאט א גוד טאים !" זאגט די מאמע, אז א גוד טאים איז גוט פאר א באי, אבער ניט פאר א מיידעל. און איהר טראכט זיך : „נארישע מאמע ! ווי קען אבער האבען א באי א גוד טאים אהן א מיידעל ?"

און איהר ווערט צוריק סענטימענטאל און אש להבה אויף די באיעס און פאר כעס ווערט איהר א פאעט און נעהמט זינגען :

אויפ'ן הויכען בארג,
אויפ'ן גרינעם גראז
שטעהען א פאר באיעס
געמארענירט אין סלאיעס...

(ב ע מ ע ר ק ו נ ג. אן איינפאל פון א פארמער ! געכאפט א פאר באיעס און אריינגעפאקט זיי אין סלאיעס, אום צוצוציי־

העז דעם מיידעלשען טרייד, ווארים איהר ווייסט דאך, אז אנ־דערע פארמס זיינען ממש באיעסלאז. איצט זינגען מיר ווייטער:)

פאלשע מענער זיינען זיי,
קורצע זכרונ׳ס האבען זיי,
קיין וואהר ווארט פערמאגען זיי.
פיינען אין די טאשען...
גלייכען נאר צו נאשען...

און איהר ווערט נאך מעהר אין כעס און שפרינגט אראפ פון די בערג אין טאל אריין, און איהר לאזט זיך געהן מיט׳ן וועג, איבער וועלכען די אויטאמאבילס לויפען, און איהר ווילט זיי אפשטעלען און פרעגען: ווענען יאגען זיי? און וואס איז גלאט דאס איילען זיך? מילא אין שטאט, אז זיי איילען זיך, איז ווילען זיי וואס מעהר מענשען איבערפאהרען, אבער אין קאנטרי, וויפיעל, מישטיינס געזאגט, קענען זיי איבערפאהרען? און נאך א זאך: מילא, פערד לויפען, זיינען זיי דאך פערד, אבער אויטאמאבילס?

נאר מילא. איהר דארפט דען א וועלט פערזארגען? זיי ווילען לויפען, זאלען זיי! געהט איהר אייך אייער וועג און שטויסט זיך אן אן א „קעפ“. און איהר הייבט אויף די „קעפ“, און אייך פאלט איין, אז דאס איז אפשר געוועזען די איינציגע „קעפ“, וועלכע האט פערדרעהט אלע מיידעלשע קעפ אין דער קאנטרי און וועלכע יעדע מיידעל האט אויף איהר קאפ געוואלט אנטאן?

און צו בעשטעטיגען אייער געדאנק פליהט פארביי אייך דורך אן אויטאמאביל מיט איין באי און פינף מיידלעך אנגע־האנגען אויף איהם. און איהר ווערט „דזשעלעס“, וואס דער באי האט אזוי פיעל אנהענגערינס, און איהר זייט נעבעך אליין! און די מיידלעך שטעלען אייך נאך אויס ציינגער, לאכען

פון אייך, וואס איהר זייט אזא יאלד, און די גאנצע שפע ליבע ווערט אויסגעגאסען אויף איין באי און אויף אייך פאלט אפילו קיין טראפען ניט.

זיי לאכען פון אייך, די מיידלעך, רייצען זיך מיט אייך, איהר איינזאמער פוסגעהער! ווען איהר ווייטער אויף זיי רחמנות האבען?

# די פיער צייטען פון יאָהר.

איך בין געזעסען אין פארק און האב געקוקט אויף א פאר געלע בלעטער (טאקע אמת'ע, נאטירליכע בלעטער, ניט קיין געפייקטע צייטונגס־בלעטער), וואס האבען זיך געוואלגערט אויף דר'ערד, און איך רוף זיך אן צו מיין מיטזיצער, א ווילד־פרעמדער איד:

— דער ליבער זומער געהט שוין אוועק!

— אויף כפרות דארפט איהר איהם, — ענטפערט דער איד פעסימיסטיש.

— וואס זייט איהר אויף איהם אין כעס? — נעהם איך זיך אן די קריוודע פון דעם ליבען זומער, — איז דער ווינטער דען בעסער?

— נו, קענט איהר ביי מיר פועל'ן, עס זאל קיין ווינטער אויך ניט זיין — ענטפערט דער איד גאנץ קאלט, אזוי קאלט, אז איך האב געמיינט, דער ווינטער איז אנגעקומען.

— נו, און פריהלינג און הערבסט? — בין איך שוין ווייטער טשיקאווע.

— אויך זיי מעגען געהן צום טייוועל! — ענטפערט דער איד מיט א זיכערקייט.

— ווי הייסט? — פרעג איך — זאל זיין א יאהר אהן די בעשטימטע פיער צייטען?

ער האט זיך אויפגעשטעלט און א הויב געטאן די האנט,

און איך האָב דערזעהן, אז ער וויל האַלטען דאָ א גאַנצען „ספּיטש“ פאַר מיר. האָב איך זיך אויך אויפגעהויבען, און ער האָט דערזעהן, אז איך האָב ברעה אוועקצוגעהן, האָט ער מיך אַנגעכאַפּט פאַר'ן לאַץ און גענומען רעדען:

— איהר פרעגט, ליבער פריינד, ווי קען דאָס זיין א יאָהר אָהן די בעשטימטע פיער צייטען? ווער דאַרף זיי, פרעג איך אייך? איהר זאָגט, פאַטען דאַרפען זיי האָבען, כדי די פּאָעזיע זאָל ניט אויסקומען מאָנאָטאָן? איך זאָג אָבער, אז מיר פּראַ־זאאיקער זיינען ניט מחויב צו ליידען קעלט און היץ און אַלע אַנדערע שלעק צוליעב א געלונגען לידעל וועגען פריהלינג, זו־מער, הערבסט אָדער ווינטער. זאָל זיין אַן איינפאַך יאָהר, אָהן קונצען, אָהן גרינע בלעטער, אָבער אויך אָהן געלע, וועט זיין טאַקע אויך פערשפּאָרט פאַר די פּאָעטען אַפריהער צו בעזינגען די גרינע בלעטער און דערנאָך צו בעקלאָגען די געלע בלעטער און, אגב, זיך אויך דערמאָנען אָן דעם מענשליכען לעבען... זאָל זיין אַזוי א יאָהר... א צייטלאָזער... א סעזאָנלאָזער... וועלען קלאָוקמאַכער ניט זיין אָפּהענגיג פון סעזאָן...

— ענטשולדיגט פאַר א פּערזענליכע פראַגע! — האָב איך איהם איבערגעהאַקט — זייט איהר א קלאָוקמאַכער?

— ניין. — האָט ער געענטפערט, — „אַן אַנדער מאַכער... וואָס מאַכט אייך אוים? ניט קיין מאַכער אין וואָל־סטריט, נאָר איך מאַך אַזוי מיט די זייטען. פאַר מיין טרייד, פערשטעהט איהר מיך, דאַרף איך האָבען דעם ווינטער, פאַר מיין געזונד — דעם זומער... דער פריהלינג און דער הערבסט זיינען מיר ניט אָהין און ניט אַהער, גלאַט דאַרמאָיעדניקעס... היינט ווי טו איך? דערפאַר זאָג איך טאַקע, אז מען דאַרף אָפּשאַפען די סעזאָנען, און עס זאָל זיך ציהען אַזוי א יאָהר כסדר, מיט אַרבייט און מיט געזונט. פיעלע וועלען מיט מיר מסכים זיין. איהר קוקט מיך אָן ווי א משוגע'נעם? עס איז געגען דער נאַטור, זאָגט איהר? גאָר א נייעס! די נאַטור אַליין געהט דערצו. זעהען מיר דען ניט,

ווי דער ווינטער מופט אריין אזש אין יוני און דער זומער אין יאנואר? יא, מען קען מאכען עפעם א מין קאמבינאציע פון אלע פיער צייטען! סיידען דער איידטראסט און דער קיהלעך טראסט וועלען נים דערלאזען!

אזוי ווי איך האב איהם אויף דעם נארנישט געענטפערט, און ער האט שוין מעהר נים געהאט וואס צו זאגען, האב איך שוין אויך מעהר נים וואס צו שרייבען. ענדע.

# די ליבע זאָל לעבען!

די ליבע זאָל לעבען! ניט די ליבע פון מענש צו מענש: יענע איז אין אונזערע טעג, פאַר אונזערע אויגען אין די טרענ־טשעס בעגראָבען געוואָרען, נאָר די ליבע פון געשלעכט צו גע־שלעכט, וועלכע איז אַזוי שטאַרק בעזונגען געוואָרען אין שיר־השירים; די ליבע, וואָס איז שטאַרק ווי דער טויט, ברענט פלאַם־פייער, וואָס די גרעסטע וואַסערען קענען זי ניט איינלע־שען, און טייכען קענען זי ניט אָראָפּשווענקען.

איך ווייס: איהר וועט מיר ברענגען ציטאַטען פון קהלת, צו מאַכען אַ תל פון מיין אמונה אין דער ליבע. איהר וועט מיר זאָגען גם זה הבל, אַז אויך די ליבע פון מאַן צו פרוי איז נאַרישקייטען; איהר וועט מיר ברענגען ביישפּילען פון ענט־טוישטע פון ליבע, אָפּגענאַרטע און פערפיהרטע. איהר וועט מיר זאָגען: אויב די ליבע פון מענש צו מענש איז בעגראָבען געוואָרען אין די טרענטשעס, איז די ליבע פון געשלעכט צו גע־שלעכט בעגראָבען געוואָרען אין דעם פאַמיליען־לעבען, אונטער אַ באַרג פון בייבי־קערידזשעס, טעפּלעך און קוימינגע וועש.

איך ווייס אַלע אייערע טענות געגען דער ליבע פון גע־שלעכט צו געשלעכט, און דאָך שריי איך אויס פון דער טיפע־ניש פון מיין הארצען: די ליבע זאָל לעבען!

זעהט נאָר, ווי שוואַך קינסטלעריש איז קהלת אין פער־גלייך מיט שיר השירים, און ווער האָט דאָס אַזוי שטאַרק גע־מאַכט שיר השירים? די ליבע!

און מעהר רעד איך מיט אייך ניט, סקעפטיקער, וועלכע ווילען ביים מענשען אוועקרויבען די איינציגע מתנה, וואס ער האט — די ליבע. מעהר רעד איך מיט אייך ניט. איך וועל בעסער רעדען מיט מיין ליבער פרוי.

— מיין ליבע פרוי — זאג איך — די ליבע זאל לעבען!

אבער מיין ליבע פרוי ענטפערט מיר ניט דאס מאל אויף מיין אויסגעשריי מיט א פאל אויפ'ן האלז און מיט א קוש אין די ליפען, ווי זי פלעגט אימער טאן. איך זעה זי איז עפעס ערנסט. זעהר ערנסט.

— וואס איז דער מער? — פרעג איך זי — ליבסטו מיך שוין מעהר ניט?

— וועמען איז אין קאפ איצט ליבע? — ענטפערט זי — אזעלכע שווערע צייטען! זעהסט דען ניט, וואס אויף דער וועלט טוט זיך? זעהסט דען ניט, וואס ארום אונז טוט זיך? דאס פייער האט אויך אונז דערגרייכט, און אויך מיר וועלען פערצעהרט ווערען פון איהם... ווער קען גאר אין אזא צייט רעדען פון ליבע?

— דוקא אין אזא צייט רעדען פון ליבע! — רוף איך זיך אפ, און מיין ליבע פרוי קוקט מיך אן.

— דו ווייסט דאך, מיין ליבע פרוי, — ערקלער איך איהר, — אז איצט דארף מען זיך זעהר אפהיטען מיט'ן רע־דען צוליב דער מלחמה, אז טויזענטער פאטריאטישע אויערען וואטשען אלעס וואס מען רעדט, און אז אפילו ווענען וועטער טאר מען, דאכט זיך, ניט רעדען, ווייל דאס וועטער שפּילט א ראליע אין די קריעגס־אפעראציעס און אין די שיפען־בעוועגונגען. ווענען יקרות איז דאך אפגערעדט, אז מען טאר ניט רעדען, ווייל דער שונא קען דאך נאך דערהערען און פרעהען זיך מיט אונזערע צרות. און יקרות, ווייסטו דאך, מיין טייערע, איז א וויכטיגע טעמע אין דעם פאמיליען־לעבען... איז געבליבען נאר איין כשר'ע טעמע ווענען וואס צו רעדען, און דאס איז די ליבע,

און וואויל איז איצט דעם, וועלכער ליבט און ווערט געליבט, האָט ער כאָטש וועגען וואָס צו רעדען!

— מיין ליבע פרוי! — האָב איך צו איהר ווייטער גע־רעדט — אַט פּאַהרסטו באַלד אוועק אין קאַנטרי, און איך וועל צו דיר דאַרפען שרייבען בריף. ווער ווייסט? אפשר וועט נאָך א צענזאָר עפענען די בריף? דאַרף מען זיין זעהר געהיט וועגען די טעמעס, און עס בלייבט איבער נאָר איין־איינציגע כשר'ע טעמע, וועלכער דער צענזאָר וועט דורכלאָזען — און דאָס איז די ליבע! די ליבע, ווייסטו דאָך, טייערע, האָט אימער גענאָ־סען פרייהייט אפילו אין די דעספּאָטישסטע לענדער, אפילו אונ־טער ניקאָלאַי'ס פינסטערער ממשלה... נו, וועל איך דיר שריי־בען ליבעס־בריף... איך וועל פון דאָס ניי זיך ערקלערען דיר אין ליבע און שיקען דיר טויזענטער קושען, וועלכע וועלען האָ־פענטליך פון דער צענזור ניט פערהאַלטען ווערען. איך פערהאָף, מיין טייערע, אַז דו וועסט זיין א גוטער רעדאַקטאָר, און די אַלע ליבע־בריף מיינע אָפּדרוקען אָהן שום מורא אויף דיין גו־טען ליבען הארצען...

— מיין ליבע פרוי! — זאָג איך צו איהר ווייטער, — עס וועלען נאָך אָנקומען טעג, וואָס עס וועט ניט זיין קיין ברויט, און נאָר די איין ליבע וועט איבערבלייבען צו ראַטעווען די אָרי־מע מענשען פון הונגער־טויט. די ליבע, זאָג איך, וועט איבער־בלייבען, ווייל דאָס איז אַן אַרטיקעל, אין וועלכען דער גאָט פון מלחמה נויטיגט זיך ניט. יאָ, מיין טייערע, אין יענע שרעקלי־כע טעג וועט מען דעם הונגער מוזען זעטיגען מיט ליבע און מיט קושען, און מענשען וועלען אַזוי אויסגעהן מיט „מיתת נשיקה". אָ, ווי זיס, טייערע, דאָס מוז זיין אַזאַ טויט, צו שטאַרבען אין די אָרימס פון דער געליבטער מיט א קוש אויף די ליפּען!

— מיין ליבע פרוי! — אַרגומענטיר איך ווייטער, — הערסט ניט, מען רעדט וועגען איינפיהרען פּראָהיביִשאָן אי־

בער׳ן גאנצען לאנד, און עס וועט ניט זיין קיין טראָפּען מיט וואָס די צרות צו פערטרינקען, וועלען מיר זיך טויט אָנ׳שכור׳ען מיט ליבע, אָנטרינקען זיך מיט קושען, ווי אין שיר־השירים, מיין איינציגער קאטעכיזם פון ליבע, ווערט געזונגען: „קוש מיך אָן מיט די קושען פון דיין מויל, וואָרים דיין ליבע איז נאָך בעסער ווי וויין.“

זיינען מיר שוין, הייסט עס, ליזע קרוין, מיט ברויט און וויין פערזאָרגט. אָך, די ליבע זאָל לעבען! אָ, ווי גליקליך איך בין מיט מיין ליבע! אָ, ווי אומגליקליך עס זיינען, די וועלכע האָבען קיין ליבע ניט!

ראָמאַנטיקער רופסטו מיך, טייערע ליזע? זאָל זיין אזוי! איך שעם זיך ניט מיט דעם נאָמען. אז דער רעאַליזם איז אזוי שרעקליך. רעאַליזם איצט הייסט טויט און פערוויסטונג.

עגאָאיסטיש בין איך, זאָגסטו, מיין טייערע? די וועלט, זאָגסטו, טרינקט זיך אין בלוט און טרערען, און איך זינג שירה צו דער ליבע? בייזער זיך ניט, טייערע ליזע? בייזער זיך ניט אויף מיר! נאַציאָנאַלער עגאָאיזם מעג זיין און פערזענליכער ניט? מענשען טרינקען זיך אין בלוט און טרערען? האָבען זיי דאָך דאָס אליין געוואָלט! מסתמא האָבען זיי אויסגעפונען, אז עס איז אַ פּלעזשור צו טרינקען זיך אין בלוט און טרערען, טאָ זאָלען מענשען האָבען פּלעזשור. מיין פּלעזשור איז ליבע.

קום אוועק, מיין טייערע, פון דער ווירקליכקייט, וועלכע וויל אויך חרוב מאַכען אונזער ליבע. קום אוועק, ווייט פון מענשען און פון הורא־ און אוי־געשרייען, וועלכע וואַרפען אויף דיר אַזאַ מורא און וועקען אין דיין גוט הארץ ליבע און מיט־לייד צו די אָרימע מענשען. אזוי, אז דו ווילסט מיך פערלאָזען צוליב זיי...

צו וואָס, טייערע, זאָלסטו רחמנות האָבען אויף מענשען, וועלכע האָבען אליין איבער זיך קיין רחמנות ניט; צו וואָס

טייערע, זאַלסטו שענקען מענשען דיין ליבע, ווען זיי זוכען עס ניט? גיב מיר בעסער דיין ליבע!

לאַנג לעבען זאָל די ליבע, וועגען וועלכער עס ווערט אַזוי פיעל אין לידער געזונגען, און גליקליך איז דער, וועלכער קען עס איך געניסען אין לעבען, ניט אפשר, מיין טייערע?

# איך בין א קינסטלער!

דרך־ארץ, רבותי! איך בין א קינסטלער... דער רעדאקטאָר אַליין האָט עס מיר ערקלערט מיט זיין הייליגען מויל, בעת איך בין איהם געקומען דערמאָנען, אַז איך בין אַזאַ מענש, ווי יעדער בעל־מלאכה, און איך וויל זיין זיכער מיט מיין שטיקעל ברויט און מיט מיין מענשליכער ווירדע.

— ניין! — האָט ער אויף מיר א געשריי געטאָן, טופענ־דיג מיט די פיס, — איהר זייט ניט קיין מענש, נאָר א קינסטט־לער! א שניידער קען רעדען וועגען העכערע שכירות, קירצערע שטונדען, בעסערע בעהאַנדלונג, אָבער ניט א שרייבער, וועלכער איז א קינסטלער. א פּרייז קען נאָר בעשטימט ווערען אויף א ראָק, אויף א וועסט, אויף א פּאָר הויזען, אָבער ניט אויף אַן ארטיקעל, א פעליעטאָן אָדער א סקיצע. וויפיעל מען גיט אייך אַזוי פיעל דאַרפט איהר נעהמען, וואָרים קונסט, יו נאָו, שטעהט העכער פון געלט!... אַלזאָ, מאָרגען פּונקט זיבען אינדערפריה זאָלט איהר שוין זיין אין רעדאקציע. געדענקט זשע, פּונקט זיבען!

— אָבער פּונקט זיבען רוהט נאָך אויף מיר ניט דער רוח־הקודש... — האָב איך פּרובירט זאָגען מיין רעדאקטאָר.

אַן אַנגעצונדענער איז ער געוואָרען, מיין רעדאקטאָר...

— רוח הקודש? — האָט ער א געשריי געטאָן, — איך דאַרף האָבען הענט, ניט קיין רוח־הקודש! איך דאַרף אַרויס־

געבען 12 א זייגער יעדען טאָג א צייטונג, און איך קען ניט וואַרטען, ביז דער רוח־הקודש וועט קומען צו אייך. לאָזט אַלזא דעם רוח־הקודש אין דערהיים, און אַליין קומט שרייבען...

* * *

איך האַלט אין שרייבען די נייעס וועגען דער טערקיש־באַלקאַנישער מלחמה... איך בין אריינגעטאָן אין דעם שרייבען, און איך שוועב דאָרטען אַרום קירק־קיליסעה און די איבעריגע טערקישע נעמען, אויף וועלכע איך צוברעך די ציינער... פּלוצ־לונג — א קראַך! דאָס האָט ניט קיין קאַנאָנע אויס־געשאָסען, נאָר דעם רעדאַקטאָר'ס קול, לאָמר אזוי צו זאָגען:

— וואָס שרייבט איהר איצט?

— די טערקיש־באַלקאַנישע מלחמה, — ענטפער איך.

— זייט איהר שוין פאַרטיג?

— נאָך ניט... באַלד ענדיג איך.

— נעוועה מיינד... גיט עס אַן אַנדערען ענדיגען. איך האָב פאַר אייך אַן אַנדער זאַך צו שרייבען.

— אָבער עס איז דאָך ניט קיין ראָק, וואָס אַן אַנדערער זאָל עס קענען ענדיגען... — פּרוביר איך טענה'ן.

איך האָב אָבער געמוזט פאָלגען דעם „באָס", דעם רעדאַק־טאָר מיין איך. ער זאָגט דאָך, אַז איך בין א קינסטלער, און איך מוז איהם פאָלגען...

* * *

— היינט, וויל איך פון אייך א סקיצע! — האָט דער רע־דאַקטאָר געגעבען מיר זיין בעפעהל.

— אָבער, הערר רעדאַקטאָר! — זאָג איך, — איך האָב קיינמאָל קיין סקיצען אין מיין לעבען ניט געשריבען.

— נעוועה מיינד! — זאָגט ער, — וואָס איהר האָט ניט געשריבען! נעהמט און שרייבט! איך דאַרף האָבען א סקיצע!

— אָבער איך קען ניט! — בעט איך זיך ביי איהם.

— וואָס פאַר א שרייבער זייט איהר, אַז איהר קענט קיין

סקיצע ניט שרייבען? אז מען איז אין א רעדאקציע, דארף מען אלעם קענען. אט איך וועל אייך בעווייזען. אז אין א האלבע שטונדע שרייב איך אן א סקיצע, כאטש איך האב אויך קיינמאל קיין סקיצע ניט געשריבען.

*   *   *

דער רעדאקטאר האט מיר נאך א מאל ערקלערט, אז א שרייבער איז א קינסטלער, וועלכער מוז אויפ'ן פאפיר אויסגי־סען זיין מארך, זיין הארץ, זיין נשמה...

דערלאנג איך איהם אן ארטיקעל, וואס איך האב אנגע־שריבען. גיט ער א קוק, און פערקרימט זיך גלייך.

— אט דאס איז א טעמע? — שרייט ער אויס, — ווען מען קען עס אינטערעסירען, אויסער אייך אליין?

— אבער דאס איז מיין מארך, מיין הארץ, מיין נשמה — טענה איך.

— וואס מיר מארך, וואס מיר הארץ, וואס מיר נשמה?— שרייט ער זיך פאנאנדער, — איך דארף האבען אן אינטערע־סאנטען ארטיקעל, און דהאט'ס אל! איך גיב ניט ארויס די צייטונג פאר אייער פלעזשור! איך קען ניט אפפערן מיט דער צירקולאציאן צוליב דער קונסט!

*   *   *

הכלל, רבותי, וואס זאל איך אייך א סך ברייען? איך בין א קינסטלער, וועלכער האט א מתנה פון גאט, א מארך, א הארץ, א נשמה... דער רעדאקטאר אליין האט עס מיר ערקלערט, בעת איך בין געקומען דערמאנען, אז איך בין אזא מענש, ווי יעדער בעל־מלאכה, און איך וויל זיין זיכער מיט מיין שטיקעל ברויט און מיט מיין מענשליכער ווירדע...

יאנואר, 1913, אין די טעג פון שרייבער־סטרייק אין ניו־יארק.

# המנ'ס פורים־רעדע.

(געהאלטען אויף דעם נאך ניט־אפגעהאלטענעם אלוועלטליכען אנטיסעמיטישען קאנגרעס).

געזינונגס־גענאסען!

איהר האט מיר, אלס וועטעראן פון אנטיסעמיטיזם, צו־געטיילט די עהרע צו האלטען די ערעפענונגס־רעדע פון דעם ערשטען אלוועלטליכען אנטיסעמיטישען קאנגרעס. איך נעהם עס מיט פערגעניגען אן, און איך האף, אז איך וועל אייך ניט פערשעמען.

אנדערע וועלען אפילו זאגען, (און איך וועל דאס אפשר אויך צוגעבען), אז איך האב צו אזא כבוד ניט זוכה געווען, ווא־רים נאך אלעמען האב איך פאר דעם אנטיסעמיטיזם פראקטי־שעם ווייניג וואס אויפגעטאן, און „המנ'ס מפלה" איז געבליבען א קללה לדורות פאר אלע ארענטליכע און רעכט־דענקענדע אנ־טיסעמיטען. אבער פונדעסטוועגען וועט יעדער פון אייך האל־טען פאר אן עהרע צו רופען זיך מיט מיין נאמען. די אידען אליין גיבען מיר אנערקענונג און זיי קרוינען נאך עד היום זיי־ערע גרעסטע שונאים מיט מיין נאמען.

מיר פערדריסט זעהר, וואס איך האב אנגעריהרט מיין פער־זענליכקייט. אבער וואס זאל איך טאן, ווען דער קלענסטער אי־דען־פרעסער פיקעט מיר אויס די אויגען? אבער פרעג איך אייך:

בין איך דען שולדיג, אז איך האב געהאט צו טאן מיט אזא מלך טפש, ווי אחשורוש, וועלכער האט זיך איינגעליאפעט אין א פארשיווער זשידאווקע און פלעגט ווערען נאר די כפרה פאר איהר מינדסטען שמייכעל? וואלט איהר אבער זעהען, וואס איך וואלט אויפגעטאן, ווען איך וואלט האבען אויף זיך אזא אויבערהאר, ווי אונזער מארטירער־געזינונגס־גענאסע פלעהווע האט געהאט, טאקע אזא, ווי ניקאלאי דער צווייטער, זאל מאריך ימים זיין! בערג וואלט איך איבערגעקעהרט! איך וואלט זיך מיט א קישינעוו ניט בעגנוגענט! ניין! מיין בעפעהל, ווייסט איהר דאך, איז „להשמיד, להרוג ולאבד את כל היהודים מנער ועד זקן, טף ונשים ביום אחד“, א תל צו מאכען פון אלע אידען אין איין טאג, און אראפ פון מארק. ניטא ביי מיר קיין קרוטש־קע צערעמאניעס!

קיינער וועט מיך אבסאלוט ניט חושד זיין, אבסאלוט ניט חושד זיין, אז איך בין געווען אן אנטיסעמיט צוליב „ביזנעס“ (די אמעריקאנער דעלעגאטען, וועלכע געפינען זיך דא אויפ'ן קאנגרעס, וועלען, האפענטליך, מיך פערשטעהן). אדרבא, איך האב נאך אנגעבאטען פון מיין אייגענעם „פאקעט“ אחשורוש'ן געלט פאר מיין פלאן. איך האב פשוט פיינט געהאט דעם אידען בתכלית השנאה, אהן א שום אורזאך, דעם כלל, ווי דעם פרט, אהן אן אויסנאהם. פאר מיר האבען קיין הויף־אידען ניט עק־זיסטירט. איך מוז דאס בעטאנען, ווייל איך בעמערק ביי פיעלע פון אונזערע חברים אין א געוויסען זין א פערראט צו די איי־גענע פרינציפען. בעת מען האסט דעם כלל, איז מען אבער אין דער זעלבער צייט חבר־לאפ מיט דעם פרט.

איך הער דא א טומעל. די חברים־דעלעגאטען זיינען, ווי עס שיינט, ניט צופרידען מיט מיין בעמערקונג. עס איז אבער א פאקט, וועלכען קיינער וועט ניט לייקענען, און איך האב גע־פונען פאר מיין הייליגע פליכט אנצואווייזען אויף דעם.

בערוהיגט זיך נאר! גענאסע בלעם! האלט איין אייער מויל! איהר וועט דערנאך ענטפערן מיר, כאטש איהר האט בעסער געדארפט שווייגען... זאל גענאסע בלק זאגען, וואס ער דענקט וועגען אייך. מען האט אייך איינמאל געגעבען מאכען א דזשאב, שלאגען די אידען כאטש מיט'ן מויל, האט איהר אויך פערקירעוועט די האליאבלעס און האט אנגעשאטען זיי אויף די קעפ ברכות אנשטאט קללות... אז איהר האט זיך געלאזט פיהרען פון אן אייזעל, היינט ווער איז אייך שולדיג? איך בעט אייך: האקט מיך ניט איבער! איך בעט אייך מיט גוטען: האקט מיך ניט איבער! שטערט ניט די לאנג ערווארטעטע איינינגונג אין אונזערע רייהען... צווינגט מיך ניט ארויסצוגעהן געגען אייך מיט צו שארפע ווערטער, וועלכע איך וויל זעהר ניט געברויכען ביי אונזער היינטיגען יום־טוב, ביי אונזער היינטיגען היסטארישען פייערליכען טאג!... אלזא, איהר ווילט אנדערש ניט, ווי אנמאכען א טומעל, גענאסע בלעם?... ניין! איהר וועט מיך מיט אייער גרויסען מויל ניט פערשרייען!... איך אפעליר צו די איבעריגע רעכטדענקענדע גענאסען, וועמען עס איז טייער די אנטיסעמיטישע בעוועגונג, און איך האף, אז זיי וועלען מיך אויסהערען!

אלזא, צום ענין. איך וויל דא אנווייזען אויף נאך א פעהלער, וואס די אנטיסעמיטען בעגעהען. פאר'ן שעהנעם געשלעכט האבען זיי א געוויסען רעספעקט. איך האב געגען דעם גארנישט. אבער זיי האבען אויך רעספעקט פאר אידישע פרויען. דער גרעסטער אנטיסעמיט ווערט די כפרה פאר א שעהנע אידישע פרוי. אט נעהמט טאקע דעם מלך טפש, אחשורוש'ן, זאגט דער מדרש אליין אויף איהם, אז ער איז געוועזן א גרעסערער שונא ישראל, ווי איך. איך שטים אפילו אין דעם ניט איין מיט'ן מדרש. נאר זאל זיין, אז ער איז געוועזן א גרעסערער אנטיסעמיט ווי ווי איך. פונדעסטוועגען האט ער זיך געלאזט פיהרען פאר'ן נאז פון א פארשיווער זשידאווקע. וואס די גמרא זאגט אויף איהר,

(איך ציטיר אלץ זשידאָווסקע אויטאָריטעטען), אַז זי איז קיין איבעריגע שעהנהייט ניט געווען. זי איז געווען נאָר גרין און געל אין פּנים. נאָר אפילו, ווען אַ שעהנע, איז וואָס?

אָדער געהמט געגאָסע פּרעה: זאָל ער מיר נאָר ענטשול־דיגען... איז ער ניט געווען אַ שוטה? ער האָט געהייסען וואַר־פען אין טייך נאָר די זכרים, און די נקבות האָט ער געהייסען לאָזען לעבען! ביי מיר אָבער וועט איהר דאָס ניט פּועל'ען, בשום אופן נים! איך בין ניט פערבלענדט געוואָרען קיינמאָל אין מיין לעבען פון דער שעהנקייט פון אַ אידישער פרוי, באשר דער מלאך האָט מיך אַ שטופּ געטאָן אויף אסתר'ס בעט... גלויבט מיר, אַז ניכטערערהייד וואָלט דאָס ביי מיר פאַר קיין פאַל ניט געטראָפען. אָט ס'איז געווען אַ באַל, מען האָט זיך צו־הוליעט, איך בין געווען אביסעל בגילופינ'דיג און איך האָב זיך ניט געקענט האַלטען גוט אויף די פיס.

איך האָב פיינט די אידען אָהן אונטערשייד פון געשלעכט און עלטער — מענער, פרויען, אַלטע, יונגע, קינדער. מיין בע־פעהל איז געווען להשמיד, להרג ולאבד אלעמען! און אַזוי דאַרף האַנדלען יעדער איבערצייגטער, וואַהרער אַנטיסעמיט.

געזינונגסגענאָסען! אונזער בעוועגונג וואַקסט פון טאָג צו טאָג, פערשפּרייט זיך פון לאַנד צו לאַנד. איך זעה דאָ דעלע־גאַטען פון אַמעריקע, אָט די מדינה, וואוהין אידען לויפען זוכען שוץ. עס פרעהט מיך זעהר, וואָס דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך פערכאַפּט אויך אין אַמעריקע. קיין גרויסע מעשים זיינען אפילו דאָרט ניט אויפגעטאָן געוואָרען, אָבער עס איז דאָ אַ האָפנונג, אַז מיט דער צייט וועלען די אַמעריקאַנער אַנטיסעמיטען אויפ־טאָן גרעסערע מעשים.

היינטיגען טאָג, פורים, פייערען די אידען מיין מפּלה און זיי רעכענען זיך אָפּ מיט מיר מיט זייערע הילצערנע כלי־זיין, מיט כל המיני גראַגערס און המן־קלאַפּערס, און טופּען מיט די פיס. הכלל, ס'איז ליהודים... אַרימע זינער! האָבען זיי מיך

דען בעזיגט מיט זייער אייגענעם כח? זיי האבען מיך דאך בע־זיגט דורך שתדלנות, דורך הינטער־טירען, דורך א הויף־איד און א הויף־אידענע, דורך דעם איינגעבעטענעם חסד פון א מלך טפש! איך פרעג טאקע אייך: וואס איז מיט זיי די שמחה? קליגערע אידען זאגען טאקע: „פורים ניע סוויאטא“.

און האבען זיי דען מיך גאר בעזיגט? אמת, זיי האבען מיך אויפגעהאנגען, אבער מיין תורה לעבט, די זריעה, וואס איך האב פערזייעט, האט געבראכט פרוכט.

מיך פרעהט זעהר, וואס מיר האלטען אפ אונזער ערשטען אלוועלטליכען קאנגרעס גראד אין דעמדאזיגען טאג. דאס וועט דיענען א ווארנונג פאר די זשידעס, זיי זאלען זיך ניט צוהור־ליען צו שטארק, זיי זאלען געדענקען, וואו זיי האלטען אין דער וועלט...

זאלען זיי קלאפען די ברעטער פון די שוהלען אונטער זיי־ערע פיס! זאלען זיי מאלען ניט־געלונגענע קאריקאטורען פון מיר אין זייערע מגילות! נאך אזא המן, ווי איך, איז ניט גע־ווען. המן בלייבט המן, און איך פערהאף, אז איהר, מיינע גע־זינונגסגענאסען, וועט פארטזעצען מיין ארבייט און פערשפריי־טען אייער שנאה אויך אויף די אידישע פרויען!...

# אליהו הנביא אין אמעריקע.

(אין א בריף צו זיין תלמיד אלישע בעשרייבט ער זיינע איינדריקען פונ'ם אמעריקאנער סדר).

מיין ליבער תלמיד, אלישע!

זינט אידען פראווען זייערע פסח'ס אין גלות, האב איך היי־יאהר צום ערשטען מאל אפגעשטאט א וויזיט דעם אמעריקאנער יודענטום צו די סדרים.

פארוואס איך האב ביז אהער ניט בעזוכט אמעריקע, איז ניט ווייל עס געפעלען מיר ניט די אמעריקאנער אידען, אדער ווייל דער אמעריקאנער כשר־לפסח'דיגער וויין, פון וועלכען איך דארף פערזוכען צו די סדרים אין יעדען אידישען הויז, איז פאר מיר אפשר געוועזן ניט גענוג פסח'דיג. אויך ניט דערפאר האב איך אויסגעגלאזען אמעריקע, ווייל די אמעריקאנער אידען זיינען זאט מיט מזל־ברכה, פראספעריטי, ווי זיי רופען דאס אויף זייער לשון, — און זיי זיינען ניט גערן דעם בעזוך פון דעם ממונה אויף דער אידישער פראספעריטי.

די אמעריקאנער אידען זיינען אידען, ווי אלע אידען, און כאטש מען לאמר'ט אויף זיי דארטען, מעבר לים, זאג איך דיר, אז אידישקייט איז דא פלענטי, ווי זיי זאגען דאס אויף זייער לשון, און אין אלע זייערע טעאטערם קישעט מיט אידישע הערצער, אידישע נשמות, אידישע קינדער. וועגען דעם וויין בין

איך אויך ניט אין ספק, ווארים אזוי פיעל הכשרים, ווי דא, האב איך נאך אין קיין מרינה ניט געזעהן, און רבנים מאכען דא א לעבען. און אז אמעריקאנער אידען זאלען זיין גאר אי־בערינגס זאט מיט פראספעריטי, איז אויך ניט קענטיג, און איך האב זיך שוין לאנג געריסען צו קומען קיין אמעריקע, אפשר וועל איך זיי קענען בעהילפיג זיין. אלא וואס זשע דען? טו הער זשע.

דא איז פאראן אן עלים־איילענד, וואו מען זיפט די מענ־שען, וואס דארפען אריינקומען אהער אין לאנד. יעדען ערב־פסח, יאהר־איין יאהר־אוים פלעג איך אנקלאפען אין די טירען, אבער מען האט מיך אין לאנד ניט אריינגעלאזען. וועסטו פרע־גען: וואס פאר א פסול האט מען אויף מיר אויסגעפונען? הערסטו דאך: אנטיסעמיטען, וועלכע האבען מורא, די אמע־ריקאנער אידען זאלען ניט אויפגעריכט ווערען דורך מיין קומען, האבען פער'מסר'ט מיך פאר די אימיגראציאנס־בעאמטע, אז איך קום קיין אמעריקע פערזוכען וויין אין יעדען אידישען הויז, נו, הייסט דאס ביי זיי, אז איך וועל פאלען צו לאסט אויף קהל, אלזא, בין איך נאך די אמעריקאנער געזעצען אן אומגע־ווינשטער אימיגראנט!

איך פלעג ביי יעדען מאל ניט אריינלאזען מיך, פרובירען טענה'ן צו די אימיגראציאנס־בעאמטע, אז איך בין קיינמאל צו לאסט אויף קהל ניט געפאלען, אז איינמאל האבען מיך ראבען געשפייזט אין א מדבר, וואו עס איז א מענש אויף א רפואה ניט געוועזן, און איך האב זיי געוויזען דאס שווארץ אויף ווייס אין תנ"ך. דאן האב איך זיי ערקלערט, אז איך האב נאך אפגעגע־סען אין יוראפ, ווי זיי רופען דאס, און אז איך מיט איין מאל עסען קען לעבען 40 טעג, היינט וואו וועט מיר אויסקומען אין אמעריקע צו עסען, ווען גלייך נאך די סדרים איז שוין מיין פוס דא ניטא? ענדליך האב איך זיי אויך ערקלערט, אז ניט נאר וואס איך פערנעהם ביי קיינעם גיט, וואס א האר איז ווערט,

נאָר איך ברענג נאָך מיט זיך מזל־ברכה, פּראָספּעריטי, וואוהין איך קום נאָר. איך האָב זיי אָפּגעשיקט פּרעגען ביי די אידען, און זאָלען זיי אדרבא הערען, וואָס פאַר א שעהנע וואונדערליכע מעשיות מען דערצעהלט פון מיר. עס האָט אָבער גאָרנישט גע־האָלפען. זיי האָבען מיר ערקלערט, אז פאַר אמעריקאַנער פּראָס־פּעריטי זאָל מיר שוין דער קאָפּ ניט וועה טאָן, אז זיי האָבען פּרעזידענטען, וועלכע בעזאָרגען שוין דאָס לאַנד מיט פּראָס־פּעריטי, און זיי נויטיגען זיך דאָרום ניט אין פרעמדע חסדים.

פאַראַיאָהרען האָב איך געהאָפט, אז מען וועט מיך שוין אריינלאָזען אין לאַנד, ווייל איך האָב געהערט, אז אמעריקע נויטיגט זיך זעהר שטאַרק אין פּראָספּעריטי. מיין האָפנונג אָבער איז געווען אן אומזיסטע. מען האָט מיר ערקלערט, אז אינ־גיכען וועט מען ערוועהלען א נייעם פּרעזידענט און עס וועט ווידער זיין אָל־רייט, און מען האָט מיך ווידער צוריקגעשיקט.

דעם ערב־פּסח האָב איך ווידער געקלאַפּט אין די טירען פון עלים־איילענד. „לאָזט מיך אריין!" האָב איך זיך געבעטען. „אייער נייער פּרעזידענט איז דאָך שוין דאָ, און די פּראָספּערי־טי — קוים וואָס זי שלעפּט זיך! לאָזט מיך פּרובירען, אפשר וועט דער נס דורך מיר געשעהן? אפשר וועל איך קענען בעזיגען דאָ ביי אייך דעם דלות, פּונקט ווי איך האָב אמאָל בעזיגט דעם בעל?" איך וויים ניט, וואָס פאַר א נס עס האָט געקענט געשעהן, נאָר מען האָט מיר נעהייסען אויפוואַרטען, און דאַן האָט מען מיר ערקלערט, אז איך בין פריי און איך קען געהן, וואוהין איך וויל.

גאָר מילא, ווי עס איז ניט געווען, אבי איך בין אין אמע־ריקע. איך בין אפילו נאָך גאַנץ גרין, עס שמעקט נאָך פון מיר מיט שיף, אָבער א בעגריף וועגען אמעריקע האָב איך שוין, און איך וועל זיך טיילען מיט דיר מיט מיינע ידיעות. איך וויים שוין, וואָס „טראָסט" איז, וואָס „בייסמענט" איז, וואָס „טאָפּ פלאָר", וואָס „טענעמענט־הויז", וואָס „סלעק", וואָס „טראָ־

בעל", וואס „מאכען צו מופען", וואס „בעד־רום", וואס „מיר־סעם", וואס „באַרדער", וואס „האַרי־אַפּ", וואס „באַס", וואס „פאַרמאַן", וואס „אוועד־טיים", וואס „רענט", וואס „לענדלאַרד", וואס „קאַקרוטשעס", וואס „דזשאָב", וואס „בודעל", וואס „גרעפּט", וואס „פּאָליטישען", וואס „שאַפּ", וואס „קאַנסאַמפּשאַן", וואס „קאַרופּציאָן", וואס „לעקטשור", וואס „בלאַף", וואס „לאַיער", וואס „ריעל־עסטייט", וואס „רעוורענד", וואס „אַדווערטייזמענט", וואס „טריק", וואס „ברעד ליין" און נאָך אַזוינע ווערטער. מיט אייניגע אויסנאַהמען איז אַמעריקע בכלל אַזאַ מדינה, ווי אַלע מדינות. נאָר די אַלע זאַכען ווערען דאָ אָנגערופען מיט ענגלישע נעמען, און די אידען האָבען עס אַזוי איבערגענומען.

פון נאַטור וויים מען דאָ ניט. אַלעס ווערט דאָ געמאַכט: מען מאַכט אַ לעבען, מען מאַכט גליקען, מען מאַכט צו מופּען, מען מאַכט צו סטאַפּען, מען מאַכט טראָבעל, מען מאַכט אַ דזשאָב, מען מאַכט געלט א. אז. וו. פערשטעהט זיך, אַז ניט אַלע מאַכען גלייך און ניט יעדע זאַך, וואס מען מאַכט, האָט אַ ממשות. נאָר ווען דער לענדלאַרד מאַכט צו מופּען, איז געמאַכט, און ווען דער באַס מאַכט צו סטאַפּען, איז געסטאַפּט. אַ פּרעזידענט און אַנדערע בעאַמטע פון לאַנד קלייבט מען דאָ אַפילו, אָבער זיי זיינען אויך אַזוי גוט, ווי געמאַכט.

היינט איז דאָ אַ לאַנד פון שמחות, און אידען הוליען דאָ אויף וואס די וועלט שטעהט. יעדער סעזאָן האָט זיינע שמחות. זומער הויבט זיך אָן אַ סדרה מיט פּיק־ניקס, עקסקורשאַנס, אַוטינג־גיימס, אייז־קרים־פּאַרטיס א. ד. גל. ווינטער — בויערן־בעלער, סיוויק־בעלער, אַזוי בעלער, קאָנצערטען, מאַסקאַראַדען, טעאַטער־בענעפיטס, „היימישע וועטשערינקעס" א. ד. גל. דאַן געהען ספּעציעלע יום־טוב'דיגע בעלער: פּסח־בעלער, איסטער־בעלער, ראש־השנה־בעלער, יום־כפּור־בעלער, סכות־בעלער, קריסטמעס־בעלער, ניו־יעיר־בעלער, נאַוואַגאַדנע ביז־

לער, נאַווי־ראַק־בעלער, פורים־בעלער, סט. פּעטריק׳ס־בעלער...
הכלל, מען הוליעט! ס׳איז ליהודים!...

און מיין ניט, אַז מען הוליעט דאָ גלאַט אין דער וועלט אריין, אַט אַזוי ווי די גוים, בלויז פון פערגעניגען וועגען, אָדער ווי מען זאָגט דאָ אין אַמעריקע: „האָבען אַ גוד טיים״. ניין, ניין, מיין ליבער תלמיד! מען הוליעט דאָ מעהרסטענס לשם מצוה, ווער פון צדקה וועגען, ווער פון נאַציאָנאַליזם וועגען, ווער פון אַנאַרכיזם וועגען, ווער פון סאָציאַליזם וועגען א. אַז. וו. מעהר פאַר אַלעמען אָבער הוליעט דאָ דער ראַדיקאַלער און פּראָגרעסיווער עלעמענט. און איז מען אַ „איסט״ פון וועלכער עס איז ראַדיקאַלער און פּראָגרעסיווער ריכטונג און מען וויל „אַנטייל נעהמען אין דער בעוועגונג״, אַזוי האָט מען קיין אַנדער ארבייט ניט, ווי נאָר צו געהן אויף שמחות.

מיט מיין טור צו די סדרים האָב איך געהאַט גרויסענע צרות. איך בין פּשוט געבליבען אָהן פּיס קלעטערענדיג איבער די טרעפּ פון די הויכע משונה׳דיגע מאַכינעס, וועלכע מען רופט דאָ אַן טענעמענט־הייזער. היינט בין איך נאָך דערצו „גרין״, האָב איך שוין געגוג געטאַפּט די ווענט. אין די געמישטע טענעמענט־הייזער, דאָס הייסט, אין די הייזער, וואו עס וואוינען „מיקסד״, אידען, איטאַליענער, איירישע, האָב איך מיר געמאַכט אַ סימן, אַז דאָרט, וואו עס איז דאָ אַ מזוזה, וואוינט אַ איד. אָבער מיין סימן האָט ניט אויסגעהאַלטען, וואָרים די לענדלאָרדס פון אידישען קוואַרטאַל האָבען אין די הייזער קיין מזוזות נאָרניט געזשאַלעוועט, און איך בין צוליב דעם אריינגעפאַלען אין אַ היבש ביסעל איטאַליענישע און איירישע הייזער. איין איירישער, וועלכער האָט זיך קענטיג געריבען זיינע גאַנצע יאָהרען ארום אידען, האָט זיך אָנגעשטויסען, ווער איך בין, און דערזעהענדיג מיך, אַזוי האָט ער אויסגעשריען:

— דהי דזשואיש סט. פּעטריק!

אבער א געווינשטער גאסט בין איך געווען אין יעדען אי־
דישען הויז. יעדער איד האט מיך אויפגענומען בכבוד גדול און
געבעטען מיך, איך זאל אן איהם אויך ניט פערגעסען.

— איי, רבי אליהו! ווען איהר וואלט וויסען, ווי עס
איז שווער צו מאכען דא ביי היינטיגע צייטען א לעבען! וואס
א יאהר, ווערט אלץ ערגער... — האט יעדער געזיפצט.

— איך וויים, קינדערלעך! — האב איך יעדען געענט־
פערט.

אלזא, ווי דו קענסט שוין פערשטעהן, מאכט מען אין אמע־
ריקע אויך ניט קיין גליקען. זיי מיר דערוויייל געזונט!

דיין רבי,

אליהו התשבי.

# מזמור שיר לדעקאריישאָן דעי.

אמת, איך בין אַ „האיפּעניזירטער" אַמעריקאַנער, ד. ה. חצי־איד און חצי־אַמעריקאַנער, אָדער ווי מען זאָל עס פּילאָזאָפיש אָנרופען אַ סינטעטישער אַמעריקאַנער, יעדענפאַלס אַ פּסול'ע סחורה, כאָטש ניט „מעיד אין דזשוירמעני", דאָך זינג איך היינט אַ מזמור שיר לדעקאריישאָן דעי און צוזאַמען מיט כל־אַמעריקע לעג איך בלומען אויף די קברים פון די געפאַלענע העלדען פון דעם בירגער־קריעג.

און זאָלען עס וויסען משה רבינו'ס יענקים, וועלכע געהען מיר נאָך אויף שריט און טריט און האַלטען אין איין וועקען אין מיר דעם אַמעריקאַנער פּאַטריאָטיזם, און זיינען תמיד אין הויל׳ע שרעק טאָמער כאַפּ איך זיך חס ושלום ארויס מיט אַ וואָרט, וואָס וועט שמעקען צו אידישליך, אָדער ניט אזוי טעמפּעלמע־סינ־יענקיש־פּאַטריאָטיש:

דעם אמת גערעדט, וויים איך ניט, וואָס זיי ווילען פון מיר האָבען, אָט די משה רבינו'ס יענקים, וואָס פאַר אַ מין געטשקע איז דאָס אָט דער דאָזיגער אַמעריקאַניזם, צו וועלכען זיי ווילען, אַז איך זאָל זיך בוקען.

אדרבא, רבותי, איהר זייט אפשר אביסעל לענגער אין לאַנד, ווי איך, טו זאָגט מיר טאָקע, איך בעט אייך, וואָס איז דאָס אַזוינס אַמעריקאַניזם?

איהר וועט זאָגען, אַז אַמעריקאַניזם מיינט רעדען ענגליש? וועל איך אייך צוריק זאָגען, אַז צוליב דעם אליין האָט אונז אסור געלוינט אַנצולעגען אזוי פיעל וועג און צו בעצאָהלען אזוי טייער פאַר דער יאזדע. האָבען מיר דאָך בעסער געקאנט פאָה־רען קיין ענגלאַנד, און אַזאַ יאָהר מיר, וואָס פאַר אַן ענגליש מען רעדט דאָרטען.

וועט איהר דאָך נעהמען קריכען אין הויכע דרכים און האַל־טען פאַר מיר אַ גאַנצע לעקטשור וועגען אַמעריקאַנער קולטור, וועל איך אייך גאָר זאָגען אַ סוד, אַז די אַמעריקאַנער קולטור האָבען מיר אוועקגע׳הרג׳עט צוזאַמען מיט איהרע טרעגער די אינדיאַנער. איהר וועט דאָך ניט אָפּלייקענען, אַז די אמת׳ע טרעגער פון דער אַמעריקאַנער קולטור זיינען גאָר געווען די אינ־דיאַנער. און מיר האָבען אָהער געבראַכט די אייראָפּעאישע קולטור.

און אַז איהר וועט מיר נאָך אַלץ אריין אין די ביינער און טענה׳ן דאָס אייערינגע, „אַמעריקאַנער קולטור“, וועל איך אייך זאָגען נאָך אַ סוד, אַז אַ קולטור ווערט ניט בעשאַפען אין אַ הונדערט יאָהר מיט עפּעס, ד. ה. פאַר דער צייט וואָס אַנקעל סעם איז אַ בעל־הבית פאַר זיך, דאָס איז ראָקאַפעלער נאָר אַזאַ בריה צו בעשאַפען אַ קולטור אין אַ פערהעלטניסמעסיג קור־צער צייט. איך ווייס? אפשר מיינט איהר טאַקע ראָקאַפעלער׳ס מיליאַרדען־קולטור, און דאָס איז ביי אייך די אַמעריקאַנער קולטור? און אויב אזוי, זאָג איך אייך אָפען, אַז איך קען זיך ניט אַמעריקאַניזירען. איך בין פּשוט ניט בכח צו ווערען אַ ראָ־קאַפעלער. סיידען איהר מיינט, אַז מיין אַמעריקאַניזם זאָל בע־שטעהן בלויז אין כאַפּען התפעלות פון ראָקאַפעלער׳ס אוצרות און אליין קייען די ערד! סיידען אזוי.

אַמעריקאַנער קולטור מיט שטעט און שטעטלעך, וועלכע הייסען פּאַריז, פּעטערסבורג, וואַרשאַ, אַמסטערדאַם, לאָנדאָן, סאַקראַמענטאַ, האַמבורג, על פּאַזאַ און וועלכע ניט! שטעט

און שטעטלעך אנגעשלעפט פון ארבע פנות עולם, אננע׳גנב׳עט, זאלט איהר מיר מוחל זיין, וואו די וועלט האט נאר אן עק, אויסער די נעמען, וואס מען האט גע׳ירשנ׳ט פון די אינדיאנער, און נאך טענה׳ט איהר מיר אלץ אמעריקאניזם! און נאך זייען די משה רבינו׳ס יענקים אין כעס אויף דער חברה אנשי פילווישאק, און אויף דער קאנגרעגיישאן בני בוטשאטש, און אויף די טימקאוויצער יאנג מען און אויף וועמען נים! אויב סאקראמענטא איז אמעריקאניש, איז סאמאכוואלאוויטש אויך אמעריקאניש, בפרט אז סאקראמענטא פערנעהמט דא א גאנצע שטאט אין דעם שעהנסטען ווינקעל פון אנקעל סעם׳ס מדינה, אין דעם גן־עדן פון קאליפארניע, און די חברה אנשי סאמאכוואלאוויטש פערנעהמט סך הכל א קליין ווינקעל אין א פינסטערען האל אויף העסטער סטריט. איך פרעג אייך אדרבא: וואו איז יושר?

איטליכער איז געקומען אהער מיט זיין קלומיק פון דער אלטער היים. באשר די „מעיפלאוער" איז געקומען אהער פריהער און האט געבראכט די ענגלישע קולטור, וועלכע האט פערטריבען די האלענדישע, וועלכע האט פערטריבען די שפאנישע, וועלכע האט פערטריבען די אינדיאנישע א. אז. וו., א. אז. וו., ווי עס שטעהט אין חד־גדיא. איך וויל חלילה די „מעיפלאוער"־קולטור פון דאנען נים פערטרייבען: עס איז נים פאר מיינע כחות און איך בין סך הכל א אידישער גזלן, וועלכער בעגנוגענט זיך מיט א שמעק טאבאק. איך וויל דא נאר א שטיקעל פלאץ אויך פאר מיין קלומיק, און אויב איך וועל גנב׳ענען, גזל׳ענען, מארדען, שווינדלען אין עלעקשאן, און נאך אזעלכע פערברעכענס אפטאן, זאל מען מיך משפט׳ען נאך די געזעצען פון דער מדינה. קיין מאנארכיסטישע פערשווערונג געגען דער רעפובליק, גלויבט מיר, וועל איך נים מאכען, און איינלאדען ווילהעלמ׳ען אהער, ער זאל דא איבערנעהמען די ממשלה, וועל איך געווים אוו געווים נים, אפילו נים קינג דזשארדזש. איך וועל זיך

שטעלען אנטקעגען, אפילו ווען דער רעפּובליקאַנישער פראַנק־רייך זאָל זיך פערגלוסטען צו מאַכען פון אַמעריקע אַ פראַנצױ־זישע קאָלאָניע. אַמעריקע וויל איך זאָל בלייבען אַמעריקע, און אין דעם פּרט בין איך אַן אַמעריקאַנער פּאַטריאָט, און משה רבינו׳ס יענקים זאָלען גאַרניט מורא האָבען, און ניט האַלטען אין איין טאַפּען מיין פּאַטריאָטישען דופק און אין איין מינטערען מיך: „מיסטער, פערגעסט ניט, אַז איהר זייט אַן אַמעריקאַנער!"

ניין! מען דאַרף מיר ניט דערמאָנען, אַז איך בין אַן אַמע־ריקאַנער. איך וויים עס אַליין. ווען איך זאָל עס ווע̇לען טעאָרע־טיש בעגרינדען, ניט פּעליעטאָניסטיש, וועל איך זאָגען, אַז אַמע־ריקע איז פאַר מיר אַ לאַנד, ניט קיין פאָלק, און דוקא אַ וואויל לאַנד.

איך בין אַן אַמעריקאַנער, און כאָטש מיינע אבות זיינען ניט געקומען מיט דער „מעיפלאַוער", זינג איך דאָך היינט:

מזמור שיר לדעקאַריישאָן דעי!

און איך לעג בלומען אויף די קברים פון די אַמעריקאַנער פּאַטריאָטען, וועלכע האָבען זייער לעבען אַוועקגעגעבען פאַר דער גאַנצקייט פון דער רעפּובליק און פאַר דער בעפרייאונג פון די נאָך ניט בעפרייטע ניגערס, שלאָגענדיג זיך מיט אַנדע־רע אַמעריקאַנער פּאַטריאָטען, וועלכע האָבען די רעפּובליק גע־וואָלט צורייסען און די ניגערס אין שקלאַפעריי האַלטען.

מזמור שיר לדעקאַריישאָן דעי!

אָבער אַלץ מיט מיין קלומיק אין האַנט, מיט׳ן **א י ד י־ש ע ן** קלומיק.

מזמור שיר לדעקאַריישאָן דעי!

אַליין זינג איך עס, מיט מיין אייגענעם ווילען, אָהן דעם פּריקאַז פון משה רבינו׳ס יענקים, און ניט מיט זייער הכנעה־פּאַטריאָטישען ניגון.

אַמעריקע איז אַ פרייע מדינה, „סוויט לענד אָוו ליבער־טי", און מיט רעכט נעהמט זי זיך דערמיט איבער. היינט צו

וואס די הכנעה פון די דעספאטישע לענדער? לאמיר זיין פרייע און שטאלצע בירגער, ניט אין דרייען געבויגען זיך, ווי אין די „הנותן תשועה למלכים׳דיגע“ מדינות. לאמיר אוועקווארפען די מאנארכיסטישע שטיק, און זיין אמת׳ע רעפובליקאנער.

און משה רבינו׳ס יענקים זאלען ניט טורכען אונז אלע ווײלע אין די זייטען: „אידען, זייט פאטריאטען! אידען, זייט אמעריקאנער!“ דאס שמעקט מיט מסירה...

מזמור שיר לדעקארײשאן דעי!

און ניט גלאנצענדיג טעמפעלמעסיג מיט איין אויג צו קודשא בריך הוא, און הכנעה׳דיג מיט׳ן צווייטען אויג צו אונזערע שכנים, זיי זאלען זאגען, אז מיר זיינען „גוד באים“.

מזמור שיר לדעקארײשאן דעי — ווי פרייע בירגער, ווי אמת׳ע אמעריקאנער, ווי שטאלצע רעפובליקאנער!

1915.

# וועגן מגילת רות.

די מעשה מיט רות, ווי בעקאַנט, האָט געטראָפן „בימי שפוט השופטים", דאָס הייסט, ווען עס זיינען שוין געווען דזשאַדזשעס אויף דער וועלט, און מיידלעך האָבן שוין געהאַט צו וועמען צו געהן מיט בריטש אָוו פּראָמיס קייסעס. פערשטעהט זיך, אז נאָך יענער היסטאָרישער נאַכט, אין וועלכער מיר אין גלות נעביך דאַרפען גאַר תיקון־שבועות זאָגען, האָט בועז קיין אנדער ברירה ניט געהאַט און געמוזט חתונה האָבען מיט רות'ן.

אויך האָט די מעשה געטראָפען איידער נאָך עס איז געגרינדעט געוואָרען די אגודת הרבנים האורתודוכסים פון יונייטעד סטייטס און קענעדע, און מען האָט געמעגט טאָן שידוכים ניט נאָר מיט רעפאָרמערקעס און ראַדיקאַלקעס, נאָר אויך מיט פּראָסטע גוי'עס, ווי אין פסוק שטעהט: וישאו להם נשים מואביות וכו'.

און די מגילת רות לערנט אונז, אז אויב עס איז בעשערט אידען צו לעבען און צו מוטשען זיך, העלפען קיין געמישטע הייראַטען אויך ניט. געמישטע הייראַטען! דאַכט זיך, די העכסטע מדרגה פון אַמעריקאַניזם, צו וועלכער דזשייקאָב שיף אפילו האָט ניט דערגרייכט, און דאָך האָבען די אַלע געמישטע חתונות פון משה רבינו, מחלון וכליון, שמשון הגבור און אז. וו., און אז. וו., ניט געראַטעוועט דאָס אידישע פאָלק פון גלות!

און דאָס ווײַל איך טאַקע זאָגן, אַז דזשייקאָב שיף זאָל עס הערן: מה־דאָך געמישטע חתונות האָבן ניט פֿערניכטעט דאָס אידישע פֿאָלק, וועט ענגליש עס געוויס ניט פֿערניכטען. גיכער וועט דאָס אידישע פֿאָלק אַוועק׳הרג׳ענען דאָס ענגליש, איידער דאָס ענגליש וועט אַוועק׳הרג׳ענען דאָס אידישע פֿאָלק. אַט האָבען מיר דאָך אַ היסטאָרישען פֿאַקט, ווי אַזוי אידען האָבען אַוועקגע׳הרג׳עט אַזאַ אמת גוי׳אישע שפּראַך ווי מיטעל־הויכטייטש און געמאַכט פֿון איהר אַ אידישע שפּראַך. אויף וועלכער שיף איז אַזוי להרוג ולאבד.

אַז ענגליש קען מיט דער צייט חלילה האָבען דעם גורל פֿון מיטעלהויכטייטש, קען מען זעהן פֿון דעם ווערטעל „איש געביבעל", וואָס האָט אַרויסגעשטויסען דעם „איי שור וואַרי", און לויט די נייסטע אידישע שפּראַכפֿאָרשונג שטאַמט „איש געביבל" פֿון „נישט געפּידעלט". אמת, דאָס נייסטע העברעערפֿאָלק וואָס שטאַמט אָפּ פֿון די „היסטאַדרוט איוורים", וויל האָבען, אַז „נישט געפּידעלט" האָבען די אידישיסטען גע׳גנב׳עט פֿון דעם העברעאישען „לא פּידלתי", און די צוויי־שפּראַכיגע ריכטונג זאָגט טאַקע „לא פּידלתי" און טייטשט גלייך אָפּ: „נישט געפּידעלט", כדי צו „געבען אַ שאָ" ביידע שפּראַכען. אָבער מיר ווילען אין דעם ויכוח וועגען העברעאיש און אידיש ניט אַריינגעהן. די פֿראַגע איז דאָ וועגען אידיש און ענגליש. און מיר זאָגען, אַז ענגליש ווערט ביסלעכווייז פֿעראידישט, און אַ חוץ „איש געביבל" איז נאָך דאָ אַן „איי שור ליוו סאָ", „טאַק טו הים און טאַק טו די וואָל" א. ד. גל.

נאָר וואָס וויל מען גלאָט פֿון אונז? מיר יוזען, דאַכט זיך פּלענטי איינגעלש, נאָך מעהר וויפֿיעל אידיש. אונזערע באָיעס געהען אויס און פֿאָהרען אויס מיט מיידלעך און טריטען זיי און ניבען זיי אַ גוד טאַים און זיי אינדזשאָיען זיך און דערנאָך געהען זיי און נעהמען אַרויס מערידזש לאַיסענס און פֿיקסען איין רומס מיט פֿוירסט קלעס פֿאַרניטשע און מיט אַ לוקינג גלעס, און

דערנאָך האָט מען אַ בייבי און מען קויפט אַ בייבי קערידזש מיט אַ נאָים קערידש קאָווער. אדרבא זאָל שיף אראָפּ אויף גרענד סטריט, וועט ער זעהן, אז מיר יוזען מעהר איינגעלש, ווי די איטאַליענער און די דייטשען אפילו.

אָט דאָס איז דאָך, וואָס איך טענה, אז ווען עס איז בעשערט צו מוטשען זיך, העלפט ניט קיין קליגען זיך.

פון וועמען דאַרף אַרויסקומען דוד דער תהילים־זאָגער? פון רות'ן! היינט געה זיי אַ חכם! וועט איהר דאָך זאָגען, אז רות האָט זיך מגייר געווען? אָבער מיר קענען דאָך זיי, די ראָמאַנטישע גרים, די איטאַליענער, וואָס זיינען זיך מגייר צוליב אידישע מיידלעך, און די איירישע שיקסעס, וואָס זיינען זיך מגייר צוליב אַ אידישען „פּעי־ענוועלאָפּ", אָדער „פּיידע", ווי מען זאָגט אין פּליין אידיש. זי ווייס, די איירישע שיקסע, אז אַ אידישער „פּעי־ענוועלאָפּ" פערבלאָנדזשעט ניט אויפ'ן וועג אין סאַלון, נאָר ער קומט גלייך אהיים. און רות האָט אויך געוואוסט, אז זי וועט האָבען אַ גוט לעבען פאר דעם אידישען פּאָמעשטשיק בועז. אמת, אַן עלטערער מענש... מילא, איז דער איינציגער אומגליק, וואָס זי וועט בלייבען אַ יונגע אלמנה מיט אזא גרויסען מאַיאָנטעק. רות האָט געוואוסט איהרע ביזנעס!

אַ טייערע מגילה, די מגילת רות! איך רעקאָמענדיר אַלעמען זי צו לייענען.

# פּאָלעמישעס.

זאָל מען פערגרעסערן דעם טאָג ?

איהר האָט דאָך מסתמא געהערט פון דעם פּלאַן גרעסער צו מאַכען דעם טאָג אויף א שטונדע ?

דער פּעטענט איז א גאַנץ פּליינער: מען וועט חלילה ניט דאַרפען עקספּלואַטירען די אָרימע, אויסגעמאַטערטע זון און צווינגען זי צו אַרבייטען פאַר דער מענשהייט מיט א שטונדע לענגער, נאָר מען וועט נעהמען און א רוק טאָן דעם זייגער, און ער וועט אייך שוין אויפוועקען מיט א שטונדע פריהער צו דער אַרבייט, און טרייבען אייך מיט א שטונדע פריהער אין בעט אַריין.

מען האַלט דאָס פאַר א גוואַלדאַוונעם עקאָנאָמישען אויפטו: די מענשהייט וועט, נעמליך, דורך א גרעסערען טאָג שפּאָרען גאַז און עלעקטרישע בעלייכטונג.

איך האָב גראָד גערעדט וועגען דעם מיט סעם דעם קלאָוקס-אָפּרייטאָר, און אלס קלאַסענבעוואוסטער אַרבייטער האָט ער מיר ערקלערט, אַז דאָס איז ניט מעהר און ניט וועניגער ווי א קאַפּיטאַליסטישער טריק, און ער איז דערפאַר געגען רוקען דעם זייגער.

— וואָס אַרט מיר פאַר די באָסעס ? — האָט ער שטאַלץ אויסגעשריען. — זיי ווילען שפּאָרען א שטונדע גאַז און עלעק-

טריק אין די שעפער, טו זאָלען זיי סטאָפּען מיט א שטונדע פריהער די ארבייט, און ניט אוועקרייסען ביים אָרימען ארביי־טער א שטונדע אומזיסטע זונען־ליכט, וואָס ער קען עס פּער־ניצען פאר זיך אליין!

איך אליין זעה אפשר ניט אין דעם א קאפּיטאליסטישען טריק, אָבער איך פרעג אַן אַנדער זאַך: ווען נארען מיר דאָ אָפּ? אויף וועמעס חשבון ווילען מיר דאָ פּערגרעסערען דעם טאָג? ביי וועמען גנב'ענען מיר אריין די שטונדע, אויב ניט ביי זיך אליין?

אויב שוין יאָ נארען זיך אליין, האָב איך א בעסערען פּלאַן, ווי צו פערגרעסערען דעם טאָג, ניט אויף איין לומפּיגער שטונ־דע, נאָר מאכען איהם נאָך אמאָל אזוי גרויס: לאָמיר פּשוט קלע־נער מאכען די שטונדען; לאָמיר א האלבע שטונדע רעכענען פאר א שטונדע, וועלען מיר האָבען א גרויסען טאָג, ניט בע־גנב'ענענדיג די אָרימע נאכט, וועלכע דארף אונז זיין ניט ווע־ניגער ליב, ווי דער טאָג, משום כמה טעמים.

פּליז, גוטע מענשען, רוקט ניט דעם זייגער! אָנשטאָט דעם זייגער גיט בעסער א רוק די מענשהייט פאָרווערטס, ווי מען רופט עס. יאָ, גיט א רוק די מענשהייט, וואָרים אחוץ געז־בילס האָבען מיר נאָך אויך צו צאָהלען בוטשער־בילס און גראָסערי־בילס און אויך רענט דעם לענדלאָרד, ביי וועלכען, אגב אורחא, דער מאָנאט וועט בלייבען דערזעלבער „סאַיז“, ניט אָכ־טענדיג אויף דעם, וואָס דער „סאַיז“ פון טאָג וועט זייגעריש פערגרעסערט ווערען.

האָט איהר עפּעס בעסערע רעפאָרמען, ווי אויפצואוועקען אונז מיט א שטונדע פריהער?

---

דערציהען אָדער ערציהען?

האָט איהר געהערט פון דער בעוועגונג, וועלכע האָט זיך געשטעלט אלס צוועק צו ד ע ר צ י ה ע ן אונזערע קינדער

אַנשטאַט צו ע ר צ י ה ע ן זיי — איך מיין די בעוועגונג פון פאַנעטיזם, וועלכער דערגרייכט ביז צו פאַנאַטיזם?

אין פלוג איז דאָס אַ גאַנץ פּראָגרעסיווע בעוועגונג, ווייל זי וויל בעפרייען אונזער אָרימען אידיש פון דער דייטשער הער־שאַפט, וועלכע צווינגט אונזער געעהרטען דר. שמריהו לעווין און אויך דעם געעהרטען ראובן בריינין,ביידע העכסט אנשטענ־דיגע ליטוואַקעס, צו שרייבען ש פּ ר אַ כ ע אַנשטאַט ש פּ ר אַ ך. הייגט וואָס דאָס אָרימע אידישע טהעאַטער האָט פון קדמונים נאָך אויסצושטעהן פון דער דייטשער הערשאַפט, ווייסען דאָך אַלע.

און ס'איז טאַקע אַ חידוש גדול, וואָס די „עליים" האָבען אין זייערע פרידענס־בעדינגונגען ניט אריינגעשטעלט אויך די בעדינגונג, אַז אויך אידיש מוז בעפרייט ווערען פון דער דייי־טשער הערשאַפט. ניין אפשר?

נאָר איז דאָס דען דאָס ערשטע מאָל, וואָס מען פערזעהט אונז אידען? אָבער דאָס האָט ניט צו טאָן מיט אונזער איצטי־גען עניין, וועלכער איז אַ פילאָלאָגישער און ניט קיין פּאָליטי־שער. איך האָב נאָר געוואָלט בעווייזען, אַז די „דערציהערישע" בעוועגונג איז אַנטי־דייטשיש און דארום אויך פּראָגרעסיוו, ווי יעדער אַנדער זאַך, וואָס איז געגען דייטשלאַנד.

אָבער ווי זאָגט מיין פריינד שלמה־זלמן: יאָ דייטש, ניט דייטש — אַ קינד מוז מען ע ר צ י ה ע ן, ניט ד ע ר צ י־ה ע ן. דערציהען, זאָגט ער ווייטער, קען מען נאָר דערציהען זאַ־כען, וואָס זיינען ווי אַ לאַסט אויפ'ן מענשען — צום ביישפּיל: דערציהען די יאָהרען. האָב איך איהם אפילו געזאָגט, אַז קינ־דער זיינען אויך נישקשה פון אַ לאַסט. האָט ער מיר געזאָגט: וועל, אויב מען וויל זיי אָבער געבען אַ רעכטע ערציהונג, מוז מען זיי ע ר צ י ה ע ן, ניט ד ע ר צ י ה ע ן. און די, זאָגט ער, וואָס ווילען באמת ערציהען די אידישע שפּראַך, זיינען

פריינדליכסט געבעטען רחמנות צו האבען אויף איהר און ניט דערציהען איהר די יאהרען.

הויפטזעכליך, זאגט ער, דארף מען וויסען, אפילו אין פילאלאניע, וואו דער חמר שטעהט, און שטעהט דער חמר אין שטאל, מעג ער אפילו זיין א דייטש, מוז ער אלץ בלייבען א חמר.

ניט אזוי אפשר, אונזערע גרויסע דערציהער?

---

וועגען זעלבסטמארד.

איך האב געלייענט אין די פייפערס, אז עס האט זיך גע־גרינדעט ני סאסייעטע אזא, וואס זאל אפהאלטען מענשען פון צו בעגעהן זעלבסטמארד. פליינער גערעדט: צו סטאפען זעלבסטמארד, און יעדער איינער זאל מוזען אויסלעבען זיין ביסעל יאהרען, סיידען עמיצער אנדערש וועט אויף איהם רחמנות האבען און ערמארדען איהם, אדער עס וועט זיך אונטעררוקען א קראנקהייט ר"ל אדער א קאר, אדער א טריין, אדער אן אטא־מאביל א. ד. גל.

אז איך האב דאס איבערגעלייענט, בין איך גלייך אוועק צו מיין לאנדסמאן שלמה־זלמן, און מיר האבעןביידע ארומ־גערעדט די זאך באריכות, און מיר האבען צוויישטימיג בע־שלאסען, אז עס וועט זיין אן אמת'ע מערדעריי פון דער סאסייע־טע אפצוסטאפען זעלבסטמארד. ווי איז פונדעסטוועגען פארט, פרעג איך צוזאמען מיט מיין לאנדסמאן שלמה־זלמן, אז איינער וויל בעגעהן זעלבסטמארד, זאל ער געהן דינגען א גענגסטער, וואס זאל איהם אפראמען פון וועג? און דאן קען מען נאך איהם משפט'ען פאר דינגען א גענגסטער אויף צו הרג'ענען א מענשען, מעג דער מענש זיין ער אליין! און ער קען גאר געהן אויפ'ן עלעקטריק טשער צוזאמען מיט'ן גענגסטער, אזוי ווי דאס גע־זעץ לויטעט. איז וואס האט מען דאן אויסגעפיהרט? אונטער

דעם זעלבסטמארד־סיסטעם קומט נאר איין מענש אום, און דא וועלן צוויי מענשן אומקומען!

אפצוסטאפען זעלבסטמארד, טראכטען מיר ווייטער, הייסט דאס ניט מעהר און ניט ווייניגער, ווי צו מאכען דאס לעבען אזוי זיס, אז עס זאל זיך פון איהם בשום אופן ניט וועלען אנטלויפען. ווי מאכט מען אבער זיס דאס לעבען? צוקער אנשיטען אין איהם? א באקס קענדי געבען אלס פרעמיום צום לעבען?

איהר זאגט, אז ארבייט מאכט זיס דאס לעבען? אבער מיין לאנדסמאן שלמה־זלמן, וועלכער איז סאציאליסטיש געשטימט, כאטש ער שטימט ניט סאציאליסטיש (עס זיינען דאך דא אזעלכע סאציאליסטען!), זאגט, אז ארבייט מאכט זיס דאס לעבען, אבער ניט פאר׳ן ארבייטער.

מיר שטימען ביידע איין מיט דער אנטי־זעלבסטמארד סאסייעטע, וועלכע רופט זיך „סעיוו־עי־לאיף־ליג“, אז דער דלות איז דער גרעסטער זעלבסטמארד־אגיטאטאר, און מיר וועלען זיי דאנקען פון טיפען הארצען, אויב זיי וועלען איהם מאכען צו מופען. מיר שטויסען זיך אן, אז צו ווייט וועלען זיי ניט געהן, און העכסטענס וועלען זיי איין ארימאן אונטערקויפען מיט אן אלטגעבאקענעם זעמעל, כדי ער זאל האבען חשק צו לעבען און צו האפען אויף נאך א זעמעל. אבער וואס וועלען זיי טאן, אז דער ארימאן וועט ניט וועלען בעגעהן זעלבסטמארד, נאר ער וועט גלאט אוועקשטארבען פון הונגער? זיי זוכען דאך נאר צו בעקעמפען זעלבסטמארד, אבער ניט דעם טויט. מעג ער אפילו זיין א הונגער־טויט. און ווי איז דער דין מיט א באנקיר, וואס פערגעמבעלט געלט פון דעפאזיטארס און איהם בלייבט נאר איבער א פאר טאלער אויף צו קויפען א פערזשאווערטען רעוואלווער? און וואס וועלען זיי טאן מיט א זעלבסטמערדער, וואס וויל נאר סיידי׳ן און ניט קיידי׳ן? און צום סוף פרעגען מיר: וואס וועט די סאסייעטע טאן, אז דער זעלבסטמערדער וועט איהר ניט אנזאגען, אז ער בעגעהט זעלבסט־

מאָרד? און ווען איינער וועט שוין יאָ זיין אַן אנשטענדיגער מענש און אָנזאָגען דער סאָסייעטע, אַז ער וויל בעגעהן זעלבסטמאָרד, פון וואָנען וועט זי וויסען, אַז ער בלאָפט איהר ניט, אַז ער וויל נאָר אויסנאַרען אַ לעבעל ברויט?

ניין, דער גאַנצער פּלאַן געפעלט אונז ניט. נאָר מיר האָפען, אַז קיינער וועט ניט ערמוטיגט ווערען פון אונזערע ארגומענטען פאַר זעלבסטמאָרד. אויב עמיצער וויל בעגעהן זעלבסטמאָרד, זאָל ער עס געזונטערהייד טאָן אויף זיין אייגענע אחריות, און ניט זאָגען, אַז מיר האָבען דאָס איהם צוגערעדט.

וועגען אָפענע פענסטער.

די מעדיצין, ווייסט איהר דאָך, הייסט האַלטען אָפען די פענסטער. אָפענע פענסטער, זאָגט זי, איז געזונט.

מילא, דאָס איז דאָך דער מעדיצינישער שטאַנדפּונקט, וועלכער איז אגב־אורחא ניט ש ט אַ נ ד האַפט און ניט פּ י נ ק ט ליך, און ווען ס'איז קאַלט, האַלט אפילו אַ דאָקטאָר פערמאַכט די פענסטער ביי זיך אין הויז. אָבער ס'איז דאָ גענוג אַנדערע שטאַנדפּונקטען, וועלכע קענען אפשר זיין געגען אָפענע פענסטער.

פון אַרכיטעקטאָרישען שטאַנדפּונקט:

פענסטער זיינען געמאַכט געוואָרען, כדי צו פערמאַכען זיי, ניט, כדי צו עפענען זיי. וואָרום ווען ניט, צו וואָס האָט מען זיי איינגאַנצען געדאַרפט מאַכען? מען האָט דאָך פּשוט געקענט אויסהאַקען עטליכע לעכער אין הויז אַנשטאָט די פענסטער, און עס וואָלט פערשפּאָרט געווען צו אַגיטירען פאַר אָפענע פענסטער. איי, טאָמער וועט אַן אַנדער געגנער פון פרישע לופט פערשטאָפּען די לעכער מיט שמאַטעס, נו, קען מען דאָך איינגאַנצען מאַכען די הייזער אָהן ווענט, און מענשען וואָלטען דאַן מיט גוואַלד מוזען שעפּען פרישע לופט!

פון קולטור־היסטאָרישען שטאַנדפּונקט:

ס'איז געווען א צייט, ווען מענשען זיינען געווען גאר ווילד, האבען זיי זיך ארומגעשלעפט אונטער'ן פרייען הימעל און האַבען געהאט געגוג פרישע לופט. אז זיי זענען געווארען ציוויליזירטער, האבען זיי גענומען בעהאלטען זיך פון די פרישע לופט אין היילען און אין נארעס. אז זיי זיינען געווארען נאך ציוויליזירטער, האבען זיי גענומען בויען צובּיסלעכווייז הייזער, ביז זיי האבען דערגרייכט די העכסטע שטופע פון דער ציוויליזאציע — פערמאכטע פענסטער. אלזא, זעהען מיר, אז די געשיכטע פון דער מענשהייט איז א קאמף מיט פרישע לופט, און צו הייסען עפענען די פענסטער הייסט דאס צוריקקעהרען זיך צום אמאליגען פרימיטיווען, ווילדען צושטאנד.

גענגען דעם איז אויך דער פראגרעסיווער שטאנדפּונקט. מיר מוזען געהן פארווערטס, ביז די פרישע לופט זאל פערטריבען ווערען אין אל־די פוסטע וועלדער און וויסטע פעלדער און אויך אין די סאניטאריומס.

און צולעצט פון סאציאל־עקאנאמישען שטאנדפּונקט, מוז מען זאגען, אז צו פרישע לופט מוז מען האבען א געזונטען קערפער מיט א סך בלוט, אניט קען מען די קעלט ניט פערטראַגען, ווארים פרישע לופט און קעלט געהען דאס רוב האנט אין האנט. עך, הערר דאקטאר, וואו נעהמט מען א גוטען, נארהאפטען מאלצייט מיט א פאר װאַלענע אונטערוועש מיט רעכטע בגדים, אום צו קענען פערדייהען די פרישע לופט?

ניין, פרישע לופט איז ניט פאר קבצנים, וועלכע האבען אויף זייער קערפער ניט מעהר ווי הויט און ביינער!

.1916

# כאנדריקעווע.

א דאנק דער מלחמה האָט כאַנדריקעווע זוכה געווען דער־מאָנט צו ווערען אין די אָפיציעלע קריעגס־בעריכטען און ווערען א געאָגראַפיש־סטראַטעגישע בעריהמטהייט, איבער וועלכער די רוסען און די דייטשען האָבען זיך אָהן רחמנות געשלאָגען.

פריהער האָט די געאָגראַפיע ניט געוואָלט וויסען פון כאַנ־דריקעווע, און אין פרידענסצייטען וואָלט איהר זי אָסור געפּו־נען אויף דער לאַנד־קאַרטע: א פערוואָרפען קליין שטעטעלע, כמעט ווי א דערפעל, ערגעץ אין דער אָרימער ליטע, ווי קומט זי צו א לאַנד־קאַרטע?

כאַנדריקעווע איז אפילו אין דער אייגענער גובערניע ניט געווען פּאָפּולער. דערפאַר איז זי פּאָפּולער געווען אין אמערי־קע, א לאַנגע צייט פריהער, נאָך איידער די מלחמה האָט אויס־געבראָכען און האָט זי פון דער וועלט אָפּגעווישט.

פּאָפּולער אין אמעריקע? איהר וואונדערט זיך? יאָ, נאָך ווי פּאָפּולער! א וועלט־מאַכט איז כאַנדריקעווע געוואָרען אין קאָלאָמבוס'עס מדינה מיט פיעלע קאָלאָניעס, ווי איהר וועט ווייטער זעהן, רבותי! א געזונט טאַקע צו קאָלאָמבוס'ען! ביי איהם ארבייט זיך אפילו א כאַנדריקעווע ארויף, און אָהן בלוט־פערגיסונג, אָהן מלחמות. ס'איז געווען א פּשוט'ע פרידליכע קאָלאָניאַל־פּאָליטיק, וואָס כאַנדריקעווע האָט דאָ געפיהרט דורך איהרע לאַנדסלייט. ביסלעכווייז האָט זי דאָ איינגענומען איין

פּאָזיציע נאָך דער צווייטער, ביז זי האָט זיך פערשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט איבער'ן גאַנצען לאַנד.

צוערשט איז מען אין קאָלאָמבוס'עס מדינה געוואָהר גע־וואָרען פון כאַנדריקעווע דורך דער „חברה אנשי כאַנדריקעווע נוסח האריז"ל", וועלכע האָבען עד היום נאָך זייער שוהל אויף דער איסט סייד אין אַ האָל בשותפות מיט אַ לאָקאַל פון אַ יוניאָן און אַן אַנאַרכיסטישע גרופּע. די גרינדער פון דער דאָזיגער חברה זיינען דאָס געווען די ערשטע אימיגראַנטען, פּיאָנירען הייסט עס, מק"ק כאַנדריקעווע, וועלכע זיינען געפאָהרען זוכען פּרנסה קיין אַמעריקע. זיי זיינען געווען פערברענטע ליבאַווי־טשער חסידים, און ווי עס איז נאָר געוואָרען אַ מנין כאַנדריקע־ווער חסידים, אַזוי האָבען זיי געמאַכט אַ חברה און אָנגעהויבען צו דאַוונען אין אַמעריקע בצבור על פּי נוסח האריז"ל.

כאַנדריקעווע אָבער בעשטעהט ניט דורכאַוים פון ליבאַווי־טשער חסידים. עס זיינען דאָרט פאַראַן אויך אַ היבש ביסעל מתנגדים, און די מתנגדים דאָרטען זיינען אויך ניט קיין גרויסע גבירים, און אויך זיי האָבען אָנגעהויבען פאָהרען קיין אַמעריקע זוכען פּרנסה.

די ערשטע מתנגדים־אימיגראַנטען מק"ק כאַנדריקעווע האָ־בען די ערשטע צייט געמוזט, נעביך, פינסטערן אין גלות ביי זייערע אויסגעגרינטע חסידי'שע לאַנדסלייט און דאַוונען נוסח האריז"ל. אַזוי שנעל אָבער ווי זיי האָבען זיך אַרויפגעאַרבייט אויף אַ מנין כאַנדריקעווער מתנגדים, האָבען זיי געמאַכט אַן אייגענע חברה „אנשי כאַנדריקעווע נוסח אשכנז" און האָבען נאָר פרייער אָפּגעאָטעמט.

די ערשטע צייט איז די אַמעריקאַנער כאַנדריקעווע גע־ווען קאָנצענטרירט אויף איין סטריט דאַון־טאַון, לאָמיר זאָגען: „מאַנעראָל סטריט", און די דאָזיגע סטריט איז געווען פּאָפּולער אַפילו אין דער ליטווישער כאַנדריקעווע. יעדער כאַנדריקעווער אין כאַנדריקעווע גופא האָט געוואוסט, אַז ער דאַרף פאָהרען

ניט קיין אַמעריקע און אפילו ניט קיין ניו־יאָרק, נאָר קיין „מאַ־נעראַל סטריט".

שפּעטער אָבער האָט ק"ק כאַנדריקעווע פון ניו־יאָרק זיך אָנגעהויבען צו בעוועגען — כאָטש קיין גאַלוועסטאָנער בעוועגונג איז נאָך דאַן ניט געווען — און האָט גענומען מופען אַפּטאון, קיין האַרלעם און אפילו קיין בראָנקס, און אויך קיין ברוקלין און בראָנזוויל. אָבער כאַנדריקעווער פערגעסען ניט, אַז זיי זיינען כאַנדריקעווער, וואו זיי זאָלען ניט זיין, און אַרויסמופענדיג פון דער דאון־טאונער סטריט, האָבען זיי זייער כאַנדריקעווער פּאַטריאָטיזם מיט זיך גענומען אויף די נייע ערטער און געגרינדעט נייע כאַנדריקעווער חברות.

דאָ מוז בעמערקט ווערען, אַז דאָס איז נאָך געווען פאַר די רדיפות אויפ'ן הייפעניזם, ווען אפילו רוזוועלט פלעגט אַדרעסירען די כאַנדריקעווער ערב־עלעקשאַן: „מאַי פעלאָו סיטיזענס, כאַנדריקעווער־אַמעריקענס!" דענסטמאָל איז געווען „כאַנדריקעווע פויערסט", ניט „אַמעריקע פויערסט". איצט קעהרען מיר זיך צוריק צום ענין:

כאַנדריקעווע, דאַרפט איהר אָבער וויסען, האָט אַחוץ שוהל־אידען אויך יונגוואַרג, פּראָגרעסיסטען און ראַדיקאַלען מכל המינים. די ערשטע צייט איז די פּראָגרעסיוו־ראַדיקאַלע אימיגראַציע מק"ק כאַנדריקעווע ניט געווען אַזוי שטאַרק (די ט א ט ע ס זיינען נאָך אַלץ געפאָהרען), און דאָס ערשטע הייפעלע פּראָגרעסיוו ראַדיקאַלע אימיגראַנטען האָבען זיך אָרגאַניזירט דאָ אין אַ פעראיין אונטער'ן נאָמען „פּראָגרעסיוו־ראַדיקאַל אינדעפּענדענט יאָנג פּיפּל אָוו כאַנדריקעווע".

וואָס אַמאָל אָבער איז דער פּראָגרעסיוו־ראַדיקאַלער עלעמענט פון כאַנדריקעווע געוואָרען אַלץ שטאַרקער און גרעסער אין ניו־יאָרק און זיי האָבען זיך גרופּירט לויט זייערע אנשויאונגען און פּאַרטיי־פּראָגראַמען. ביסלעכווייז איז אויסגעוואַקסען

געוואָרען אַט אזא מין צעטעל פון כאָנדריקעווער פראָגרעסיווע פעראיינען:

כאָנדריקעווער ברענטש פון „בונד", כאָנדריקעווער ברענטש פון די ס. ט., כאָנדריקעווער ברענטש פון די פועלי־ציון, כאָנדריקעווער גרופע פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, כאָנדריקעווער הילפס־פעראיין פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, כאָנדריקעווער אַנאַרכיסטישע גרופע, כאָנדריקעווער פראָגרעסיווער ברענטש ארבייטער רינג 0000, כאָנדריקעווער ברענטש 000 אידיש נאַציאָנאַלער ארבייטער־פערבאַנד, כאָנדריקעווער יאָנג מענס ענד יאָנג ליידיס, כאָנדריקעווער יאָנג פרענדס אסס'ן און שוין דער אויבענדערמאָנטער פעראיין „פראָגרעסיוו־ראַדיקאַל אינדעפּענדענט יאָנג פּיפּל אָוו כאָנדריקעווע," דער ערשטער פעראיין וועלכער האָט געלעגט דעם פונדאמענט פאר'ן פראָגרעסיווען געדאַנק פון כאָנדריקעווע אין אמעריקע.

היינט דארפט איהר נאָך וויסען, אז כאָנדריקעווע האָט אויך א טאלענט צום זינגען, צום דעקלאַמירען, צום פּאָרלעזען און צו אַלעס, וואָס האָט א שייכות מיט דער טעאטער־קונסט. דער רעזולטאט דערפון זיינע די פעראיינען: פראָגרעסיוו דראמאטיק סוירקל אָוו כאָנדריקעווע און בעטהאָווען מיוזיקעל סינגינג סאָסייטי אָוו כאָנדריקעווע.

היינט, וואו איז נאָך נוארק, פילאַדעלפיע, באָסטאָן, שיקאַגאָ און אַלע אנדערע שטעט אויסער ניו־יאָרק, וואו די כאָנדריקעווער האָבען זיך פערשפרייט? און וואו נאָר א כאָנדריקעווער האָט זיין פוס געשטעלט, איז א חברה אדער א פעראיין געוואָרען.

עס איז אויך דאָ נויטיג צו בעמערקען, אז כאָנדריקעווע, א דאַנק איהר יונגען עלעמענט, האָט זוכה געווען געדרוקט צו ווערען אין ענגליש אויף פּאָוסטערס, אויף וועלכען עס ווערען אדווערטייזט די בעלער און קאָנצערטען פון די כאָנדריקעווער

פעראײנען. אײן פּאָוסטער אזא האָט זאָגאר פערבלאָנדזשעט אין אַ פענסטער אין אַ געהויבענער, אַריסטאָקראַטישער סטריט, וואו אַ כּאַנדריקעווער לאַנדסמאַן האַלט אַ סטײשאָנערי און סי־גאַר סטאָר. עס זײנען שוין דאָ אַ היבש ביסעל אַמעריקאַניזירטע כּאַנדריקעווער, און איהר ווײסט דאָך, אַז ענגליש האָט טראַ־בעל מיט׳ן „כּף“, איז כּאַנדריקעווע בײ זײ שוין געוואָרען „טשאַנדריקעווע“.

אָט אַזוי ווי איהר זעהט, איז כּאַנדריקעווע אַרויסגעקראָ־כען פון איהר ליטווישער בלאָטע און האָט זיך אַרויפגעאַרבײט אין אַמעריקע.

דער אַמעריקאַנער כּאַנדריקעווע אָבער געהט ניט אײן איהר גאַנצע גדולה, ווען זי דערמאָנט זיך, וואָס פון דער אָריגינעלער כּאַנדריקעווע איז איצט געוואָרען. די אַמעריקאַנער כּאַנדריקע־ווע וואָלט עפּעס וועלען טאָן פאַר דער אָריגינעלער כּאַנדריקע־ווע, אָבער איהר ווײסט דאָך, אַז זי קען זיך ניט אײניגען און האַלט זיך אין אײן אַרומרײסען און שפּאַלטען זיך אין נאָמען פון אחדות.

# א הספד נאָכ'ן אינדיק.

(לכבוד טהענקס־גיווינג־דעי).

אָט ליגט ער פאַר מיר אויסגעצויגען אויפ'ן פּאָלומעסאַק מיט'ן פּופּיק אַרויף, במחילה, דער גרויסער האָלדער־האָלדער־העלד, דער שטאָלץ און ליבלינג פון אַנקעל סעם, וועלכער ליגט היינט ביי אַלעמען אין די מיילער פון איין עק־לאַנד ביז'ן צווייטען.

דער סוף פון דעם אינדיק! ווי לאַנג, דאַכט זיך, איז דאָס געווען, ווי ער האָט געמיינט, אַז „אני ואפסי אין עוד", אַז דער פּאַרמער איז ניט מעהר ווי זיינער אַ משרת, וועלכער איז בע־שאַפען געוואָרען נאָר איהם צו שטאָפּען מיט כל טוב? ווי לאַנג איז דאָס געווען, ווי ער האָט וואַזשנע אַרומגעשפּאַצירט גאוה־דיג אויפ'ן פאַרם, געבלאָזען זיך אויף וואָס די וועלט שטעהט, געטוירקי־טראָטעט מיט זיין אינדיטשקע און געהאָלדערט אויף זיין אינדיק־לשון, מיינענדיג, אַז דער דאָזיגער האָלדער־לשון איז דער שעהנסטער און דער בעסטער אין דער גאַנצער וועלט און אַז דער האָהן (אויך נישקשה פון אַ בעל־גאוה...) מיט זיין קוקוריקו דאַרף זיך אין קאַטוך בעהאַלטען?

ווי לאַנג, ווי לאַנג איז דאָס געווען? טעג, ניט קיין יאָה־רען, סיידען ער איז פון דעם קאַלך סטאַרעדזש סטאַק... און היינט ליגט ער, דער גבור, דער העלד, אַ געבראָטענער אויפ'ן מזבח פון דעם מענשליכען אַפּעטיט!

אהא, דער מענשליכער אפעטיט! קיין זאך איז פאר איהם ניט צו קליין. אלעס קען ער פערדייהען...

איך קוק אויף איהם, אויפ'ן געבראטענעם אינדיק, די סלי־נע רינט מיר (אויך א זינדיגער מענש ווי אלע — וואס קען איך העלפען?) פאר גרויס תאוה, און אין הארצען קוועטשט מיר פאר גרויס רחמנות... עס ווילט זיך מיר איהם מספיד זיין פון וועגעטאריאנישען שטאנדפונקט און אויסשרייען: „מענשען! וואס האט איהר געהאט צום ארימען אינדיק? צער בעלי־חיים! א רחמנות אויפ'ן אינדיק! גזלנים, רוצחים, אינדיק־פרעסער! קראנק זייט איהר גראז צו עסען? וואס איז דער אינדיק שולדיג, אז איהר האט פראספעריטי דאס יאהר געהאט (מישטיינס גע־זאגט...) און איהר ווילט גאט דאנקען דערפאר? וואס האט ער צו טאן מיט אייער פראספעריטי, מיט אייער גאט דאנקען, מיט אייער צבועצטווא?"

נאר איך וויל ניט בעשולדיגען און פערדאמען די גאנצע מענשהייט סך הכל צוליב אן אינדיק. צער בעלי־חיים? א רחמנות אויפ'ן אינדיק? זאל ער ווארטען אביסעל, דער אינ־דיק! "טשאריטי בעגינס עט האום", זאגט אנקעל סעם, און ער איז טאקע גערעכט. אויב עס האנדעלט זיך דא נאר וועגען רחמנות, וועגען צער בעלי־חיים, זיינען מיר מענשען בילכער ווי דער אינדיק.

ניין, טייערער אינדיק! דו קענסט נאך קיין יושר ניט מאנען ביי אונז. דער בחיר פון אלע בעשעפענישען, ד. ה. זיין מאיעסטעט דער מענש, איז נאך ניט ארויס פון דער מדרגה פון קאניבאליזם, און דו ווערסט דאך אליין מוזען צוגעבען, טייערער אינדיק, אז עס איז עפעס א צו גרויסער שפרונג פון קאניבאליזם צו וועגעטאריאניזם. עס מוז געהן בההדרגה; עס מוז נעהמען צייט. דערווייל האלטען מיר ערשט ביים צוואנציגסטען יאהר־הונדערט. נאך קיין צוויי טויזענט יאהר ניטא, ווי די מענשהייט מענשעלט זיך, מיין איך קריסטעלט זיך...

נארישער אינדיק וואס דו ביסט! יא, נארישער... דאס איז דער איינציגער שבח, וואס איך קען אויף דיר זאגן. מיט טענות, מיט תביעות קומסטו צום מענשען! אויף זיין אייגענעם מין האט ער, דער מענש, קיין רחמנות ניט, ווילסטו, אז ער זאל רחמנות האבען אויף ווילד־פרעמדע בריאים! ווייסטו דען ניט, אז אויף איין אינדיק ווערען ביי היינטיגען טאג אם ווענינסטען צעהן מענשען דער׳הרג׳עט? איך האב ניט קיין גענויע סטא־טיסטיק, אבער איך בין זיך אזוי משער, און איך גלויב, אז עס איז קרוב אל האמת, אויב ניט מעהר. יעדענפאלס איז א מענש א סך, א סך ביליגער פון אן אינדיק, און דערמיט אליין מענסטו זיך שוין, דו נארישער אינדיק, איבערנעהמען.

ביז דיין קומען אויפ׳ן טעלער האסטו לכל הפחות פון א לעבען געוואוסט. קיין דאגות פרנסה האסטו ניט געהאט. פון אלע זייטען האט מען דיך געשטאפט און געקיכעלט, מיט כל טוב געקארמעט. אמת, דו האסט א טעות געהאט, דו האסט געמיינט, אז מען שטאפט דאס דיך פון דיין אייגענער הנאה וועגען, דו זאלסט קענען בלאזען זיך, האלדערן און טווירקי־טרא־טען. דו האסט נאך אפשר געמוזט טראכטען ביי זיך: „ווי גוט די מענשען זיינען!" אדער: „ווי נאריש די מענשען זיינען!" דען א סך מיינען, ניט נאר אינדיקעס פון דיין גלייכען, אז גוטסקייט און נארישקייט זייגען א צווילינג.

אויף דיין לעבען האסטו געווים ניט וואס צו בעקלאגען זיך, און אפילו ניט אויף דיין טויט. זעה נאר אליין, אויב דו קענסט נאר, ווי דו ליגסט אויסגעצווינגען ווי א פריץ, וואס פאר א פאראדעס מענשען מאכען פאר דיר איצט נאך דיין טויט. גיב נאר א קוק, אויב דו קענסט נאר, ווי די מענשען האבען דיך אויסגעפוצט אין עסיג און אין האניג און א יום־טוב מיט גאנץ הלל געמאכט פאר דיר! עפען דיינע אויגען און זעה ווי מענשען קוקען אויף דיר מיט ליבע און לעקען פון דיר די פינגער!

צו אזא כבוד האבען נאך די מענשען אליין ניט זוכה געווען, ניט ביים לעבען, ניט ביים טויט.

א נאש בראט, א בשר ודם, איז הפקר ביים לעבען און הפקר נאכ'ן טויט. ווער קוקט זיך אויף איהם אום? ווער דאגה'ט פאר איהם? האט ער יא עסען, האט ער ניט עסען... אקער מיט דער נאז די ערד, און די צרה איז נאך, וואס ער, דער מענש הייסט עס, האט בלויז א נאז און ניט קיין ערד צום אקערן, אדער, אז שוין גאר גוט, דארף ער די ערד פאר פ ר ע מ ד ע אקערן, פאר אזעלכע וואס דארפען זייערע נעזער אויף צו שמעקען בלומען, פארפיומען, אדער אויף צו ווישען זיי מיט זיידענע נאזטיכלעך. אדער זיי דארפען די נאז אויף אריינצושטעקען וואו מען דארף נים, אויב זיי האבען שוין גארניט וואס צו טאן.

אט דאס איז, ברודער־אינדיק, מיט א נאש־בראט ביים לעבען. היינט דער טויט? פרעג שוין גארניט! גיב א קוק, ווי זיי פוילען דארט אין די הונדערטער טויזענט אויף די שלאכטפעלדער, און וואו ניט... ווער קוקט זיך אויף זיי אום? אויף דיין טויט האט מען כאטש א ברכה געמאכט, געזעהן, אז דער חלף זאל אהן א פגימה זיין, זאלסט וועניגער שמערצען האבען. אבער מיט א נאש־בראט, איבערהויפט אויפ'ן שלאכטפעלד, צערעמאניעט מען זיך וועניג וואס. מען רייסט ארונטער העגט און פיס, און פויזע אויפ'ן בויך, אזוי ווי די פערשאלטענע שלאנג, און אזוי ווי זי, קיי די ערד, ביז די נשמה וועט דיר אויסגעהן.

אט דאס איז א מענש, טייערער אינדיק! ער האט קיין ווערדע ניט אין א שטילער צייט, אין א צייט פון שלום און ברידערליכקייט, און נאך מעהר איז ער גארנישט מיט גארנישט אין צייט פון מלחמה.

שווייג בעסער, דו נארישער אינדיק, און זיי צופרידען וואס דו ליגסט אויף א ריינעם טעלער, אויף א שניי־ווייסען טישטוך אין א ווארימען הויז, ניט ערגעץ דארטען אויפ'ן פעלד אין

בלאַטע, אַ צוריסענע אין שטיקער פון אַ גראַנאַטע אָדער אַ שראַפּנעל.

מאַן ניט קיין רחמנות, קיין צער־בעלי־חיים! אפּעליר ניט צו אונזערע וועגעטאַריאַנישע געפיהלען... וועגעטאַריאַנישע גע־פיהלען! איך זאָג דיר דעם אמת, אז ווען איך געה איצט פאַר־ביי אַ וועגעטאַריאַנישען רעסטאָראַן, וואָלט זיך מיר וועלען אַ תל פון איהם מאַכען, ער זאָל מיר ניט דערמאַנען אָן דער מענשליכער צבועצטווע, אז אין אַ קליין ווינקעלע, די גרויס ווי אַ פּינטעלע, האָבען זיך מענשען אַ טעמפּעל פון צער בעלי־חיים איינגעשטעלט, און איבער דער גאַנצער וועלט, ווי גרויס זי איז, גיסט זיך בלוט, ניט פון אָקסען, היהנער און אינדיקעס, נאָר טאַקע פון מענשען...

יאָ, פאָרער ניט קיין יושר! אייל זיך ניט! עס איז נאָך דאָ צייט. די וועלט געהט נאָך ניט אונטער. דער מענש פּראָגרע־סירט, און ער איז שוין צו דיין מדרגה געקומען — אַ טוירקי־טראָט זיך אויסגעלערנט. און אז גאָט וועט העלפען, וועט ער נאָך עפּעס העכערס זיך אויסלערנען, און דאַן וועסטו פון איהם מענשליכקייט פערלאַנגען.

און דערווייל ליעג און שווייג. זאָלען מענשען פון דיר הנאה האָבען און גאָט דאַנקען פאַר די הצלחה און מזל־ברכה, פאַר די שפע און כל טוב וואָס ער האָט אויף אונזער אָרימער ערד אַרונטערגעשיקט.

לאָמיר גאָט דאַנקען און עסען אינדיק, ווער עס האָט נאָר.

# יענע וועלט.

ניט וועגען דער „יענער וועלט“ פון מיינע עלטער־זיידעס און עלטער־באבעס וויל איך דא רעדען.

זייער „יענע וועלט“ איז פאר מיר צו אלטמאדיש, צו קאנסערוואטיוו. זי איז ניט אין איינקלאנג מיט'ן פרייען גע־דאנק.

איך בין א ציוויליזירטער מענש, און איך דארף האבען א „יענע וועלט“ מיט אלע מאדערנע אימפּרואוומענטס, מיט סטים־היט, מיט עלעקטרישע בעלייכטונג, מיט א מירמעלשטיינערנע וואנע, מיט א שפּריץ־באד, מיט „אפען פלאמבינג“ און אז. וו.

אמת, אויף יענער וועלט קומט מען אהן דעם שמוציגען קערפּער, אבער איך גלויב, אז א גייסט דארף מען האלטען אזוי דיין ווי דעם קערפּער.

איך רעד דא אלזא וועגען דער וויסענשאפטליכער „יענע וועלט“, פון וועלכער דער בעוואוסטער ענגלישער וויסענשאפטס־מאן סער אליווער לאדזש האט געקראגען א ווארימען גרוס פון זיין זוהן רעימאנד, וועלכער איז געפאלען אין שלאכט.

ס'איז, פערשטעהט איהר מיך, ניט קיין זאבעבאנעס, מעשיות און חאסדעס פון גוטע אידען, וועגען נשמות פון צדיקים, וואס רעדען זיך צוזאמען; וועגען טויטע, וואס קומען צו חלום אדער אויפ'ן וואהר. דאס האט געזאגט איינער פון די ליכט פון דער וויסענשאפט. ער האט גערעדט מיט זיין

זוהן (אמת, דורך א שליח), און דער זוהן האט איהם געלאזט וויסען, אז ער פיהלט זיך גאנץ גוט אויפ'ן עולם האמת, אז ער וואוינט אין א גאנץ פיין הייזעל, געבויט פון ציגעל, און אז דאקטוירים מאכען אויך דארטען גלענצענדע ביזנעס, איבער־הויפט כירורגען, וועלכע זיינען איצט דארטען ביזי מיט גאנץ מאכען די קערפערס, וואס ווערען צושאסען אין פיץ־פיצלעך פון האוויצערס, מארטארס און אנדערע משחיתים.

איצט, פערשטעהט איהר מיך, איז די געשיכטע גאנץ אנ־דערש. איך וועל אייך זאגען דעם אמת, און איהר מעגט מיך אנרופען פייגלינג, נאר דער אמת איז, אז איך האב ביז אהער פאר'ן טויט אמת מורא געהאט, איבערהויפט פאר'ן וויסענ־שאפטליכען טויט, וועלכער רייסט איבער אהן שום רחמנות אלע פערבינדונגען צווישען דעם מת און אונזער זינדיגע וועלט. ס'איז דאך אן אמת'ע רציחה מיט'ן שטארבען! וואס הייסט, מען שטארבט און מען קען אפילו ניט איבערלייענען נאך זיך דעם נעקראלאג אין די צייטונגען, אויב מען איז א מעהר אדער וועני־גער גרויסער מענש! פע, א פאסקודנע זאך דאס שטארבען! איצטער אבער, אז אזא געלערנטער מענש, ווי סער אליווער לאדזש, וועלכער האט צו טאן מיט אזא אפיקורסישען געגענ־שטאנד ווי פיזיקע, זאגט, אז ס'איז דא א יענע וועלט, און נאך אהן א גיהנום און אהן אייזערנע ריטער, איז דאך פשוט א פלע־זשור צו שטארבען!

היינט דאס שטארבען איז גאר קיין שטארבען נים. ס'איז אזוי ווי מען וואלט מופען פון איין דירה אין אן אנדערער. מו־פען? „עני טאים!" און נאך אין א געמוירערט הויז! איך וועל שוין פאר'ן אנדערטייקער מיט'ן שווארצען וואגען מעהר ניט מורא האבען. איך וועל אויף איהם קוקען ווי אויף א רעגעלען עקספרעסמאן.

איך גלויב, אז אפילו דער פערביסענסטער פריידענקער וועט נארנישט האבען וואס אויסצוזעצען געגען אזא יענער

וועלט. ווארים, צווישען אונז גערעדט, איז אין פּרינציפּ קיינער ניט געגען א יענער וועלט, און זאָל מען דעם גרעסטען אפּיקורס אונטערטראָגען נאָכ׳ן טויט א שטיקעל שור הבר און א שטיקעל געפּילטען לויתן מיט א קעלישאָק יין המשומר, וועט ער עס מיט פּערגעניגען נעהמען. אפילו א וועגעטאריאנער וועט אויך זיך נאָכ׳ן טויט מתיר מאכען צו עסען פונ׳ם שור הבר און פונ׳ם לויתן, און דער פערברענטסטער פּראָהיבישאָניסט וועט מיט פרייד נעהמען א קאָפּיטשקע פונ׳ם יין המשומר נאָכ׳ן טויט.

ווער וויל דאָס שטאַרבען אויף אייביג? אפילו ניט מיין פריינד שלמה־זלמן, וואָס ער זאָגט, אז דאָס לעבען איז איהם שוין נמאס געוואָרען. איצט, זאָגט ער, נאָך סער אַליוועֶר לאָדזש׳ס ענטדעקונג וועט טאָקע זיין פרעהליכער צו שטאַרבען, ווייסענדיג, אז מען קען נעהמען א טראנספער און לעבען ווייטער.

זיין ברודער יששכר־בעריש גלויבט נאָך אין דער אַלטער „יענער וועלט". ווען שלמה־זלמן האָט איהם דערצעהלט די מעשה מיט לאָדזשען, ווי אזוי ער האָט זיך צוזאמענגערעדט מיט זיין זוהן רעימאָנד פון יענער וועלט, האָט זיך יששכר־בעריש הויך צולאכט:

— וואָס מיר לאָדזש, סמאָדזש? שוטה, וואָס דו ביסט! וואָס דאַרפסטו זיין יענע וועלט, אז עס וועט פאר דיר גענוג פּלאַץ זיין אין מיין יענער וועלט? וואָס דאַרפסטו קריכען צו די גוים? ווייניג שטעהען מיר זיך אוים פון זיי אויף ד ע ר וועלט, ווילסטו נאָך מיט זיי זיין צוזאמען אויף יענער וועלט? שוטה, וואָס דו ביסט! אז איך האָב דיר דערצעהלט די מעשה מיט׳ן זיידען ע"ה, וואָס איז מיר געקומען צו חלום, האָסטו זיך אויסגעלאכט, און אז א גוי דערצעהלט דיר דאָרט א מעשה וועגען זיין טויטען זוהן, גלויבסטו שוין! פּאָלג מיך און קום בעסער מיט מיר אויף מיין יענער וועלט, וועסטו מעהר הנאה האָבען. פּאָרט צווישען אידען!

# אינטערוויו מיט'ן מלאך־המות.

געה איך מיר אזוי אום איבער דער קאכינגער, פערהאוועד־טער איסט־סייד, ערשט איך דערזעה מיט אמאל פאר מיינע אויגען א פיגור, וועלכע האט נאך איהר גאנצען אויסזעהן פון קאפ ביז די פיס געשיינט צו זיין דער מלאך־המות אליין.

צוערשט האב איך געוואלט מאכען פיס, ווי סתם א בן־אדם איז זיך נוהג, ווען ער דערזעהט דעם טויט פאר די אויגען. אבער דערזעהענדיג דעם בעל־דבר אהן געצייג, ד. ה. אהן דעם חלף, און יום־טוב'דיג אויסגעפוצט, האב איך געמאכט הארץ און בין צוגעגאנגען צו איהם, קלערענדיג, אז עס שאדט ניט צו כאפען מיט איהם אן אינטערוויו.

— ענטשולדיגט מיר! — האב איך זיך צו איהם גע־ווענדט, א טאפ טוענדיג פריהער דעם פולס, צו זעהן אויב איך בין ניט ביי איהם אין די הענט, — זיינט איהר דאס דער בעל־דבר, וועלכער מאכט אביסעל גערואמער אויף אונזער וועלט?

דער בעל־דבר האט קענטיג פערשטאנען מיין מליצה.

— יא, איך בין דאס! — האט ער געזאגט — דער מלאך המות, מיינט איהר דאך צו פרעגען? יא...

— וואו זיינען אבער אייערע געצייג און וואס געהט איהר עפעס אזוי יום־טוב'דיג אנגעטאן?

— איך האב מיר געמאכט יום־טוב פאר נויט, ברודער־קע! — האט ער זיפצענדיג געענטפערט, — ניטא קיין ארבייט!

ווייסט דאָך, די מלחמה האָט מיך כמעט אין גאַנצען פערטריי־
בען פון ביזנעס. גוואלד ווען וועט מען שוין שליסען פרידען?
נאָר, אַז פרידען איז וואָס? אין פרידליכע צייטען קומט מען
שוין אויך אוים אָהן מיר. שוין דאָ געגוג מלאכי־חבלה, וואָס
שטופען מיך אַרוים פון מיין פּראָפעסיע: אויטאָמאָבילס, עראָ־
פּליינס, סאָבמארינס, זיי לויפען דאָך אַזוי ווי די טייוואָלים!
ווער האָט דאָס גאָר כח צו לויפען? אַלט און שוואַך בין איך
שוין, און ביז איך קום זיך צושלעפּען מיט מיין אַלטע פערזשאַ־
ווערטע קאָסע, געפין איך שוין דעם רזשאַב אָפּגעטאָן...

— געהען, הייסט עס, אייערע ביזנעס שלעכט? — האָב
איך איהם אַ פרעג געטאָן, ניט מיט מיטלייד, נאָר גלאָט אַזוי
זיך.

— שייך שלעכט! שלעכט צו שלעכט איז ניט גלייך! אָט
איך נעהם, צום ביישפּיל, אַ טאָג מיין בוך און געה מיר אַרום
אָטענדען מיין ראוט ביי אייך אין ניו־יאָרק. דער ערשטער אויף
דער רייהע איז: מיסטער נעביכמאַן, אַ קלאָוק־מאַכער, דאַכט
זיך, אָדער אַן אַנדער צרה׳דיגער מאַכער. צו אַזוינע חברה, ווייס
איך, דאַרף מען זיך וואָס גיכער צואיילען: אַ סך בעלנים זיינען
אויף זיי פאַראַן. מיט עטליכע טעג פריהער האָב איך איהם גע־
שיקט אַ סאַמאָנס: „זיי, ברודערקע, גרייט!" אין זייט האָט
איהם גענומען שטעכען, דער אָטעם פערכאַפּען און נאָך דאָרטען
אַזוינע זאַכען. דאַכט זיך, גוט בעוואָרענט מיט איהם? און איך
האָב געמיינט, אַז ווען איך וועל דאַרפען קומען צו איהם, וועל
איך איהם טרעפען אין דער היים און נאָך אין בעט. ערשט איך
קום צו געהן — ניטאָ מיסטער נעביכמאַן! — וואו איז ער?—
אין שאָפּ אַוועק אַרבייטען: ווייב און קינדער בעטען עסען,
ניטאָ קיין צייט פאַר אַ קבצן צו קרענקען. לויף איך שוין אָהן
אַ נשמה אין שאָפּ אַריין: איך האָב מורא, אויפ׳ן וועג זאָל איהם
ביי מיר אַ קאַר ניט אַרויסכאַפּען, אָדער אַן אַנדער שוואַרץ
יאָהר. איך קום צו לויפען אין שאָפּ: וואו איז מיסטער נעביכ־

מאן ? — נישטאָ איהם ! אַז אומגליק האָט מיט דעם שלים־מזל געטראָפען: ווען ער איז אינדערפריה ארויף צו דער ארבייט, האָט ער זיך, דער שלים־מזל, אריינגערוקט צווישען עלעווייטער און דער וואנט. „אויף טויט ?" פרעג איך. — „אין האָספיטאל אָפּגעפיהרט, אין אַ בעוואוסטלאָזען צושטאנד", ענטפערט מען מיר. לויף איך שוין אַהין אַ נשמה אין האָספיטאל, אפשר וועל איך נאָך פערכאַפּען... קום אין האָספיטאל — מיין קאָסטימער איז שוין פּאַרטיג: ארויסגעדרעהט זיך פון מיינע הענט !

— נו, און ווי האַלט דאָס מיט די רייכע ? — האָב איך געפרעגט.

— מיט זיי איז אַן אנדער צרה. ווערען זיי ניט דער'הרג'עט א ו נ ט ע ר ' ן אויטאָמאָביל, ווערען זיי דער'הרג'עט א י ן אויטאָמאָביל. אָט האָב איך געדאַרפט צונעהמען אויפ'ן עולם האמת איינעם אַ מיסטער כאַפּמאַן, אַ מאַן שוין באַלד אַ בן־ששים מיט אייניקלעך. איך קום צו געהן, ניטאָ אין דער היים, וואו איז ער אַוועק, ווייסט מען ניט. געה איך ארוים איהם זו־כען, ערשט מען שרייט „עקסטרא !" קויף איך אַ פּייפּער, אהא ! מיין מיסטער כאַפּמאַן איז דער'הרג'עט געוואָרען אין אַן אוי־טאָמאָביל. איז נאָך ווייניג ער אליין, האָט ער נאָך מיט זיך גע־נומען אַ בילד־שעהנע מיידעל, זיין טייפּרייטערין, און זי איז אויך דער'הרג'עט געוואָרען ! צוויי קאָסטימערס מיט איין מאָל ! מען קען דאָך איינפאַך צופּלאַצט ווערען !

— נו, און וואָס זאָגט מען עפּעס דאָרטען אין פמליא של מעלה ? — האָב איך איהם אַ פרעג געטאָן, — קענט איהר גאָרניט בעטען קיין סיעתא דשמיא, מען זאָל אייך דאָרטען פון אויבען קומען צו הילף און פּראָטעקטען אייך געגען אייערע קאָנקורענטען ?

— וואָס פּראָטעקטען ? אַז דאָרטען ביי דער פמליא של מעלה, איז יענער מענש, דער וואָס שטאַרבט ניט דורך מיר, גאָר אַ גאַנצער יחסן ! אַלע אראלים און שרפים געהען איהם ארויס

אנטקעגען. א קליינינגקייט א קדוש! האסט געדארפט זעהן דעם פאראד, וואס מען מאכט דארטען פאר א קדוש!

— זעלבסטמערדער האט מען אבער יא געקענט פון אויבען אפהאלטען פאר אייך, זיי זאלען זיך פון אייערע הענט ניט ארויסדרעהען זיך?

— יא, וועגען דעם בין איך זיך שוין לאנג משתדל ביי דער פמליא של מעלה, זי זאל מאכען אזוי זיס דאס לעבען, אז מענ־שען זאלען ניט וועלען פון דעם אנטלויפען. נו, איז אבער גאר־נישט. דערווייל איז צרות. אז איך בין ביי אלעמען פערהאסט! ווען אייערע מענשען וואלטען געווען קליגער אביסעל, וואלטען זיי געדארפט מיר קומען צו הילף און זעהן, אז דער טויט זאל אויסשליסליך ליגען אין מיינע הענט. ווייבאלד, אז שטארבען מוז מען דאך, איז שוין בעסער פון מיין האנט, איידער דורך אן אנדער שווארץ־יאהר. איך האב נאך פונדעסטוועגען א ביסעל יושר, און פאר דער צייט וויל איך דאס רוב קיינעם ניט טשע־פען. איך בין א שטרענגער אנהענגער פון דער „מי בקיצו"־סיס־טעמע.

— העלפט מיר! — האט ער זיך געבעטען — זאל זיין אייער מאטא: שטארבען מיט'ן אייגענעם טויט!

# מיניאַטיורען.

**ער רעדט ווייסענשאַפטליך.**

ער איז אַ גוואַלדיגער פערעהרער פון דער וויסענשאַפט. ער וועט ניט ארויסלאָזען קיין וואָרט פון מויל, וואו ער וועט עס ניט אָפּוועגען אויף דער וואָגשאָל פון דער וויסענשאַפט.

איינמאָל האָט איהם די ווייב געשאָלטען מיט די ווערטער:

— אַ דונער זאָל דיך איינשלאָגען!

איז ער אַן אַנגעצונדענער געוואָרען, און האָט זיך מיט די קולאַקעס אויף איהר פערמאָסטען.

— זאָלסט מיר ווייטער אזוי ניט רעדען! — האָט ער אויף איהר אַ געשריי געטאָן און אַ טופּע געטאָן מיט די פיס.

האָט זי אויף צו־להכעיס נאָך אַ מאָל ווידערהאָלט די קללה.

— ס'איז ניט וויסענשאַפטליך! — האָט ער געשריען — לויט דער וויסענשאַפט קען נאָר דער בליץ מיך איינשלאָגען, ניט דער דונער...

און ער האָלט איהר אַ גאַנצע לעקציע, און דערצעהלט איהר אויך, אז וויסענשאַפטליך ע ס ט מען מילך, ניט מען ט ר י נ ק ט, ווייל מילך איז אַן עסען־זאַך, ניט קיין געטראַנק. זאָל זי עס געדענקען און ניט זאָגען „טרינק אַ גלאָז מילך“, נאָר „עס אַ גלאָז מילך.“

ענטפערט זי אויף דעם:
— נו, אויב אזוי וועסטו ביי מיר עסען א קדחת...

---

פּאַרוואָס ער מופט ניט.

איך מיין דאָ ניט אָנצוקלאָגען די קאַפּיטאַליסטישע געזעל־שאַפט, נאָר איך וויל דערצעהלען א פאַקט. און דער פאַקט איז אזא:

שוין א יאָהר פופצעהן אודאי, אויב ניט מעהר, ווי ער וואוינט אין דער זעלבער דירה.

שוין וויפיעל שכנים האָבען פון דאָרטען ארויסגעמופט, שוין וויפיעל לענדלאָרדס האָבען זיך געביטען, און ער וואוינט נאָך אלץ דאָרט.

— פאַרוואָס מופט איהר ניט? — האָב איך איהם איינ־מאָל א פרעג געטאָן.

ער האָט לאַנג געטראַכט, צי ער זאָל מיר אויסזאָגען, און ענדליך האָט ער זיך אָנגערופען:

— איהר זעהט אָט אָ דעם טיש? איהר זעהט אָט אָ די סאָפקע? איהר זעהט אָט דאָס בעט? איז, אז מען טשעפּעט זיי ניט, זיינען זיי אַלרייט; ווי מען וועט זיי אָבער א ריהר טאָן פון אָרט, אזוי זיינען זיי קאַפּוט.

אז איך האָב דעם פאַקט דערצעהלט א רייכען אידען, האָט ער א דרעה געטאָן דעם גראָבען ציגאַר צווישען זיינע צייהן, און האָט קאַלט א זאָג געטאָן:

— קען ער דאָך קויפען נייע מעבעל!

---

א קרבן פון סטאַטיסטיק.

סטאַטיסטיק איז זעהר א ניצליכע זאַך, ניט אפשר? סטאַ־טיסטיק העלפט פיעל דער אָרימער מענשהייט, ניט אפשר? אָבער הערט א געשיכטע:

איך געה אריין אין א הויז, דערוויס איך די באַלעבאָסטע אין טרויער.

— עפּעס געשעהן ?

די אָרימע זיפצט.

— וואו איז דער באַלעבאָס ?

— געשטאָרבען !

— פון וואָס ?

— פון סטאַטיסטיק.

איך דערמאָן זיך : ער איז, דאכט זיך, גאָרניט געווען קיין סטאַטיסטיקער, נאָר א פּליינער ארבייטער. דערצעהלט זי מיר דערנאָך, אז ער האָט געקראָנגען שווינדזוכט ביי דער ארבייט און איז געשטאָרבען. ס'איז אזאַ טרייד, וועלכער קען ארייטריבען א מענשען אין דער ערד.

— טאָ וואָס זשע זאָגט איהר, אז ער איז געשטאָרבען פון סטאַטיסטיק ? — האָב איך גע'טענה'ט.

— יאָ, — האָט זי געענטפערט, — ווייל די סטאַטיסטיק בעווייזט, אז ביי יענעם טרייד ווערען אזוי פיעל פּראָצענט שווינדזיכטיג, האָט זי דוקא מיין מאַן אריינגענומען צווישען די שווינדזיכטיגע. און אז ער איז שווינדזיכטיג געוואָרען, האָט זיך ווידער די סטאַטיסטיק אריינגעמישט און גענומען בעווייזען, אז אזוי פיעל און אזוי פיעל שטאַרבען פון די שווינדזיכטיגע און די איבעריגע ווערען געזונט. און זי האָט מיין מאַן אריינגערעכענט צווישען די וואָס דאַרפען שטאַרבען. און אזוי איז ער געשטאָרבען...

איך האָב איהר געוואָלט טרייסטען און בעווייזען, אז די סטאַטיסטיק וועט פיהרען צו דער פערקלענערונג פון קראַנקהייטען און פריהצייטיגע טויטען און אז. וו.. אָבער די אומגליקליכע האָט געבראָכען מיט די הענט און גע'טענה'ט :

— אָבער וואָס האָט די סטאַטיסטיק צו מ י י ן  מ א ן געהאָט ?

זיך ניט געקאָנט דערוואַרטען.

רעדענדיג פון קראַנקהייטען און טויט.

אַמאָל איז איינער קראַנק געוואָרען, האָט מען איהם אַזוי לאַנג געהיילט, ביז ער איז געוואָרען אומהיילבאַר, און צו אומ־היילבאַרקייט, ווייסט איהר דאָך וואויל, איז קיין שום רפואה ניטאָ.

איז פאַר איהם נאָר איין טרייסט געבליבען: אַזוי ווי די מענשהייט שטעהט דאָך ניט אויף איין אָרט און זי האַלט אין איין פּראָגרעסירען, וועט זי פאַר זיין קראַנקהייט סוף כל סוף אויך געפינען אַ רפואה.

די קראַנקהייט האָט איהם אָבער זעהר אָפּגעשוואַכט, האָט ער ניט געקענט נאָכיאָגען די אַלץ אימער פּראָגרעסירענדע מענשהייט, וועלכע האָט געשפּרייזט מיט געוואַלדיג־גרויסע טריט. האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אין „לאַין" צו וואַרטען אויף זיין ישועה צוגלייך מיט אַלע ליידענדע. ער האָט זיך אָבער לאַנג ניט געקענט האַלטען אויף זיינע שוואַכע פיס, און ער האָט זיך גע־מוזט צולעגען אין בעט.

איך בין מעהר ווי זיכער און אני מאמין באמונה שלמה, אַז אין אַ הונדערט יאָהר אַרום וועט זיך צו זיין קראַנקהייט גע־פינען אַ רפואה. אָבער ער האָט אַזוי לאַנג ניט געקענט וואַרטען, און איז נעביך געשטאָרבען.

---

פון איין קוואַל.

צוויי שרייבער זיינען זיי געווען און ביידע האָבען אין איין נוסח געשריבען, אַזוי, אַז מען פלעגט ניט וויסען, ווער איז ווער, כאָטש זיי זיינען ניט געווען קיין צווילינג, און אפילו ניט קיין קרובים.

האָט זיך צווישען זיי אָנגעהויבען אַ מחלוקה: ווער איז דער אָריגינעלער און ווער דער נאָכמאַכער? נאָר ווי גאַנאַל׳ס

צוויי פארשוינען באבטשינסקי און דאבטשינסקי; ווער האט דער ערשטער — „עה" געזאגט?

די מחלוקה האט זיך אזוי צופלאקערט, אז עס איז זאגאר געקומען צו פעטש און צו אן עהרענגעריכט. האט מען געמאכט א חקירה ודרישה, און מען האט אויסגעפונען, אז ניט אונזער באבטשינסקי האט נאכגעמאכט אונזער דאבטשינסקי'ן, און ניט אונזער דאבטשינסקי האט נאכגעמאכט אונזער באבטשינסקי'ן, נאר אז זיי האבעןביידע געשעפט פון איין פרעמדען קוואל — נאכגעמאכט א דייטשען שרייבער, און דערפאר די עהנליכקייט.

איז אבער דאן ענטשטאנען אן אנדער פראגע: ווער האט דער ערשטער געלייענט יענעם דייטשען שרייבער?

---

אין פופציג יאהר ארום.

אין פופציג יאהר ארום, אז איך וועל לעבען, וועט מיין קליין אינגעלע, וועלכער איז ערשט דריי יאהר אלט און פערשטעהט דערפאר ניט, אז ער לעבט אין א היסטארישער צייט, צו מיר אזוי זאגען:

— איך בין דיר מקנא, פאפא, וואס דו האסט געלעבט אין אזא היסטארישער צייט! אך, ווי שעהן עס האט געמוזט זיין פון דער נאהענט יענע צייט!

און איך זאג צו איהם איצט, אין רעכטען מיטען פון דער היסטארישער צייט, אין וועלכער מיר אלע האבען די זכיה צו לעבען:

— מיין ליב קינד! ווי מקנא איך בין דיר, וואס דו וועסט לעבען אין פופציג יאהר ארום בעת די היסטארישע צייט וועט שוין זיין היסטאריע! אך, ווי שעהן זי וועט אויסקוקען פון דער ווייטענס!

ער וועט זעהן מלאכים, דא וואו איך זעה בלויז מענשען...

---

### די טאַטעס און די פּאַפּעס.

רעדענדיג וועגען מיין קליין אינגעלע:

ער רופט מיך „פּאַפּאַ“. איך רוף מיין פאָטער „טאַטע“.

ווי געוואָלט וואָלט איך, אַז אויך איך זאָל זיין אַ „טאַטע“. ניט קיין „פּאַפּאַ“!

די קייט פון די טאַטעס רייסט זיך איבער, און עס נעהמט זיך פלעכטען אַ נייע קייט — אַ קייט פון פּאַפּעס.

און ערלויבט מיר ראָמאַנטיש צו ווערען, און צו קלאָגען אויפ'ן אונטערגאַנג פון די טאַטעס.

די מאַמעס האָט גראָד די צייט געשאָנעוועט. בלויז אַ קליי־נינקע אָפּעראַציע האָט די צייט אויף זיי געמאַכט, און זיי האָ־בען זיך געראַטעוועט: פון „מאַמע“ איז געוואָרען „מאַמאַ“. ניט אַזוי גרויס דער ווערהטאָג.

און מיין קינד רייצט זיך מיט מיר, וואָס איך האָב נאָר אַ מאַמאַ, אָבער ניט קיין פּאַפּאַ, כאָטש איך האָב אַ טאַטען ביז הונ־דערט און צוואַנציג יאָהר.

---

### צווישען די שורות.

פאַראַן לעזער, וואָס עס איז זיי ווייניג די וועלט: וויפיעל שורות דער שרייבער זאָל זיי ניט אָנשרייבען, ווילען זיי נאָך אַלץ זוכען צ ו ו י ש ע ן די שורות — זיי האָבען ליב צו לייענען צווישען די שורות.

דאָס נעהמט זיך פון דעם מענשען'ס תאוה צו נאַקעטקייט.

די שורות זיינען פאַר יענע לעזער די קליידער, וואָס בעדע־קען דאָס נאַקעטקייט פון דעם שרייבער, און עס דוכט זיך זיי אויס, אַז דאָס נאַקעטקייט גופא געפינט זיך צ ו ו י ש ע ן די שורות, טוען זיי אָן, די בעלי־תאוה'ניקעס, די גייסטיגע ברילען און זוכען און נישטערן צווישען די שורות...

יאַ, שורות, ווי פרויען־קליידער, רייצען די פאַנטאַזיע פון דעם זינדיגען מענשען.

פארוואס זאָל אבער דער שרייבער שרייבען אויך צווישען די שורות, ווען מען צאָהלט איהם בלויז פאַר די שורות?

---

פראָ־בלעם.

רעדענדיג פון לעזער:

עס איז געוועזען אמאָל אַ לעזער, דוקא ניט קיין עם הארץ, און דאָס איז זיין אומגליק געוועזען.

לייענען ווי עס שטעהט געשריבען, איז איהם ניט אנגעשטאנען, האָט ער דוקא געלייענט אנדערש, ווי אַלע. אַזאַ איינגעשפארטער איז דאָס געוועזען! האָט זיך געגרויסט מיט זיינע קענטעגישען, מיט זיין לומדות.

און דאָס איז געוועזען אין די צייטען פון פראַ־דייטשען און פראַ־עליים, האָט איהם דער „פראַ" גענומען רייסען די אויגען, אזוי, אַז אַ פראַ־אדם איז פאַר איהם געוואָרען אַ פראַ־אדם.

האָט זיך איינמאָל געמאכט, אַז ביים זעצער האָט זיך אויף איין שורה ניט אויסגעשטעלט דאָס וואָרט „פראָבלעם", האָט ער עס צוטיילט, און האָט איבערגעלאָזען „פראַ" אויף איין שורה און „בלעם" אויף דער אנדערער.

האָט עס יענער לעזער איבערגעלייענט און פון „פראָבלעם" איז ביי איהם געוואָרען „פראַ־בלעם". איהר ווייסט דאָך „בלעם מיט'ן גרויסען מויל"?

און ווען ער האָט זיך מיט איינעם צוקריעגט, האָט ער אויף איהם אַ געשריי געטאָן:

„דו ביסט אַ פ ר אַ ־ ב ל ע ם!"

---

דער טויט.

שוין פון אַ צייט, ווי דער טויט זוכט מיך צו פערנארען אין זיין תכריכים־נעץ.

ער זאָגט מיר צו כל הגליקען אויף י ע נ ע ר וועלט, אבי איך זאָל איינשטימען צו פערלאָזען ד י וועלט.

ער זאָגט מיר צו אַ שעהנע לויה מיט צוועלף קערידזשעס (אַזויפיל האָט זיך ביי איהם ארויסגערעדט!), טייכען טרערען, הספדים און נעקראָלאָגען, קדיש פאַר מיין עלית־נשמה, יאָהר־ציי‌טען געפייערט מיט פּראַכט און גלאַנץ, און אייביגען אָנדענקען אין הערצער, וועלכע קלאַפּען גראַד ניט אייביג, אומשטערב־ליכקייט א. אַז. וו.

ער ווייסט די מענשליכע שוואַכקייט פאַר צערעמאָניעס.

איך אָבער וויל זיך ניט לאָזען פאַנגען אין זיין נעץ. איך ער־קלער איהם, אַז דאָס לעבען איז צו שעהן, אום איך זאָל עס פער־לאָזען.

— אַזוי? דאָס לעבען איז צו שעהן זאָגסטו? — רופט ער זיך אָן, טייוולאָניש־שמייכלענדיג — נו, וועל איך עס מיאוס מאַכען, אַז דו וועסט שוין ניט האָבען וואָס צו זשאַלעווען...

און ער האָט מיר גענומען פער'מיאוס'ען דאָס לעבען...

---

ווי צו טרויערען.

זאָגט איינער אַ פּראַקטישער, אויסגערעכענטער מענש פון די מענשען, וועלכע לעבען מיט אַ חשבון כדי צו שטאַרבען מיט אַ צייט:

נאַטירליך, מוז אַ מענש טרויערען, ווען עס קומט אויף איהם אַ גרויסער בראָך. אָבער ער מוז עס טאָן מעשה ציוויליזירטער מענש, עס זאָל ניט שאַדען צו זיין געזונד, צו זיין בע־קוועמליכקייט, ניט מעשה באַרבאַר: רייסען אויף זיך די ערשט פּערקעמטע האָר, די אָקאָרשט אויסגעפּרעסטע קליידער, שיטען אַש אויפ.ן נאָר־וואָס געהערטאָניקטען קאָפּ א. אַז. וו.

דאָס טרויערען דאַרף זיין היגיעניש, עסטעטיש א. אַז. וו.

דער טרויער דאַרף זיך אָנהויבען אַ צוויי שטונדען נאָך אַ גוטען מאָלצייט, כדי צו געבען דעם עסען צייט איבערצוקאָכען אין מאָגען.

דער טרויער טאָר ניט זיין זעהר טיף, ווייל א טיפער טרויער איז צו שעדליך פאר'ן געזונד. און אזוי ווי מיר לעבען אין א דור פון וויסענשאפט, קאָנען מיר ערפינדען אן אינסטרומענט אזא אויף צו מעסטען די טיפקייט פון דעם טרויער, אזוי ווי עס איז דא אן ערך אן אינסטרומענט אויף צו מעסטען די טיפקייט פון ים. א האלבער אינטש די טיף איז די והותר, ווי טייער עס זאָל ניט זיין דער מענש, נאָך וועלכען מיר דארפען טרויערן.

קריעה רייסען איז ערלויבט, אָבער מען דארף פאר דעם אויסקלייבען אן אלט רעקעל: דאָס נייע איז אן עבירה.

אזוי הייסט טרויערען איינער א פראקטישער, אויסגערעכענטער מענש פון די מענשען, וועלכע לעבען מיט א חשבון, כדי צו שטארבען מיט א צייט...

---

אידענטיפיקאציאָנס־קארטע.

מוסר'ט מיך א פריינד:

סטייטש, ווי אזוי געהט דאָס אום א מענש אהן אן אידענטיפיקאציאָנס־קארטע צווישען אזוי פיעל אויטאמאבילען און אנדערע געפאהרען?

א צוויליזירטער מענש דארף ביי זיך תמיד טראָגען אן אידענטיפיקאציאָנס־קארטע מיט'ן בעוואוסטען נוסח: פלוני בן פלוני... אין פאל פון טויט לאָזט וויסען דעם און דעם...

מען דארף תמיד זיך ריכטען אויפ'ן טויט. ווי מען טרעט אריבער די שוועל פון הויז, מעג מען זיך ריכטען, אז מען וועט צוריק ניט קומען. על כן טאָר מען פון הויז ניט ארויסגעהן אהן אן אידענטיפיקאציאָנס־קארטע.

מאלע וואָס, מען קאָן אזוי צוריבען און צומאלען ווערען, אז מען זאָל א פנים פון א מענשען ניט דערקענען, און אוועקגעהן אויף יענער־וועלט ווי א בראָדיאגע, אהן א פאספארט...

א מענש טאָר ניט אומגעהן אהן אן אידענטיפיקאציאָנס־קארטע צווישען אזוי פיעל עקסידענטס.

און מיין פריינד ראט מיר צו בעוואָרנען זיך וואָס שנעלער מיט אן אידענטיפיקאציאָנס־קאַרטע, קיין מינוט ניט צו פער־לירען.

— און טאָמער חלילה וועט דיר בעשערט זיין פערברענט צו ווערען, — וואָרענט ער מיך, — זאָלסטו די ערשטע זאך זעהן צו ראטעווען די אידענטיפיקאציאָנס־קאַרטע... ס'איז זעהר וויכטיג! א כפרה דאָס לעבען, אבי די אידענטיפיקאציאָנס־קאַרטע גערעטעוועט...

---

צוויי בעקליידער.

אמאָל זיינען געווען צוויי ברידער, ביידע בעקליידער: איי־נער האָט בעקליידט מענשען, דאָס הייסט, ער איז געווען דאָס וואָס מען רופט א שניידער, און דער צווייטער האָט בעקליידט אן אמט, דאָס הייסט ער איז געווען דאָס וואָס מען רופט „דיע־נער פון פאָלק“, כאָטש בעצם איז ער געווען גרעבער פון פאָלק.

מיר זאָגען „ער האָט בעקליידט אן אמט“ ניט דוקא צוליב דעם וואָרט־שפּיל, נאָר ווייל ער אליין, אום צו פערשטאַרקערען זיין אויטאָריטעט, האָט געשפּראָכען דייטש, וואָס ער האָט גע־נאָשט פון דער אידישער ביהנע.

נאָר ווי די מעשה זאָל ניט זיין — דער ברודער, וואָס האָט בעקליידט דעם אמט, האָט בעסער אויסגעמאַכט, ווי דער ברו־דער, וואָס האָט בעקליידט די מענשען, ווייל איהר דאַרפט וויסען, אז אן אמט איז פיעל דאַנקבאַרער ווי א מענש. אן אמט זעהט גוט צו בעצאָהלען זיין בעקליידער, אבער ניט אזוי איז דער מענש.

דאַרף איך נאָך אייך ברענגען ראיות, אז צו זיין א גאָ־ווערנאָר, למשל, איז בעסער ווי צו זיין א שניידער, כאָטש דער גאָווערנאָר נעהמט ניט מעהר ווי צעהן טויזענט טאָלער א יאָהר?

---

און נאָך אַ מעשה וועל איך אייך דערצעהלען וועגען אַנ־דערע צוויי ברידער.

אויך זיי זיינען אמאָל געווען, ווי די טבע איז פון אַ מעשה צו דערצעהלען.

האָט זיך איין ברודער פערזינדיגט געגען דער נאַטור — (זיך איבערגעגעסען אָדער ניט דערעסען — דער גוטער יאָהר ווייסט איהם!) און איז קראַנק געוואָרען, און דער צווייטער ברודער האָט זיך פערזינדיגט געגען געזעץ און האָט גע׳הרג׳עט אַ מענשען — דאָס ערגסטע, וואָס מיר קענען זיך פאָרשטע־לען.

זיינען ביידע ברידער פערֹאורטיילט געוואָרען צום טויט: דער וואָס האָט געזינדיגט געגען דער נאַטור, איז פערֹאורטיילט געוואָרען פון אַ דאָקטאָר, און דער וואָס האָט געזינדיגט געגען דעם געזעץ, איז פערֹאורטיילט געוואָרען פון אַ ריכטער.

אזוי ווי דער דאָקטאָר איז אַ זעלבסטהערשער, האָט ער מיט זיין אייגענעם כח פערֹאורטיילט זיין קרבן. דער ריכטער האָט זיך אָבער געפיהרט דעמאָקראַטיש, האָט ער פערֹאורטיילט זיין קרבן מיט דער הילף פון פאָלק — פון אַ דזשורי.

האָט דער מעדיציניש־פערֹאורטיילטער געוואַרט און גע־וואַרט אויף זיין טויט, און דער טויט איז ניט געקומען. איז דער פערֹאורטיילטער נעגאַנגען אַלע טאָג צום דאָקטאָר מאָנען דעם טויט און דער דאָקטאָר האָט גענומען אַ טאָלער צי צוויי, און גאָרנישט. ניטאָ קיין טויט!

און דער געזעצליך־פערֹאורטיילטער איז געשטאָרבען אויפ׳ן עלעקטרישען שטול זעקס אַ זייגער פאַרטאָג, דעם 20טען יאַנו־אַר, אזוי ווי דער ריכטער האָט געזאָגט. אַ קונץ געווען צו טרעפען!

דעמאָקראַטיע האָט געזיגט!

---

אמאל, אין צייטען פון יקרות און עקאנאמיע, האט מען גע־נומען פינף מענשען און זיי אוועקגעזעצט אויף א דיעטע פון קובעבע מיט לאקריץ, כדי צו בעווייזען, אז מענשען קענען אויך לעבען פון קדחת מיט כשר'ע פאדים, אבי זיי זאלען ניט בעטען קיין גרעסערע שכירות און ניט בעקלאגען זיך אויפ'ן יקרות.

זיינען פיער פון די פינף געוועזן ניט קיין נאראנים און נאך יעדען מאלצייט פון קובעבע מיט לאקריץ האבען זיי אריינגע־ריבען א פונטיגען סטייק כדבעי. אבער דער פינפטער האט גע־וואלט עהרליך דיענען דער עקספערימענטאלער וויסענשאפט, האט ער נאך די קובעבע מיט די לאקריץ גארנישט גענעסען.

און אלע טאג האט מען די פינף מענשען געוואויגען, און מען האט ממש געזעהן, אז די דיעטע טוט אויף וואונדער: אלע פינף צוזאמען געווינען אין וואג, מעהר נישט דער פינפטער, דער יאלד, איינער אליין קומט אפ פון טאג צו טאג.

פיער וואכען האט מען די פינפען אזוי געקארמעט מיט קובעבע און לאקריץ, דערנאך האט מען פערעפענטליכט די רע־זולטאטען, וועלכע האבען געלויטעט, אז די פינף מענשען האבען געוואונען דרייסיג פונט פון קובעבע מיט לאקריץ, וואס דאס מאכט אויס צו זעקס פונט אויף א מענשען, מעהר נישט איינער פון די פינף האט פערלארען צוואנציג פונט.

דער עקספערימענט מיט דער דיעטע האט זיך ארויסגעווי־זען זעהר צופרידענשטעלענד: פון קובעבע מיט לאקריץ גע־ווינט מען זעקס פונט אין פיער וואכען!

---

„קום צו זיי!"

מיין כאנדריקעווער לאנדסמאן, דער אייראפּעער, האלט, אז גאר דאס גאלד איז ביי די אומות העולם, אפילו ביי די בול־גארען, און ביי אונז איז דורכאויס פסולת.

ביי זיי איז ליטעראטור, ביי זיי איז פילאזאפיע, ביי זיי איז קונסט, ביי זיי איז פאליטיק, ביי זיי איז... א. אז. וו.

וואס זשע, אידען קענען שרייבען? אידען קענען דענקען? אידען קענען מאלען, זינגען, שפילען א. אז. וו.?

אך, ביי זיי!

— וואס ליענסטו דא איז געמייזעכץ? — טענה'ט ער צו מיר, — קום צו זיי, וועסטו זעהן א בראנדעס, א בערגסאן, אן איזראעלס, א מארקס, א לאסאל, א זאנענטאל, א רובינשטיין, א דיזראעלי, אן אנטאקאלסקי, א היינע! אך, קענען זיי! וואס זשע, אונזערע אידען קענען עפעס? קום צו זיי!

אבי אונזערע נאציאנאליסטען האבען ליב פירצוהאלטען בראנדעס'ן, בערגסאנ'ען א. אז. וו., פארוואס זיינען נים ביי אונז! ווען זיי בלייבען חלילה מיט אונז, וואלט מיין כאנד־ריקעווער לאנדסמאן דער אייראפעער זיי זיכער נים אנערקענט.

---

די טראגעדיע פון אן אנארכיסט.

שעקספיר האט אפילו געזאגט, אז א נאמען איז נאר־נישט. קענט איהר אבער זיך פארשטעלען די טראגעדיע פון אן אנארכיסט, וואס טראגט אזא נאמען ווי „גאטליב“?

ער, דער פערברענטער אנארכיסט, דער פריידענקער, דער אפיציעלער גאט־פאיטער, זאל טראגען אזא בארבארישען נאמען ווי „גאטליב“!

זיינע פאנאטישע עלטערן האבען עס איהם זיכער אפגע־טאן!

א, וויפיעל שמערצען דער נאמען האט איהם פערשאפט! ווי ווערט מען פטור פון אזא פערפלוכטען נאמען?

— ווענדט זיך אין קאורט, — האב איך איהם געראטען,— קאורט וועט אייך ערלויבען איבערצובייטען דעם נאמען.

— ווענדען זיך אין קאורט! — איז ער אן אנגעצונדענער געווארען, — דאס הייסט, איהר פערלאנגט פון מיר נים מעהר

און ניט װעניגער, אז איך זאָל אנערקענען איבער זיך די אױ־טאָריטעט פון דעם פערפלוכטען געזעץ, װעלכער איז ביי מיר ניט װעניגער פערהאסט װי די פערפלוכטע רעליגיאָן! נאָו סער!

װאָלט ער איגנאָרירט דאָס געזעץ און אָהן זיין ערלױבניש זיך גענומען אַן אנדער נאָמען. איז ער אָבער אַ לענדלאָרד און עס מאַכט זיך אַמאָל, מען דאַרף אַ טענאַנט מאַכען צו מופען און ער מוז זיך װענדען אין קאָורט און אָנגעבען דעם אמת׳ן נאָמען.

---

דער מענש מיט׳ן קאָמערטאָן.

רעדענדיג פון מענשען, װאָס לעבען מיט חשבון און פיהרען זיך נאָך בעשטימטע כללים:

ס׳איז געװען איינער אַזאַ, גראָד אַ זינגער נאָך דער פּראָ־פעסיע, און אין דער גרעסטער געפאַהר, אין דער גרעסטער קאַ־טאַסטראָפע האָט ער ניט פערגעסען, אַז ער איז אַ זינגער און אַז ער האָט אַ שטימע, װעלכע ער דאַרף זעהר אָפּהיטען און צו־ליב װעלכער נעבעך ער מוז גיסען אין האַלז אריין גאָגעל־מאָגעלס.

אַלס זינגער, האָט ער נאַטירליך מיט זיך שטענדיג ארומ־געטראָגען אַ קאָמערטאָן.

איז ער איינמאָל פארביי געגאנגען אַ פּלאַץ, װאו אַן אומ־גליק האָט פּאַסירט און ער איז אַליין בכח ניט געװען צו העל־פען, האָט ער געדאַרפט רופען נאָך מענשען צו הילף.

„ראַטעװעט!" — האָט ער געװאָלט אַ געשריי טאָן, אָבער ער האָט זיך גלייך דערמאָנט, אַז אַחוץ אַ מענש איז ער אױך אַ זינגער מיט פליכטען צו זיין שטימע, און אַז ער האָט אַ קאָ־מערטאָן אין קעשענע, האָט ער ארױסגענומען דעם קאָמערטאָן און גענומען מעסטען די טענער — אױף װעלכען טאָן ער זאָל רופען צו הילף.

און ביז װאַנען ער האָט דעם ריכטיגען טאָן געפונען, איז שוין די הילף געװען צו שפּעט.

אין א צייט ארום האט מיט איהם אליין געטראפען אן אומגליק: ער האט זיך געטרונקען באדענדיג אין טייך, און ניט האבענדיג ביי זיך דעם קאמערטאן, האט ער ניט געוואלט פטר'ען די שטימע, אום צו רופען נאך הילף, און אזוי איז ער דערטרונקען געווארען. אבי די שטימע ניט גע'פטר'ט...

---

**יעדער מיט זיין גאט.**

א ביטערער קאמף געהט אן צווישען דעם זיידען מיט'ן אייניקעל — א קאמף איבער א ווארט.

דער זיידע זאגט: „גאט", דער אייניקעל — „שיקזאל".

דער זיידע זאגט: „מיר זיינען ביי גאט אין די הענט", דער אייניקעל — „מיר זיינען ביים שיקזאל אין די הענט."

דער זיידע בעט זיך ביים אייניקעל: „ווען דו זאגסט, אז דער מענש איז ביי זיך אליין אין די הענט, וואלט איך דיר מיין גאט ניט אנגעבונדען; אבער אז דו גי'סט זיך איבער סאי־ווי־סאי אין אן אנדערענ'ס הענט, טא וואס ארט דיר, אז דו וועסט דעם אנדערען רופען גאט, ניט שיקזאל?"

ענטפערט דער אייניקעל: „איך בין א פראגרעסיווער מענש, א פריידענקער, קאן איך ניט דיענען צו דיין גאט. איך מוז דיענען צו דעם שיקזאל."

און אזוי דיענט יעדער צו זיין גאט, און דער זיידע ווערט פערפאלגט פון זיין גאט, און דער אייניקעל — פון זיין שיקזאל. וואס איז די נפקא־מינה?

# אינהאלט

## סקיצען און בילדער



## הומארעסקעס און פעליעטאנען

זייט

